נחום ילד

# געבענטשטע שעה

ל י ד ע ר

ניו־יאָרק 1973

# THE BLESSED HOUR

## (Poems)

by NOCHUM YOOD



שער-בלאַט פון ע. מ. ווייטער

Printed in U. S. A. by
KNIGHT PRINTING CORPORATION
382 Lafayette Street, New York, N. Y. 10003
96

# PREFACE

Subsequent to the publication of three volumes of his poetry, my cousin Nochum planned one additional volume. It was his desire to bequeath to the "Yiddish Folk" a legacy reflecting his life's work.

Prolonged illness, however, and the diminution of energy concomitant with advancing age made it impossible to fulfill his last project.

Prior to his passing he had begun the final selection and editing of a small part of his manuscript. After his death a preliminary inspection revealed that it was far from ready for publication.

Mr. Jacob Birnbaum undertook the task of selecting and further editing the text. Mr. Harry Kupferstein, of Knight Printing, went to great pains in helping to plan and produce the work. My son, Chaim, assumed the responsibility for supervising the activity through the stages of publication.

I am deeply grateful to the aforementioned for all their assistance in my endeavor to discharge one final obligation to my beloved cousin.

*Celia Jerum Rogoff*

Bayside, New York
March 5, 1973, 1 Adar 5733 (7 years to the day of his death)

# אַ וואָרט צו דער אויסגאַבע

דער דאָזיקער באַנד איז אַ זאַמלונג פון כמעט אַלע לידער און משלים — אָריגינעלע און איבערגעזעצטע — וואָס נחום יוד ע״ה האָט במשך פון זיין לעבן פאַרעפנטלעכט אין דער יידישער פּרעסע איבער גאָר דער וועלט, און בעיקר אין דער טאָג־צייטונג פאָרווערטס, וואו ער איז עטלעכע צענדליק יאָר געווען אַן אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער.

דער מאַנוסקריפּט, לויט וועלכן די דאָזיקע אויסגאַבע ווערט געדרוקט, איז באַשטאַנען דורכאויס פון צייטונגס־אויסשניטן. זאַכן, וואָס זיינען קיין מאָל ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן, קומען אין דער דאָזיקער זאַמלונג ניט אַריין.

מחמת דער פּאָעט האָט, זעט אויס, געפילט אַז דאָס איז זיין לעצטע זאַמלונג האָט ער אין איר אויך אַריינגענומען זיינע גאָר ערשטע לידער. בשעתו האָט ער זיי אין זיינע פריערדיקע ביכער ניט איינגעשלאָסן. אויב אַזוי, קען מען ווייזט אויס, זאָגן אויף זיכער, אַז דאָ איז גאַנץ נחום יוד אין ליד און אין משל.

אין דער ערשטער סטאַדיע פון דער אַרבעט אויף צוצוגרייטן דעם באַנד צום דרוק האָט נאָך באַוויזן זיך צו באַטייליקן דער מחבר אַליין, בייגעהאָלפן האָט אים אין דעם זיין פריינד, דער פּאָעט לייב וואַסערמאַן, און ווי אַ טעכנישער בעל־יועץ דער דרוקער הערש קופּפערשטיין. זיי ביידע פאַרדינען אַ וואַרעמען יישר־כוח.

די אויסגאַבע פון אָט דער זאַמלונג איז דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנק נחום יודס קוזינע פרוי ס. י. ראַגאָף און איר זון חיים. זיי קומט אַ באַזונדע־רער יישר־כוח.

* * *

ווי דאָס רוב יידישע שרייבער האָט אויך נחום יוד אָנגעהויבן צו שרייבן ניט אויף יידיש. זיינע ערשטע לידער האָט ער געשריבן אין רוסיש.

צו יידיש איז ער איבערגעגאַנגען אין 1913. זיין אינטערעס צו רוסיש האָט ער אָנגעהאַלטן זיין גאַנץ לעבן. ער האָט אַ סך איבערגעזעצט פון דער רוסישער פּאָעזיע, בעיקר די משלים פון איוואַן קרילאָוו. קרילאָווס פּרוכ־טיקע השפּעה זעט זיך שטאַרק אָן אויף נחום יודס אָריגינעלע יידישע משלים. די קרובהשאַפט צווישן קרילאָוון און נחום יוד איז אַזוי גרויס, אַז צייטנווייז ווערט אָפּגעווישט די גרענעץ צווישן זיי און ס׳איז שווער צו משפּטן וואו ס׳ענדיקט זיך די איבערזעצונג און וואו ס׳הייבט זיך אָן דער אָריגינאַל.

די רוסישע השפּעה, אַז מע זאָל ריידן אין ברייטן זינען, איז בולט

ניט נאָר אין זיינע משלים, נאָר אין זיין גאַנצן פּאָעטישן שאַפן. אין זיין פּאָעזיע פילט זיך דער פרישער אָטעם פון דער רוסישער רחבות, די גראָזן און דיביימער, די ווינטן און די שנייען, וואָס זיינען רוסיש און רוסיש, אַנדערש ווי ערגעץ אַנדערש וואו.

נחום יוד איז אָבער אַ ייד, אַ רוסישער ייד און די צווייאיקייט איז דער כאַראַקטער־שטריך פון זיין גאַנצער פּאָעזיע.

נחום יוד איז אין זיינע שפּעטערדיקע יאָרן ניט געווען אין גאַנצן פרעמד דעם נוסח אַמעריקע — אַמעריקאַנער ליטעראַטור און מער פון אַלץ אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער — אָבער דאָך מיט זיינע פּאָעטישע וואָרצלען איז ער געבליבן שטעקן אין די ליטעראַרישע טראַדיציעס פון דער רוסישער פּאָעטישער קולטור. דאָ קען מען אָנרופן פעטן, נעקראַסאָוון, צוריקגייענדיק אַפילו צו ניקיטינען און קאָלצאָוון און צו דער רוסישער בילינע.

אין נחום יודס פּאָעזיע פילט זיך אויך די געזונטע השפעה פון דער יידישער פּאָעזיע — פון ש. פרוג, אַברהם רייזען, דוד אייגהאָרן א״אַ. השפעה מיינט ניט גראַדע נאָכמאַכונג. דאָ מיינט עס גיכער שותפותדיקייט, דאָס זינגען אין איין קול — צוזאַמענזינג, וואָס שליסט ניט אויס זעלב־שטענדיקייט.

נחום יוד האָט די ערשטע יאָרן געשריבן אויף רוסיש. ווען מע לייענט אים קריטיש זעט מען ווי פון ליד צו ליד ווערט ער יידישער און פאָלקי־שער, אָדער פאָלקסטימלעכער, ווי מע זאָגט אַפּטער.

אין זיינע קינדער־לידער איז דאָ אַ ליד „ווינטער־אָוונט״ (ז׳ 345) — אַ פּושקיניש ליד, דער זעלבער סיוזשעט, אַפילו דער נאָמען פונעם ליד איז דער זעלבער. אָבער ווי אַנדערש איז עס. ווי אויסגערויכערט איז דאָ געוואָרן דער „רוסקי דוך״ (רוסישער גייסט)!

דאָס זעלבע קען מען אויך זאָגן וועגן נחום יודס משלים.

נחום יודס פּאָעזיע איז אין תוך עלעגיש. זיין טרויער איז אָבער לויטער און דערלייכטערנדיק. דאָס איז אַ טרויער וואָס דערדריקט ניט, נאָר וואָס פרישט אָפּ דאָס געמיט ווי אַ טרער פון געגעזונג. אַזעלכע לידער ווי „ערד״, „שטילקייט״, „די געבענטשטע שעה״ און אַ סך אַנדערע זיינען פּאָעזיע פון ריינעם גאָלד.

גאָר צוציענדיק אין דער דאָזיקער אויסגאַבע איז די אָפּטיילונג פון דער קינדער־פּאָעזיע „יינגעלעך און מיידעלעך״. דער יונגער לייענער וועט לסוף האָבן די מעגלעכקייט צו געניסן פון אמתער קינדער־פּאָעזיע, מיט וואָס אונדזער ליטעראַטור איז לעצטנס אַזוי אָרעם.

דער לייענער, באַזונדערס דער אַמעריקאַנער, וועט פון אָט דער זאַמלונג זיך אויך באַקענען מיט אַ צאָל וועלט־פּאָעטן, באַזונדערס פון דער רוסישער ליטעראַטור.

אַזוי אַרום, האָט פאַר זיך דער לייענער אַ זאַמלונג וואָס איז פול־זשאַנערדיק און ניט־ווייניקער פילפאַרביק.

דאָס איז — נחום יוד.

**י. בירנבוים**

# נחום יוד

**(1טן אויגוסט 1888—19טער פעברואַר 1966)**

געבוירן אין באָבער, מאָהילעווער גובערניע, ווייסרוסלאַנד, אין אַ מיוחס־דיקער משפחה. זיין אמתער פאַמיליע־נאָמען איז יערוסאַלימטשיק. האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג. דעם גימנאַזיע־קורס דורכגעמאַכט עקסטערן. די ערשטע לידער געשריבן אויף רוסיש. מיט יידישע לידער זיך באַוויזן אין דרוק אין זאַמלבוך ניסן, וואַרשע, 1913.

סוף 1916 געקומען קיין אַמעריקע. האָט זיך באַטייליקט מיט לידער און משלים אין פאָרווערטס, צוקונפט, דער פריינד, דער קונדס, שריפטן, טאָג, אויפבוי, קינדערצייטונג א״אַ יידישע אויסגאַבעס איבער גאָר דער וועלט. אין משך פון צענדליקער יאָרן, ביזן סוף פון זיין לעבן, געווען אַן אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער פון דער טאָגצייטונג פאָרווערטס אין ניו־יאָרק.

אַרויסגעגעבן ביכער: **פאַבלען** 1918 (אַן אַנדער אויפלאַגע אין 1919); **אַ מעשהלע וועגן אַ פישער און אַ פישעלע** (לויט אַ. פושקין), 1920; **לידער**, 1924; **פאַבלען**, 1924; **ליכטיקע מינוטן**, 1932; **דער פעטער עליע**, 1946.

## ביבליאָגראַפיע

דאָ ווערן אָנגעגעבן די הויפּט־מקורים:

זלמן רייזען, לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, ווילנע, 1926, ב׳ 1, זז׳ 278־279 (אונטערן נאָמען יערוסאַלימטשיק); לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, ניו־יאָרק, 1961, ב׳ 4, זז׳ 246־247.

# אינהאַלט:

## לידער וועגן דאָן־קיכאָט



## 3. געבענטשטע שעה

זייט



## 4. שטאָט און שטעטל



זייט



## פאָלקס־מאָטיוון

זייט



## 5. ייִנגעלעך און מיידעלעך



זייט



## 6. ערשטע לידער

## 7. משלים

## 8. פון די וועלט־פאַבלען

### איוואַן קרילאָוו

## עזאָפּ



## זשאַן לאַפאָנטען



## גאָטהאָלד אפרים לעסינג



זייט

# 9. פון דער װעלט־פּאָעזיע



## אַלעקסאַנדער פּושקין



## אַלעקסיי קאָלצאָװ



## ניקאָליי נעקראַסאָװ



## פיאָדאָר סאָלאָגוב



## קאָנסטאַנטין באַלמאָנט



## אַנאַ אַכמאַטאָװאַ



## יעװגעני יעװטושענקאָ



## װיליאַם שעקספּיר



## ראָבערט פראָסט



## עדװין מאַרקהאַם



## טשאַרלס קינגסלי



## אַלפרעד טעניסאָן



## היינריך היינע



## פּיער בעראַנזשע



## האַפיז

## ערד

ערד!
אין דיין וואונדערלעכער אומשולדיקער יונגשאַפט
קוקסט דו נייגעריק צום הימל,
וואַרטנדיק און גאַרנדיק.
דיינע יונגע קרעפטן שפּילן־אויף,
און דיין שיינקייט לויכט
אין די שמייכלען פון דער זון.

ערד, איך קען דיין שיינקייט נים באַזינגען!
קען אַ שווימער אויפן ים
אויסזינגען די גבורה פון דער כוואַליע
וואָס פאַרשלינגט אים?

ערד!
גליקלעך איז מיין גורל —
וואָס איך ווער אַ טייל פון דיר.
און ווען איך, אַ שטויב,
וועל געטראָגן זיין פון ווינט,
וועל איך זיך דערמאָנען
אויף מיין איצטערדיקן צער.

## אין ליבשאַפט

איך בין נאָך אַלץ פאַרליבט אין דיר, דו שיינע ערד,
אין יעדן אָטעם פון דיין סודותדיקן לעבן,
אין יעדן וואָלקנדל וואָס איבער דיר טוט שוועבן!
נאָך אַלץ בין איך פאַרליבט אין דיר, דו גוטע ערד,
מיט דיינע וואונדערלעכע שטערן טיף־פאַרקלערט
דורך דיינע אָוונטיקע טונקעלע געוועבן...
איך בין נאָך אַלץ פאַרליבט אין דיר, דו שיינע ערד,
אין יעדן אָטעם פון דיין סודותדיקן לעבן!

## לאַנדישן

ווי אומעטיקע לאַנדישן פאַרטראַכטע,
(די ווייסע בלימל־גלעקלעך וואָס קלינגען נים)
צעבליען זיך אין מיר
די שטילע ווערטער פון אַן אוונט־ליד.

אַ שטום געזאַנג פון אַלע זייטן!
עס ציטערן די גראָזן אויף פון גאָטס באַריר...
און אויפגעשלאָסן ווערן מיט אַמאָל פאַר מיר
די ווייטן!...

און ווייסע שטילע לאַנדישן פאַרטראַכטע,
אין דורכזיכטיקן אומעט פון פאַרנאַכטן!

## אַ לאַנדשאַפט מיט דער לבנה

די טונקלקייט די ברוינע פון די שפּיצן בוימער
שניידט זיך איין
אין דער גרויער בלוילעכקייט פון ריינעם הימל.
די לבנה, ווי אַ קעז אַ ווייסער,
(ווי אין מדרש ערגעץ ווערט דערמאָנט),
שיינט אַראָפּ אין וואַסער.

שטיל אַרום.
שטיל. קיין ווינטל פאָלט ניט צו...

רו!

## פרילינג־נאַכט אין פעלד

בערג און טאָלן איינגעשלאָסן
און פאַרטראַכט;
שטיל... איר גרויסן סוד צעגאָסן
האָט די נאַכט.

די לבנה אין איר אומעט,
קלאָר און ריין,
אין דער שטיל אַרויסגעשוואומען
איז אַליין.

זיך צעשמייכלט אין אַ טרויער,
שטיל, פאַרקלערט,
צו דער דורכזיכטיקער, בלויער,
יונגער ערד.

און צעעפנט האָט אַ בלימל
זיך אין פּראַכט
פאַר דער האַרינטע פון הימל
אין דער נאַכט.

## פאַרנאַכטיקע לאַנדשאַפט

שטיקער פייער
זייגען אויפן הימל נאָך פאַרבליבן
פון פאַרגייענדיקער זון;

בלויער ווערט די בלויקייט
פון די בלויע בערג —
סודותדיק פאַרשלאָסענע אין זיך.

און ווי קווייטן אויף געפּרעסטן סאַמעט
טונקלען זיך די בלעטער פון די ביימער,
אין דעם אויסגעהאַפּטענעם געוועב פון שאָטנס,
אויף דעם טונקל־גרינעם דרימלענדיקן וואַסער.

שאַ! אַ פויגל אַ פאַרשפּעטיקטער
איילט אין נעסט אַריין...
און דער נידעריקער בוים,
אַ פלאַך־צווייגיקער און דיקער,
הערט זיך צו און — גאַפט.

## זומער־בילד

אַ שטיבעלע אינמיטן וואַלד,
אַן אַלטע פּאָר,
פֿאַרנאַכט.

ביידע קוקן זיי פון ברייטן גאַניק
אויף דעם שלאָפנדיקן וואַסער
אין דער נידער.

ווייט אַהינטער וואַלד
האָט זיך שוין די זון געזעצט,
און באַגילדטע שיינען נאָך די שפּיצן בוימער.

שטיל. . די געלע געאָרגינעס פאַרן הויז
זינגען זייער שטומע ליד,
נידעריקער צו דער ערד
בויגנדיק דעם קאָפּ.

## אָוונט

אויף עפּעס וואַרטן באַרג און טאָל, דער וואַלד הערט־אויף צו ברומען
און ס'בויגן זיך אַלץ נידעריקער צו דער ערד די בלומען.

דער טייך איז ווי אַ שפּיגל גלאַט, עס רירט זיך ניט דאָס וואַסער,
עס ווערט דער אָוונט שטילער אַלץ, אַלץ טונקעלער און בלאַסער.

און אויבן, ווי אַ סטאַדע שאָף, די קופּער־וואָלקנס ליגן,
אַ פויגל טוט אַ פּיף פון שלאָף, און ווערט דאָרט גלייך אַנטשוויגן.

## די גילדענע בלעטער

די גילדענע בלעטער און לויטערע טעג
פון רייכן סוף־זומער וואָס גייט שוין אַוועק,
די פעלדער און סעדער מיט ווייץ און מיט ווײַן,
די וואַסערן שטילע וואָס שלאָפן שוין איין —
איך פיל אייער שיינקייט... דאָך פיל איך נאָך מער
דעם ציטער און צער פון דערפילטן באַגער.

עס טוט זיך אַ גראָז פונעם ווינטל אַ נויג,
אַ בלימל ווינקט־צו מיט אַ פייערדיק אויג,
אַ בלאַט אויפן רואיקן וואַסער שווימט־אום,
אַ פלייסיקע בין טראָגט זיך האַסטיק אַרום, —
ס'איז אַלץ ווי עס דאַרף זיין... און וואונדערלעך־שיין
באַפאַרבט אין דער זומער אין שעה פון פאַרגיין.

## אַ לבנה־נאַכט

אַ רואיקע, ווי גאָר צום ערשטן מאָל,
איז די לבנה שטיל אַרויסגעשוואומען,
און אין איר קעניגרייך די ערד פאַרנומען,
אַזוי ווי דענסטמאָל, גאָר צום ערשטן מאָל...
ווי אויסגעשניטן שטייען באַרג און טאָל
מיט שיינענדיקער שטילקייט דורכגענומען.
אַ רואיקע, ווי גאָר צום ערשטן מאָל,
איז די לבנה שטיל אַרויסגעשוואומען.

## אַ בוים

ווי אַן אָפּן האַרץ
רויטלט זיך דאָס הענגל בלעטער
אין דעם מיטן פון דעם גרינעם בוים.
די פאַרגייענדיקע זון שיינט אויף אים,
און ער זיפצט אין שטילקייט:
קוקט אויף מיר...
קוקט־אָן מיין שיינקייט —
באַלד וועל איך דאָך שטאַרבן.

## ליכטיקייט

ליכטיקייט אויף מענטשן,
זונשיין אויפן פעלד, —
און עס ווילט זיך בענטשן,
אויסזינגען די וועלט!

דורכזיכטיקע ווייטן,
הימל־בלויער רוים,
און פון ווייטע צייטן
שימערט־אויף אַ טרוים...

פּאַרלעכווייז די טויבן
וואָרקען צערטלעך שטיל,
און עס ווילט זיך גלויבן
אין דעם גרויסן ציל.

# אין וואַלד

טונקל־גרין אַרום, און פייגל זינגען,
ערגעץ פייפט אַ גריל,
שטיי איך מיר אינמיטן וואַלד און חלום —
כ׳ווייס ניט וואָס איך וויל.

שוין אַריבער באַלד דער ליבער זומער —
אומגעריכטערהייט ! ...
פיל איך שוין פון זאַטן האַרבסט דעם אָטעם
אין דער פאַרב פון קווייט.

דאָ און דאָרט אַ בלאַט אַ מידן זע איך,
געלבלעך און פאַרדאַרט ...
טראַכט איך מיר : עס מוז דער האַרבסט דאָך קומען,
נאָר ס׳פאַרדריסט, עס אַרט !

שיינט די זון נאָך וואַרעם, קלאָר און ליכטיק,
גרין אַרום און שטיל ...
נאָר איך שטיי אינמיטן וואַלד, פאַרלאָרן,
כ׳ווייס ניט וואָס איך וויל.

## אין מאַי

איז דער ליכטיקער מאַי שוין געקומען,
און עס גרינט, און עס בליט, און עס לויכט...
און מיט שטילן, מיט לויטערן אומעט
ווערט מיין טראַט אויף די פעלדער באַהויכט.

נאָר פאַרוואָס ווערט דער אומעט נאָך גרעסער,
ווען איך זע אין דעם גילדענעם שיין
ווי אין לופטן די טורעמס און שלעסער
זיך צעשווימען אין ווייטקייט אַריין?...

און עס שטעלט זיך אַ טרער אין די אויגן,
אַז איך ווייס גאָר אַליין ניט — פאַרוואָס,
ווען דער שאָטן פון פויגל אין פלאַטער
טראָגט זיך דורך אויף דער גרינקייט פון גראָז.

## אויף אַן אַלטן שלאַכטפעלד

בערג און בערג און גרויע שטיינער,
און עס קומט ניט, קומט ניט קיינער...

וואַלגערן זיך מענטשן־ביינער
אונטער זון און אונטער רעגן,
ווייסע פלעקן, טויטע פלעקן —
וויל קיין גראָז זיי ניט באַדעקן.

וואו אַ פוס האָט ווען געטראָטן
זיינען שפורן שוין פאַרשאָטן.
קיינער וועט שוין מער ניט קומען
צים זיך צייט און ווערט צעשוואומען.

## סוף-זומער

אזוי שיין זיינען טעג פון סוף-זומער,
די פאַרבענקטע, פאַרחלומטע טעג!
נאָך די גרויקייט פון האַרבסט ניט געקומען,
און דאָס גרין פון דעם זומער אַוועק...

און דער הימל, אַ מילדער, אַ בלויער,
קוקט אַראָפּ אויף די פעלדער פאַרקלערט...
נאָר די קלאָרע פרימאָרגיקע טויען
בלייבן קאַלט אויף דער האַרבסטיקער ערד.

און די ביימער אין רויט, ווי געצונדן,
לויכטן-אויף אין דעם שיין פון פאַרגיין...
און דו בענקסט, און דו וואַרטסט אויף אַ וואונדער,
און דו ווייסט, אַז דו נאַרסט זיך אַליין.

## שפּעטיקע בלומען

אויפגעריסן, אויפגעשניטן,
ווילד באַגאָסענע מיט פאַרב,
שטייען מיר דאָ אויפגעבליטע
בלומען שפּעטיקע פון האַרבסט.

ביז מיר וועלן איבערגעבן
אונדזער שיינקייט צו דער נאַכט,
בליט פאַרצווייפלט אונדזער לעבן,
שוימט-אַריבער אונדזער פּראַכט!

גליען היינט אין אונדז די פאַרבן
וואָס די ערד האָט אונדז פאַרטרויט,
און מיר וועלן אזוי שטאַרבן
אויסגעבליטע ביז צום טויט!

## האָרבסט

גערע בלעטער פליען,
פליען אויפן ווינט,
און די וואָלקנס ציען
ערגעץ־וואו געשווינד.

וועלקט אַ מידע בלימל
אויפן הוילן פעלד,
און דער גרויער הימל
טרויערט אויף דער ערד.

אויסגעלעבטע טרוימען —
בלעטער אויפן וועג...
נעפלדיקע רוימען,
אומעטיקע טעג.

## פרי און שפּעט

אין פרימאָרגיקן טוי
איז דאָך גוט אונדז אַזוי,
איז דאָך גוט אונדז אַזוי
אויף די פעלדער צו גיין!

און ווען בערג שלאָפן־איין
אין פאַרנאַכטיקן שיין,
אין פאַרנאַכטיקן שיין
קומט דאָך רו אויף דער ערד!

און ווען גאָט פון זיין הויז
פירט די שטערן אַרויס,
פירט די שטערן אַרויס,
בליט דער הימל דאָך אויף!

## ווי גוט

ווי גוט עס איז אין שטילע טעג
אליין ארומצוגיין אין וועג,
און פילן, אז דיין יעדער טראט
ווערט איינגעוועבט אין גרויסן סוד —
אזוי ווי דאס גערויש פון בוים,
און ווי די בלויאיקייט פון רוים...
אז דו, ווי יעדער גראז אין פעלד
ביסט א מחותן אויף דער וועלט!

## א פרילינג-נאכט

נעפל, טיפקייט,
כמורנער שיין —
ציטערט שטילקייט,
הערט זיך איין.

וייטן, רוימען,
ווי פארווישט...
וואר אין חלום
אויסגעמישט.

רגעס. יארן,
ימען רו!
איך פארלארן
הער זיך צו.

# ליכטיקע טעג

טעג פון גאָט געשאָנקענע,
טעג פון שטילער פרייד!
ווייסע וואָלקנס, זילבערנע
שווימען שטילערהייט.

שטייען די בעריאָזקעלעך
ווי די כלות פרום,
גלעטנדיקע ווינטעלעך
נעמען זיי אַרום...

עפּעגען זיך וואַסערן
פרייַ און בלוי און ברייט. —
טעג פון גאָט געשאָנקענע,
טעג פון שטילער פרייד!

# אין די וועלדער

אין די וועלדער וואקסן סודותדיקע פלאַנצן
אין אַ שטענדיקן האַלב-גרינלעכן פאַרנאַכט;
קיינמאָל זעען זיי דעם הימל ניט אינגאַנצן
און זיין אָפנקייט, זיין ברייטקייט און זיין פּראַכט!

און זיי וויגן זיך אויף שטענגעלעך אויף דינע
צאַרט און ציטעריק, באַשיידן און פאַרקלערט,
אָדער שפּרייטן זיך מיט בלעטעלעך מיט גרינע
אין דער נידער צו דער פייכטער ברוינער ערד.

בלעטער טונקעלע און גלאַנציקע און מאַטע,
ווי מיט אָדערלעך מיט ווייסלעכע באַשפּינט,
בלעטער האָריקע, געראָנצלטע און גלאַטע,
בלעטער זילבערדיק, ווי אומגעקערט פון ווינט.

זיצט אַ נידעריקע בלעטער-פּאָר פאַרוואונדערט,
אַ רויט בלימל לאַכט אַרויס פון זייער שויס, —
און אַ קווייטעלע צעשראָקן, אָפּגעזונדערט,
ווילד, צעשויבערט, שפּרינגט פון מאָכן-בעט אַרויס.

טריפן קווייטעלעך אַראָפּ אַזוי ווי טרערן,
ווייסע, איידעלע — ווי פּערלדיקער שוים;
בלויע שיכעלעך, און פּערדעלעך און שטערן
שמייכלען פריילעכע אַרויס צום אַלטן בוים.

און פון ווייטן, צווישן שטיינער צוויי, געפאַנגען,
ווינקט אַ בלימל מיט אַ פייערדיקן אויג;
און אַנטקעגן, אויף אַ שטענגעלע אַ לאַנגן,
טוט אַ גלעקעלע מיט בלויקייט זיך אַ בויג.

דרימלען קווייטן ניט צעעפנט נאָך אינגאַנצן,
שטייפע קנעספּעלעך פאַרוויקלט און פאַרמאַכט...
אין די וועלדער וואקסן מאָדנע שטילע פלאַנצן
אין אַ שטענדיקן האַלב-גרינלעכן פאַרנאַכט...

# פאַרגעבונג

ווי לויטער איז דער טראָפּן טוי,
ווען ס׳וואַרפן זיך אין אים קאָלירן!
ווי גוט עס איז און וואונדערלעך אַזוי,
אין פעלד אין אָפּגעפרישטן צו שפּאַצירן!

אַרומגיין מיט אַ גרעזל אין דער האַנט,
צי מיט אַ ליכטיק בלימל,
און סתם־אַזוי צו קוקן אויף דעם ראַנד
פון שיינענדיקן הימל...

צו הערן אַלע סודות פון דער וועלט,
און זען די גרויסע ליכטיקייט פון לעבן...
ווי גוט עס איז אַרומצוגיין אין גרינעם פעלד
און מיט אַ שמייכל אַלעמען פאַרגעבן.

# ניסן

איך בין אַרוים אַליין אין נעפּלדיקער נאַכט,
און אין דער מילדער פייכטקייט איז מיין טראַט צעשוואומען;
אין נעפּל ווייך פאַרשלייערט האָט די ערד דערוואַכט
און מיט דעם הימל־גרוי זיך ברייט אַרומגענומען.

געברויזט, געאַירט האָט וואַסער אונטער אַלטן שניי,
און אויסגעשנירלט זיך אין רוישיקע געוועבן...
און אין דער ווייט, מיט ווילדן, מעכטיקן געשריי,
האָט זיך דער טייך געעפנט צו אַ נייעם לעבן.

## צוויי ביימער

שטיל און בלוי, און ווינטיק,
די לבנה — הויך...
אַלטע בערג פון ווייטן
אין אַ גרויען רויך.

צוויי בערעזעס ווייסע
טענהן צווישן זיך:
ערשט געגרינט!... און איצטער —
אוי, ווי גיך, ווי גיך!

און אַ שטילער אומעט
וועקט אין דיר זיך אויך...
שט־ל און בלוי, און ווינטיק,
די לבנה — הויך.

## וואונדער

מיר איז ליב די שטילע בענקשאַפט
פון די שווייגנדיקע בערג...

איך האָב ליב דעם ווילדן מדבר,
וואו דער דאָרן איז אַ קווייט,
און די שאָטנדיקע וועלדער
מיט די בליענדיקע פעלדער
פול מיט בענטשונג און מיט פרייד.

אַלץ איז וואונדער איבער וואונדער,
פרייד און לעבן אומעטום!
ווי אין לויכטנדיקן חלום
דורך מדבריות, בערג און טאָלן
גיי איך זינגענדיק אַרום.

# שוועמלעך

פול מיט שוועמלעך איז דער וואַלד
זומער נאָכן רעגן;
וואו דו גייסט און וואו דו קוקסט
קומען זיי אַנטקעגן.

שטייט דער קלאָרער קעזערל,
ווי מיט זייד באַצויגן,
האַלט זיין בלוי היטעלע
הויך אַרויפגעבויגן.

אָט אַ שוואָם אַ גיפּטיקער,
רויט מיט ווייס באַשפּרינקלט;
און דער טראָפּן טוי אויף אים
לויכט זיך דורך און פינקלט.

אַ משפּחה מאָכעווער,
אונטערשלאַקן ברוינע,
הויבן זיך פון מאָך אַרויס,
קרעפּטיקע אַזוינע!

אַספּן־שוועמלעך גרויס און קליין,
יאַרמעלקעלעך רויטע,
אונטער דעם פאַרצווייגטן בוים
אויסגעזעצט ווי קווייטן.

אָן דער זייט דאָס היטעלע,
מיט אַ רונדן בייכל,
קוקט דער שטאָלצער בוראַוויק:
ווער איז דאָ מיין גלייכן?

געלע שוועמלעך ליכטיקע,
פריילעכע און שיינע,
איבער וואַלד צעלויפן זיך
פּונקט ווי קינדער קליינע.

זיצן די טאַלסטוכעס שווער,
דיקע באַלעבאָסטעס...
אַ געזינדל ריזשיקעס,
אויך ניט פון די פּראָסטע.

און וואַלוועניקעס ראָזעווע,
האָריקע ווי סאַמעט,
וואָרצל־שוועמלעך גרינגלעכע
צענדליקער צוזאַמען...

אַלטע בלעטער ראָסטיק, פּייכט,
דעקן־איין די גרוזדן;
באַבקעלעך און וואַלדערלעך
וואַרטן אין די קוסטן.

ווייס ווי מילך אַ שוועמעלע,
ערשט אַרויסגעקומען,
קוקט אַרויף אַ ליכטיקער,
צו זיין גרויער מומע.

אויף אַ דינעם פלעקעלע
באַמבלט זיך אַ שיסל:
ס'איז אַ שוואָם אַ הינטישער
אויף אַ דינעם פיסל.

אַלע שוועמלעך הינטישע
האָבן פיסלעך דינע,
און דער פולווער־שוואָם שיסט אויס
מיט אַ רויך אַ גרינעם.

ס'איז דער וואַלד מיט שוועמלעך פול
זומער נאָכן רעגן!
שוועמלעך, שוועמלעך אַלערליי
שמייכלען דיר אַנטקעגן.

# אַ לבנה־נאַכט

פעלדער, וועלדער איינגעשלאָפן
און פאַרטראַכט;
שטיל... איר גרויסן סוד צעגאָסן
האָט די נאַכט.

די לבנה אין איר אומעט
קלאָר און ריין
אין דער שטיל אַרויסגעשוואומען
איז אַליין.

זיך צעשמייכלט פול מיט טרויער
שטיל פאַרקלערט
צו דער דורכזיכטיקער בלויער
יונגער ערד.

און צעעפנט האָט אַ בלימל
זיך אין פראַכט,
פאַר דער האַרינטע פון הימל
אין דער נאַכט.

# אויסגעלייטערט

אויסגעלייטערט איז דער הימל
און דער אָוונט — בלוי;
אין דעם בעכערל פון בלימל
שיינט אַ טראָפּן טוי.

שטיל, און איילנדיק צוויי טויבן
פליען שוין אַהיים,
און אַ שטערנדל פון אויבן
צינדט זיך אין געהיים.

#ביים וואַסער

זומער־אָוונט, גרין און קיל,
אין די גראָזן פּיפּט אַ גריל,
און דער אַלטער וואַלד פאַרקלערט
פון דער ווייטן שטייט און הערט.
לעבן וואַסער אויף אַ שטיין
זיצן זשאַבעס צוויי אַליין,
און זיי רעדן זיך פאַרטראַכט
אין דער שטילקייט פון פאַרנאַכט:
— קוואַ־קוואַ־קוואַ, עס ווערט שוין קאַלט,
שוין אַוועק דער זומער באַלד...
— יע, אוים זומער... קוואַ־קוואַ־קוואַ,
ס'איז אַ מאָדנע וועלט אַזאַ!
און אַרום איז פריש און קיל,
סודען זיך די גראָזן שטיל,
און די אָוונט־שעה פאַרגייט
מיט אַ שטילן זיפץ באַגלייט.

# עס פאַלן אָפּ

עס טוט זיך אָפּ
דער גלאַנץ פון וועלדער
אַ שוואַרצע ראָב
אויף פּוסטע פעלדער.
אַלץ גרוי און געל...
אַ, זימער ליבער,
ווי שנעל, ווי שנעל
דו ביסט אַריבער!

# אַ ווערבע

אַ ווערבע שטייט ביים וואַסער איינגעבויגן,
און וויינט אַרויס דעם אומעט פון דער וועלט
אין שטילקייט פון דעם בלווילעכן געצעלט...
אַ ווערבע שטייט ביים וואַסער איינגעבויגן,
און שטערן קוקן מיט פאַרבענקטע אויגן
ווי די לבנה כישופט אויפן פעלד...
אַ ווערבע שטייט ביים וואַסער איינגעבויגן,
און וויינט אַרויס דעם אומעט פון דער וועלט.

# געלע בלימעלעך

געלע, שטילע בלימעלעך מיט אומעטיקע אויגן,
איר האָט דעם סוד פון טאָג און נאַכט אין זיך אַריינגעצויגן:
עס האָבן זונשטראַלן צו אייך געשמייכלט מילד און העל,
איז ווי די קלאָרע זון פאַרבליבן זייט איר גאָלדיק-געל.
עס האָבן איבער אייך געשוועבט די שאָטנס פון דער נאַכט,
דעריבער קוקט איר אויף די פעלדער אַזוי טיף פאַרטראַכט...
דעריבער האָט איר שטילע אויגן, סאַמעט טונקל-ברוין,
וואָס קוקן אומעטיק אַרויס פון אייער שטראַלן-קרוין...
געלע, שטילע בלימעלעך מיט אומעטיקע אויגן,
איר האָט דעם סוד פון טאָג און נאַכט אין זיך אַריינגעצויגן!

# בערג

בערג! שטורעמס אייביקע,
פֿאַרגליווערטע!
בערג! אויפֿברויז פֿון באַשעפֿער
אין די טעג פֿון אָנהויב!

רואיק קוקט איר אויף דער שפּע
פֿון די בליענדיקע פֿעלדער,
אָפּגעזונדערטע און שטאָלצע!...
נעפּלען הענגען איבער אייך,
ווי דער אומעט
אויפֿן שטערן פֿון אַן אַלטן מאַן...
שיינט אויף אייך די זון —
זייט איר ליכטיק, ווי דער שמייכל
פֿון אַ שלאָפֿנדיקן קינד.

ווי די מוילוואורפֿן
גראָבן זיך אין אייך די מענטשן,
זוכנדיק דעם סוד פֿון אָנהויב,
וואָס איר טראָגט אין זיך!
זיי צעגראָבן אייך
מיט דעם פֿלייש פֿון אייער לייב,
זיי צעלעכערן אייך מיט דער קראַפֿט,
וואָס האָט דרימלענדיק גערוט אין אייך —
ריזן־בערג!

ריינע קוואַלן
פֿאַלן רוישיקע, פֿון אייך אַראָפּ —
בלוט פֿון אייער האַרץ.
בלויז די אָדלערס גרייכן אייער שפּיץ,
קוקנדיק, פֿאַרבענקט, צו דער זון...
און מיט חוזק כאַפּט איר אויף די קלאַנגען
וואָס דערגרייכן אייך פֿון טאָל,
און פֿאַרשליידערט זיי אין כּף־הקלע...

# בלעטער פאַלן

און גרויס איז די שפע פון גאָלד און פון וויין,
און גאָלדיק און רויט זיינען בלעטער אין שיין;
דאָס גאָלד פון די זאַנגען, פון טרויבן דאָס רויט
איז איצט צו די הארבסטיקע בוימער פאַרטרויט!
און גרויס איז די שפע פון גאָלד און פון וויין,
און גאָלדיק און רויט זיינען בלעטער אין שיין.

עס וועלקן די פעלדער, פאַרלאָזט נאָכן שניט,
די ערד אין איר מידקייט שמייכלט שוין ניט...
עס פלאַטערן גילדענע פויגל נאָר אום
ביים וואַלד איבער וועגן און פעלדער אַרום, —
און גרויס איז די שפע פון גאָלד און פון וויין,
און גאָלדיק און רויט זיינען בוימער אין שיין.

# באַנייאונג

שפּרייטן זיך די וועגן, שפּרייטן זיך די ברייטע
רופן דיך און ציען ווייטער אַלץ צו גיין!
פעלדער נאָכן רעגן, זון־פאַרגאַנגען רויטע
אין דער ווייטקייט בליען וואונדערלעך ווי שיין!

בלויע הימלען מילדע, אייביק ווי באַנייטע,
קינדערלעך און טויבן באָדן זיך אין שיין, —
און דאָס הארץ דאָס מידע רייסט זיך אין די ווייטן,
ווידער ווילט זיך גלויבן, חלומען און זיין!

## אַ זומער־פאַרנאַכט

די זון פאַרגייט! עס טומלען זיך קאָלירן!
דער הימל שפּילט מיט פאַרבן אַלערליי;
ער זינגט אַרום די פריידן פון יצירה,
און פונעם אונטערגאַנג דעם לעצטן ווייי.

און שטראַל נאָך שטראַל דער זומערדיקער אָוונט
פאַרגייט אין רויטן אָפּגלאַנץ פון דעם סוף...
געזאַנג און פּיין! די נאַכט איז נאָענט!
די נאַכט אויף שטילע רייטוועגן פון שלאָף.

און שטילער ווערן שוין אין וואַלד די קלאַנגען,
אַ שטערנדל אין טיפקייט צינדט זיך שטום און שוואַך,
און בערג אַרום מיט דינעם בלוי באַהאַנגען,
ווי אויפגעציטערט, שטייען אויף דער וואַך.

## אין אַ דערפל

בלווילעך איז דער ווייטער וואַלד;
ווי אַ דורכזיכטיקער רויך
הענגט דער נעפּל אויף די בערג;
און, פאַרחלומט, פון דער הויך
שיינט די שפּעטע זון פאַרקלערט —
רו און פריידן אויף דער ערד.

שלעפערט אויך דאָס דערפעלע,
אין דער ערב־אָוונט־זון...
דורך דער דרימלענדיקער גאַס
פאַרזיכטיק גייט דורך אַ הון,
שטעלט זיך ביי אַ בלאָטקע צו,
טרינקט און קוויקט זיך...
פריד און רו.

## אַ לאַנדשאַפט מיט אַ הירש

שטיל אין גאַם;
בערג מיט וואַלד באַוואַקסענע אַנטקעגן.

אונטן, אינעם טאַל,
רוט דאָס טייכל אויפֿן זון.
היים.

שטיל, מיט לייכטע ווייכע טריט,
קומט אַ שלאַנקער הירש
פֿון דעם שווייגנדיקן וואַלד אַרוים;
טרינקט זיך אָן —
און פֿאַרשווינדט, אַ פֿרייער, אין די בערג.

## פרילינג

אוים ווינטער שוין! ווי אויפֿגעציטערטע די בוימער
אין ווייטע ווייטענישן קוקן שטיל אַריין,
און ציען זיך, דערוואַכטע, צו די הויכע רוימען
אין דורכזיכטיקן שיין.

די טייכן רייסן זיך און גיסן זיך אַריבער
און שפּילן-אויף אין בלעזלדיקן שוים!
און וואַסער, וואַסער רוישט אין יעדן גריבל,
און זינגט אַרוים צום בלויען רוים.

די פֿייכטע ווינטלעך — פֿול מיט שפּע און באַגערן,
די פֿרישע ערד איז שוין צום יום-טוב גרייט...
און ס'טוט דאָס האַרץ אַ ציטער — פֿון דאָס ניי צו הערן
דעם ווידערקלאַנג פֿון פֿרייד.

# בלוי און גאָלד

בלוי און גאָלד — סוף־זומער טעג,
סטרונעס אָנגעצויגענע!
ווייטע ווייטן אָן אַ ברעג,
בוימער איינגעבויגענע.

הענגלעך רויט און הענגלעך געל
אומעטום צעהאַנגענע...
טעג פון זומער לויטער־העל,
פון דעם האַרבסט געפאַנגענע.

# ווייטע בערג

מיט נעפל, ווי מיט שלייערן פון בלויען רויך,
אין גרויסער שטילקייט זיינען ווייטע בערג באַהאַנגען.
עס דוכט זיך, אַז די אייביקייט איז דאָרט געפאַנגען
אַהינטער פאָרהאַנגען פון נעפּלדיקן רויך...
און אפשר גליווערן נאָך דאָרטן אין דער הויך
די לאַנג־פאַרגעסענע אור־אַלטע ווידערקלאַנגען...
און ווי אין נעפעלדיקע שלייערן פון רויך
אין גרויסער שטילקייט זיינען בערג באַהאַנגען.

# דריי פויגלען

זיצן דריי פאַרקלערטע פויגלען
אויף אַ הויכן בוים אין פעלד,
זיצן דריי פאַרקלערטע פויגלען
און באַטראַכטן שטיל די וועלט.

וויגט אַ ווינטעלע די זאַנגען,
פאַלט אַ בלעטל וואו אַראָפּ, —
און פאַרטיפט אין די געדאַנקען,
בויגט אַ בלימל איין דעם קאָפּ.

צינדט זיך אָן אַ ווייטער שטערן
אין דעם סאַמעטענעם רוים...
זיצן פויגלען דריי און קלערן
אויף אַ דאַרן אַלטן בוים.

# אין אַ זומער־טאָג

ווי אַ שנור פון זילבער
אויף אַ גרינעם סאַמעט,
שנירלט זיך דאָס טייכל
דורך די גרינע לאַנען.

און אויף הויכע שטענגלעך
שמייכלען ווי אין דרימל,
בלימלעך גאָלדיק־העלע,
בלימלעך בלוי ווי הימל.

און אַ קו אַ ברוינע
מיט אַ רויטן קעלבל
פיטערן זיך רואיק
אין דער זייט ביים וועלדל.

## ליכטיקע פרייד

די ליכטיקע פרייד פון דער ערד —
זי שמייכלט פון גראָז און פון בלימל,
און ציט זיך צום לויטערן הימל —
די פרייד פון דער ליכטיקער ערד.

און שיין איז דאָס ליד פון דער ערד:
אין גרינקייט פון בלעטער פאַרבאָרגן,
אַ פייגעלע זינגט אין פרימאָרגן
דאָס איינפאַכע ליד פון דער ערד...

## אַ זומער־פאַרנאַכט

שפילט אַן אוונט־ווינטל מיט די זאַנגען,
זאָגט זיי עפּעס צו...
אין אַ נעץ פון פייער איז דער וואַלד געפאַנגען —
אָוונטיקע רו.

אין די גראָזן פייפן גרילן־פליימן
בליט און גליט דער מאָן.
לאַנגע שאָטנס לויפן־נאָך דעם טאָג באַגלייטן —
יאָגן אים נאָך ניט אָן!

פון דער זון דער גליענדיקער שפּרייזן
פלאַמען אויפן וועג...
און ווי איינגעשמידט אין ברענענדיקן אייזן,
גייט דער טאָג אַוועק.

## צו דער נאַכט

צוליב די ליכטיקע חלומות,
אַ נאַכט, מיט דימענטן באַוועב
די טיפֿע בלויע הימל־רוימען,
און זיי מיט שטערנשיין באַלעב!
אַ לייטער הויכט זיך איצט צום הימל,
מלאכים שטייגן אויף די טרעפּ...
אין טיפֿן שלאָף, אין לייכטן דרימל —
אַ חלום שוועבט אויף מידע קעפּ!

אַ טאָג פֿון מי, אַ טאָג פֿון אַרבעט,
אַ טאָג פֿון זאָרגן איז פֿאַראויס...
נאָר ביז דער טאָג מיט זיינע פֿאַרבן
וועט דיך פֿאַרנעמען אין זיין שוים,
צינד אָן, אָ, נאַכט די שטערן אַלע,
פֿון זיי קיין איינעם לאָז ניט אויס!
און די לבֿנה, ווי אַ כּלה
אין ווייסן שלייער פֿיר אַרויס.

## די זון גייט אויף!

די זון גייט אויף! עס רויכערט זיך די ערד און פֿינקלט,
און ערגעץ זינגט אַ וואַסער צווישן שטיין
דער אויסגערוטער טייך איז פֿול און ריין, —
די זון גייט אויף, רויכערט זיך די ערד און פֿינקלט...
און ערגעץ זינגט אַ וואַסער צווישן שטיין.

## נאַכט אין די בערג

קאַלטע שטערן זיינען אויפן הימל אויפגעגאַנגען,
און דאָס האַרץ איז אין אַ קאַלטן יאוש זיך פאַרגאַנגען.

שטיל, דורך בלויע וויסטענישן, אין איר גרויסן אומעט,
איז פון תוהו־וועלטן די לבנה אָנגעקומען...

בערג און ביימער אין אַ בלייכער בלוילעכקייט פאַרלאָרן...
וואו בין איך? איך ווייס ניט, — דוכט זיך, אָפּגעשיידט געוואָרן.

בלויז די שטילקייט וויקלט זיך און שטראָמט פון אַלע זייטן
און אַ נאַכט־פויגל צעשרייט זיך אין די וויסטע ווייטן.

זאָל ער יאָמערן, וואָס אַרט מיך? שטום איז מיין נשמה,
ווי די טיפע בלויקייט פון די הימלדיקע תהומען.

ציט זיך נאָך דער אָנהייב אין די בערג ערגעץ פאַרלאָרן...
וואו בין איך? איך ווייס ניט... דוכט זיך אָפּגעשיידט געוואָרן.

## דער שלייער

אַליץ האַפּטיקער און טונקעלער
ווערט פאַר מיר דער שלייער פון מיין וועלט;
אין טויבן זע איך קראָען,
אין בליענדיקע שמייכלען — טרויער אָנשטאָט פרייד...
און זע — אַהינטער יעדן גייט
דער גאָרנישט אין אַ חופה־קלייד,
און שמייכלט אַ צופרידענער: שוין נאָענט...

און אָט איז שוין דער ראַנד
פון דעם אוראַלטן ניט־אַנטדעקטן לאַנד,
וואָס רויט פאַרגליווערט פון דעם בלייכן מלאכס בליק.
און דער גאָלדענער קנויל אויף דער זילבערנער שטריק
בויגט זיך טיפער אַראָפּ,
בויגט זיך טיפער אַראָפּ
איבער קוואַל, וואו דער קרוג ווערט צעבראָכן.

## נאַרציסן

נאַרציסן רויט־באַזוימטע
וועלקן שטילערהייט, —
חלומות ניט־דערטרוימטע,
אומעטיקע רייד...

די בלעטלעך דין און לענגלעך
ציען זיך שוין איין,
די ברוינע שלאַנקע שטענגלעך
נויגן זיך אין פּיין...

חלומות ניט דערטרוימטע,
אומעטיקע רייד...
נאַרציסן רויט־באַזוימטע
וועלקן שטילערהייט.

## מיר

און מיר טרעטן אויף די גראָזן,
און מיר שטייגן אויף די הויכע בערג,
נאָר מיר ווילן קיינמאָל ניט פאַרלאָזן
אונזער שיינע אומעטיקע ערד.

קומט דער אָוונט זיפצן מיר און וויינען,
און אין מאָרגן שמייכלען מיר צום שטראַל...
און מיר הערן ווי עס שווייגן שטיינער,
און מיר הערן ווי עס רוישט דער ים.

און מיר זעען ווי עס וועלקן גראָזן,
ווי עס דאַרן בוימער אויפן פעלד —
נאָר מיר ווילן קיינמאָל ניט פאַרלאָזן
אונזער אומעטיקע שיינע וועלט.

## אַ רוף אין דער נאַכט

אַ נאַכט־פויגל האָט אין דער נאַכט געשריען,
און באַלד געענטפערט האָט אַ צווייטער פון דער ווייט.
ווי מאָדנע־אומרואיק דער הייסער אומעט שרייט!...

אַ נאַכט־פויגל האָט אין די בערג געשריען,
און ס'האָט די שטילקייט אָנגעהויבן בליען
אַרום דעם סוד, וואָס האָט זיך אין דער נאַכט באַפרייט...

אַ נאַכט־פויגל האָט אין דער נאַכט געשריען,
און באַלד געענטפערט האָט אַ צווייטער פון דער ווייט.

## אַ בוים אין פעלד

שטייט אַ בוים אין פעלד, די בלעטער
פלאַמיק רויט!
אוי, ווי שיין, ווי שיין דעם בוים איז
פאַרן טויט...

נאָך אַ ווינט, און נאָך אַ פרעסטל
צו דער נאַכט —
און פאַרשווינדן, אוי, פאַרשווינדן,
וועט זיין פראַכט.

נאָר דערווייל — די בלעטער גליען
אַזוי רויט!
אוי, ווי שיין, ווי שיין דער בוים איז
פאַרן טויט...

# אַ ווידמונג

איך לעב אויף גאָטס באַראָט,
איך זינג צום ווינט, צו ימען...
און בענטש די שעה, וואָס האָט
געבראַכט אונדז דאָ צוזאַמען.

ס׳איז אַלץ די זעלבע וועלט
פון חושך אויפגעקומען,
וואו אַלץ בליט-אויף און וועלקט,
קומט-אָן און ווערט צעשוואומען.

אַ פעלדז פאַרגליווערט שטום,
אַ מענטש, אַ הירש, אַ פויגל —
ס׳געמט אַלעמען אַרום
דער זעלבער רעגנבויגן!

ס׳איז אַלץ די זעלבע וועלט,
וואָס גאָט האָט אונדז געגעבן,
וואו ס׳איז אונדז באַשערט
אין בענקעניש צו לעבן.

# אַז דער אמת

אַז דער אמת איז אומעטיק זייער, —
און וואָס קען מען טאָן?
— פאַרשפּילן מיר זיך אין פרימאָרגן
מיט די קווייטן פון פלאַמיקן מאָן.

און דערנאָך, ווען די פאַרביקע קווייטן
בליען-אָפּ, דורך די זוניקע טעג,
טוען לאַנדישן שטילע באַצירן
דעם פאַרנאַכטיקן וועג.

און ווען נאַכט מיט איר טונקעלן סאַמעט
דעקט די זילבערנע קוויטעלעך צו,
טוט זיך אָפּ פון דעם מענטשן זיין אומעט,
און ער קומט צו זיין רו.

## וואַקסן גראָזן

וואַקסן גראָזן און פאַרוועלקן,
גרינען ווידער אויף,
בליען וועלטן, שווינדן וועלטן —
אייביק אין געלויף.

און אַ גרויער צווישן גראָזן
בענקט אַ שטיין אין פעלד,
היט ער, טיף אין זיך פאַרשלאָסן,
סודות פון דער וועלט.

און אויף ימען יאָגן וואַלן,
איילן מיט געוויין
צו די פעלדזן צו צעפאַלן
און אין תהום פאַרגיין.

## חלומות

חלומות — אונדזער גרויסע פרייד,
איר זייט אַדלערס גילדענע דורך בלויע רוימען
אין הויכקייט זעען מיר אייך יונגערהייט;
איר ציט אונדז מיט פאַראויס אין אייער וועג
דורך לויכטנדיקע נעכט און טעג...
איר, טרוימען און חלומות,
איר זייט דאָך אַזוי ווייט פון אונדז!

און שפּעטער, ווען אויף אונדז די זון פאַרגייט,
און אויסגעטריקנט ווערן שוין די טרערן
אין בענקעניש נאָך אייך,
פליט איר אונדז נאָך אַהינטער שטילערהייט,
ווי מחנות אומעטיקע טויבן,
ביז שטערן־שיין, ביז אין דער נאַכט אַריין...

חלומות, אַדלערס אונדזערע און טויבן,
איר זיינט דאָך קיינמאָל, קיינמאָל ניט מיט אונדז!

## ערב־שבת אין פעלד

אַ וואונדערלעכע שטילקייט,
אַ זעליקייט,
הילט־איין די בערג און טאָלן
אין לויטערקייט פון בין־השמשות.

און רואיק פיטערן זיך רינדער לעבן וואלד,
און שעפּסעלעך אויף בערג,
ווי אינדן צווישן בייטן בשמים.
און ערגעץ הויערן די ווײזלטירן,
און דער סמבטיון רוט.

עס רוט די ערד אין אָוונט־שיין פון הימל;
עס רוט די גאַנצע וועלט
ווי אין אַן אויסטערלישן חלום.

און קראַנק איז מיין נשמה נאָך דיין ליבשאפט, גאָט!
און ווייט אַהינטער וואלד,
אַהינטער אַלע בערג און וואסערן —
דאָס סודותדיקע לאַנד,

אַן אומבאַקאַנטע און אַ נאָענטע,
דאָס לאַנד פון ליכטיקייט און רו און פרידן.

## ווער?

און ווען עס שלאָגט אַ קוואַל,
ווער קען אים איינהאַלטן?
און ווען עס לייכט אַ שטראַל,
ווער קען אים אויסלעשן?

און גייט די זון אַוועק,
ווער קען זי אויפהאַלטן?
די שאָטנס אויפן וועג,
ווער קען זיי אָניאָגן?

און בענקט אַ מענטש אין צער,
ווער קען אים מיטפילן?
און לאַכט אין גאַס דער נאַר —
ווער קען אים איינשטילן?...

## די באַלאַדע פון זיבן זאַנגען

זיבן זאַנגען זיינען אויסגעוואַקסן לעבן וועג,
זיבן זאַנגען,
זיבן זאַנגען.

זיינען אָבער זיי די זומערדיקע טעג
מיט די זומערדיקע כמאַרעס דורכגעגאַנגען,
דורכגעגאַנגען.

איין זאַנג האָבן פויגעלעך צעטראָגן,
און דעם צווייטן האָט אַ האָגל איינגעשלאָגן,
נאָך איינעם פאַרטריקנט האָבן הייסע שטראַלן.

און די איבעריקע זאַנגען פיר?
און די איבעריקע זאַנגען פיר?
וואַרטן ביז זיי וועלן זיך אַליין צעפאַלן...

האָט דער גרויסער אומעט אויסגעוועבט אין מיר
דעם געזאַנג פון זיבן זאַנגען,
זיבן זאַנגען.

# דעם נביאס קלאָגליד

דאָ האָט דאָך דער אומעט געגליט ווי אַ פלאַם,
עס האָט דאָך אַ מענטש דאָ געליטן!
און איר האָט די איידלסטע פערל פון ים
אויף גלאַנציקע גלעזלעך פאַרביטן.

עס האָט דאָך אַ האַרץ פאַר אייך יאָרן געשמאַכט
אין תפילות און לאַנגע תעניתים,
און איר פון זיין גלויבן האָט חוזק געמאַכט
און האָט זיינע תפילות פאַרשטויסן.

ער האָט דאָך אַזוי פיל קרבנות געבראַכט,
אַזוי פיל אומשולדיקע טויבן!
און איר האָט זיי אַלע פאַרשוועכט און פאַרלאַכט
און ווילט איצט זיין חלום באַרויבן.

מיין חלום וואָס איך האָב געשוינט און געהיט
דורך יאָרן פון עלנדן לעבן...
אָ, שטאַרק זיך, מיין האַרץ, און לויכט אויף מיין געמיט,
איך זאָל זיי די רשעות פאַרגעבן.

אין אייגענעם לייב בייסט דער עקדיש זיך איין
און פאַלט פון זיין סם אַ געטויטער;
זיך איינבייסן וואָלט איך אַליין אין מיין פיין
און פאַלן פאַר אייך דאָ אַ טויטער.

דער צאָרן אין מיר זאָל ניט אויפברויזן מער,
מיין בליק זאָל מיט ווילדקייט ניט בליצן —
נאָר אויפשיינען זאָל פון רחמנות אַ טרער
און זיי פון מיין צאָרן באַשיצן.

וואו זיינט איר, וואו זיינט איר, קומט אַלע צו גיין
איר ווייטע וואָס זיינט אַזוי נאָענט!
אין מדבר פון מענטשן מיט הערצער פון שטיין
באַלויכט מיינע פינצטערע שעהן.

וואו זיינט איר, וואו זיינט איר, קומט אַלע אַהער
איר אַלע וואָס פלעגט מיר געטרויען!
און העלפט מיר און שטאַרקט מיך, ס'איז מוראדיק שווער
צו ביישטיין דעם לעצטן נסיון.

# די קייט

א.

...גרויזאַם איז די קראַפט
וואָס האָט באַשאַפן אונדז,
און האָט אַ טייל פון זיך
אין אונדז פאַרגעסן...

נאָר ווער און וואָס בין איך?
אַ ברעקל פון דער וועלט,
פון דער אומענדלעכקייט!
אַ טרעפּ פון לייטער,
וואָס ציט זיך אומבאַוואוסט וואוהין?
אַ טרעפּ —
אויף וועלכער מען וועט טרעטן!
איז טרעטן וועט מען אויף דאָס שענסטע,
אַלץ איינס ווי אויף דאָס העסלעכסטע.
עס ווערט דער אָוונט שטילער אַלץ, אַלץ טונקעלער
וואָס איז אין מיר ...

און זיינען מענטשן מיסט,
וואָס מאַכן פעט דאָס פעלד
און קרעפטיקער דעם זאַנג,
און פּרעכטיקער די בלום —
איז דאָס אַ טרייסט פאַר מיר,
אַז אויך די קומענדע,
וואָס וועלן זיין דורך מיר פאַרבעסערט —
באַגעגענען וועלן סוף-כל-סוף
דעם זעלבן גורל פון גאָט ווי איך.
אַ, גרויזאַם איז די קראַפט
וואָס האָט באַשאַפן אונדז,
און האָט אַ טייל פון זיך
אין אונדז פאַרגעסן!

נאָר אפשר זיינען מענטשן וועלף —
וואָס האָבן ניט קיין מאָרגן,
וואָס זייער לעבן נאָר באַשטייט
פון איצטיקער רגע!

וואָס שלינגען-איין דעם חבר,
דעם שוואַכערן פון זיי,
און בלייבן רואיק אויף אַ ווייל?
וואָס זעטיקן נאָר אָן
די ווילדע תאוה,
און שלאָפן ווען דער מאָגן
איז מיט נבלה פול! . . .
דאָן — בין איך אויך קיין וואָלף ניט . . .
מיר שטערט,
עס האַלט מיך אויף די קיום,
וואָס ציט זיך פון דעם אַ נ ה י י ב,
פון וועלכער איך אַליין
בין בלויז אַ טייל פון קלענסטן רינגל
און, קען זיין, נישטיקער
און אומבאַדייטנדער נאָך מער?

און זאָל איך האָבן פרייד
פון דעם — וואָס קוקט מיין אויג,
פון דעם — וואָס פילט מיין האַרץ,
פון דעם — וואָס אָטעמט שווער מיין ברוסט, —
נאָר קען צופרידן זיין אַ פונק וואָס לעשט זיך אוים?
און קען צופרידן זיין אַ הונט,
וואָס פילט אין זיין געלויף
אַ שטעקן אויפגעהויבן אויף זיין קאָפּ?
און קען צופרידן זיין דער מענטש,
ווען ער פאַרשטייט בלויז דאָס
וואָס איז פון אים אַליין געשאַפן?
און זיך? זיך קאָן ער ניט באַגרייפן! . . .
און קען דער אויגנבליק פון גליק
פאַרגעבן אויף די לאַנגע,
מיט ווייטיק פולע שעהן,
וואָס זייער יעדע רגע
איז ווי די אייביקייט אַליין
אומענדלעך לאַנג? . . .

און דאָך,
עס ווערט ניט מיד דאָס אויג פון זען;

דאָס הארץ — פון פליען,
און קיין זאַך שטילט ניט איין דעם ברענעדיקן דאָרשט.
מיר פילן בלויז און מיר פארשטייען,
אַז עפּעס־וואָס פארלירן מיר
אין יעדער ווײַלע וואָס פארגייט.
נאָר וואָס — באַגרייפט מען ניט.
און דער טויט אַליין מעקט אָפּ דעם גרענעץ
פון אונדזער ז ײ ַ ן און א ײ ב י ק י י ט...

אַ גרויזאַם איז די קראַפט,
וואָס האָט באַשאַפן אונדז
און האָט אַ טייל פון זיך
אין אונדז פארגעסן!...

ב

...נאַכט
אַליין אין וואַלד. מיר דאַכט,
אַז קיינער אויף דער וועלט
איז ניט פארבליבן,
בלויז איך, פון קעלט
און עלנדקייט געטריבן,
שפּאַן אום,
שפּאַן אום.

אַ שטעגל פלעכט זיך קרום;
אַרום איז טויט,
און בערג פון שטיין,
און איך — פון זיך אַליין באַגלייט.

אַ פויגל שרייט:
און ערגעץ ווייט —
הילכט אָפּ זיין קלאַנג.
אין מיר דערוואַכט די צייט —
מיר דוכט, אַז לאַנג,
מיט יאָרן טויזנטער צוריק,
האָט שוין פּאַסירט דאָס גליק...

איך בין געווען,
גערילט, געזען,
נאָר אַלץ איז שוין פאַרשוואונדן לאַנג,
אין שרעק
פון לויפנדיקע טעג;
אין גאַנג
פון ניט אַנטפּלעקטע וועלטן.

און פּלוצלונג פאַלט אַראָפּ
אַ בלעטל צי אַ רעגנשפּריץ;
אַ רעיון ווי אַ בליץ
פלאַמט אויף אין קאָפּ:
אַ קרבן דאַרף דאָס לעבן!
אַ קרבן — וועלכער זאָל פאַרגעבן
די פרייד;
וואָס איז אויף יענעמס לייד,
אויף יענעמס טויט
געבויט...

נאָר וועמען איז דאָס גליק באַשערט
צו זיין אַ קרבן פאַר דער ערד?
ווער קען דאָס מיט זיין בלוט און ביין,
די ערד — דאָס לעבן מאַכן ריין!...

עס הענגט די פינצטערניש געדיכט,
פון נעפּל פייכט ווערט מיין געזיכט;
קיין אויסלייזונג ניטאָ גאָר פאַר דער וועלט...
געפאַלן זיינען שטערן אויף דער ערד,
און אויך
מלאכים פון דער הויך —
פיל לעבנס האָבן שוין געליטן;
עס האָבן קוואַלן זיך אַליין פאַרצערט,
און טייכן האָבן זייער גאַנג געביטן,
אַנטפּלעקט דעם אָפּגרונט האָט דער ים,
עס האָבן בערג מיט פלאַם
געשפּיגט,
און זיך פון אָרט גערירט,

נאָך שטאַרקער איז געווען צו יעדער צייט
די זינד, וואָס האָט די וועלט געפירט,
און וועט נאָך, ווי אַ שווערע שטראָף,
דערפירן דורות ביזן סוף.

עס צאַפּלט זיך אין מיינע האָר דער ווינט...
ווער ווייס וואָס איז אַ זינד?
קען זיין, אַז רויט איז אונדזער נאַכט —
פון די קרבנות וואָס מיר האָבן שוין געבראַכט...
און אפשר איז באַשערט,
די ערד —
זאָל לייטערן זיך אין דעם שיין,
פון פּיין —
און נאָכדעם אויסגעלייטערט, ריין,
פאַר זיך אַליין אַ קרבן זיין?...
ווער קען פאַרשטיין?...
אַ קרבן איז, קען זיין, דער מענטש אַליין,
און מיט זיין לעבן קויפט ער אויס
פאַראויס
די רגע פרייד,
די רו פון טויט...
ווער ווייס,
ווער ווייס?

עס זינקט אין נאַכט — די נאַכט.
מיר דאַכט;
אַ גרייז איז אַלץ וואָס האָט פּאַסירט
און מיך אַהער דערפירט...
אָרום איז טויט...
בלויז איך — פון זיך אַליין באַגלייט.

ג

ווי דאָרשטיקע צום וואַסער פאַלט איר צו —
צו יעדער שעה פון לעבן.
נאָר ווייסט פאָראויס: באַפרידיקונג און רו
וועט אייך דער קוואַל ניט געבן;

דער שטראָם איז טיף און גרויס —
און קיינמאָל שעפּט ער זיך ניט אויס,
דאָך — וועט איר דאָרשטיקע פאַרבלייבן!...
אַרויסגעריסן פון דעם תהום,
וועט אייך דער שטראָם
צוריק צונויפגעקלייבן
אַהין, — וואו עס שלאָגט און אירט
דער צער און פרייד פון אַלעמענס געבירט...

דער תוך פון זיין?
דאָס וועט אייך קיינער ניט דערקלערן:
וואו חושך — דאָרט איז שיין,
וואו פרייד — דאָרט זיינען טרערן,
די ליבשאַפט מיט דעם האַס —
צוזאַמען ווערן זיי געבאָרן!
און אין דעם ליכטנדיקן שפּאַס
שלאָגט אָפּ דער שוואַרצער פלאַם פון צאָרן...
אַ שטויב
מיט שטויב
באַהעפטן זיך אין וועג —
און ביידע טראָגט דער ווינט אַוועק...
און ווען איר גייט
אין וועג מיט פרייד,
איז וואויל צו אייך.
און האָט איר מוט,
צו גיין אין בלוט, —
איז וואויל צו אייך.
נאָר ווי איז אייך,
און ווי איז אייך, —
אויב איר זייט ריין.
נאָר ווי איז אייך,
און ווי איז אייך:
איר מוזט דאָך גיין!...
ווייסע שוואַרצע, געלע מענטשן, —
אומזין, אומזין,
בלוט איז רויט!
ווייסע, שוואַרצע, געלע מענטשן, —

אומזין, אומזין
טויט — איז טויט.
האָט אַ פייער זיך צעפלאַמט אין מענטשנס האַרץ,
האָט זיך אָנגעצונדן באַלד די גאַנצע ערד.
שטייען ווענט פון רויך ווי אָפּגרונט שוואַרץ,
שפּיגלט זיך די וועלט אין שאַרף פון שווערד...
זיינען קינדער פון דער ערד געוואָרן ווילד,
האָבן זייער דאָרשט נאָך רו מיט בלוט געשטילט.
ווייסע, שוואַרצע, געלע מענטשן,
אומזין, אומזין,
בלוט איז רויט!
ווייסע, שוואַרצע, געלע מענטשן,
אומזין, אומזין,
טויט — איז טויט.
זיצט דער אָפּגאָט מולך אויפן טראָן און לאַכט,
קוקט דער אָפּגאָט פון זיין שאַרבנטראָן און קוועלט:
אין אַ ים פון בלוט פאַרטרונקען ווערט די וועלט, —
און אין מענטשנס האַרץ איז פינצטער נאָך די נאַכט;
האָט דער מענטש פון בלוט און הונגער נאָר דעם טעם פאַרזוכט,
בלייבט זיין פרייד דורך לאַנגע דורות נאָך פאַרפלוכט...

ד.

טויט איז מיין נשמה!... גאָט
האָט אָפּגעטאָן פון מיר זיין גנאָד.
אויף זיבן ימען איז מיין פרייד צעשפּרייט,
אויף אַלע וועגן איז מיין צער פאַרזייט...
עס האָט דער ווינט דעם לעצטן שטויב צעבלאָזן,
און ווי אַ שטיין אַ האַרטער צווישן גראָזן,
בין איך געבליבן אין דעם מענטשן־מדבר שטיין
מיט מיין פאַרשטאַרטן האַרץ אַליין.
די זון אין אירע פליגל וועט ניט ברענגען מער
קיין היילונג מיר... קיין פרייד ווי ביז אַהער.
און נאָר דער ווינט
וועט, אפשר, מיר אַן אָנזאָג און אַ גרוס מיר ברענגען:
דאָס וואָיען פון די הונגעריקע הינט
אויף תליות, וואו די ברידער מיינע הענגען,

א זעמדל אויסגעווייקט אין בלוט
פון קינדער פארפייניקט אונטער רוט,
א וואלקן אויסגעוועבט פון רויך
וואס האט זיך פון די פייערן געצויגן,
וואו יונגפרויען און זקנים מיט געפלאצטע אויגן
ארויסגעזיפצט האבן דעם לעצטן הויך...

מיין הארץ איז טויט!...
מיין הארץ איז טויט!...
און ימען בלוטיק-רויט.
מיך קאנען שוין ניט אויפשווידערן מער;
איך לעב ווי ביז אהער,
איך לעב, איך פיל נאך און פארשטיי...
און ערגעץ... ערגעץ זיצן טויבן צוויי
די קעפלעך אין זיך אריינגעצויגן,
און קוקן מיט פארטראכטע אויגן
ווייט אין דער וועלט אריין, אזוי...
דער הימל זאפטיק בלוי,
אויף פעלדער וויגן אום זיך גראזן;
א גאט,
מיין גאט,
האסט מיך פארלאזן!
און מיינע אויגן האלב-פארמאכט
קוקן אין דער נאכט,
קוקן אין דער שווערער, בלינדער נאכט...
און טויט איז מיין נשמה, טויט!...

# פון אונדזערע אַלטע תפילות

פון אַלע תפילות, פּראַכטיקע און ריינע,
וואָס אָטעמען מיט לויטערן געפיל,
איז מיר צום מערסטנס טייער איינע,
וואָס יידן זאָגן פאַר זיך אין דער שטיל;
די ווערטער, איינפאַכע און שטילע,
פון יענער וואונדערלעכער תפילה, —
ווי אַ פאַרשולדיקט קינד וואָס רעדט
צום פאָטער מיט געבעט, —
פאַרבלייבן איינגעקריצט אין האַרץ און אין זכרון:
„מיין גאָט! ווען איך באַשאַפן בין נאָך ניט געוואָרן,
בין איך דאָך אויך אַזוי ווי קיינמאָל ניט געווען:
ביים לעבן בין איך שטויב, אַ פשיטא — נאָך מיין שטאַרבן...
אָט שטיי איך דאָ פאַר דיר — אַ שאַרבן
פול שפאָט און שאַנד... דיין רצון זאָל געשען,
אַז איך זאָל מער ניט קומען צו קיין זינד,
און וואָס איך האָב פאַר דיר געזינדיקט ביז אַצינד,
מעק אָפּ מיט רחמים אין דיין גרויס גענאָד,
נאָר ניט דורך וויטאָגן און ליידן, ליבער גאָט...״

# אַ שטערן פאַלט

אַ שטערן פאַלט
אויף דר'ערד
פאַרקלערט,
און בלעטער פיל
טראָגט אום דער ווינט.
ניט וויין, מיין קינד,
זיי שטיל,
זיי שטיל!

# וואונדער

פריער, איצטער, שפּעטער —
ווי פאַרווישט,
אויפן בוים די בלעטער
אויסגעמישט.

נעכט און מאָרגנס וויקלען,
ווייס און שוואַרץ —
אויגן — הימל־שפּיגלען
און אַ האַרץ...

קומען און פאַרשווינדן —
ווינט און פעלד,
און צוזאַמענבינדן
וועלט מיט וועלט.

וואונדער אייביק־נייע
יעדן טראָט,
ביז ס'בליצט אויף דער רעיון —
גאָט!

# מיסטעריעס

א.

און ווען דו זעסט פאַראייניקט זיינען מאַן און ווייב,
באַטראַכט — און גלויבן ווערסט דו ניט דעם גרויסן וואונדער:
אַן אומבאַוואוסטע קראַפט באַהעפט האָט זייער לייב,
נאָר יעדער איינער בענקט און טראָגט זיין צער באַזונדער.

און האָסטו ווען געזען אַן אַלט-געבויטע וואַנט,
וואָס איז פון שווערע שטיינער און פון ליים געמויערט?
זיי קונציק האָט באַהעפט אַן אומבאַוואוסטע האַנט,
נאָר יעדער שטיין באַזונדער, יעדעס זעמדל טרויערט.

ב.

און ווען דו מיינסט, דיך האָט דיין מזל אויסגעלאָזן,
און האָט אַן אַנדערן אָוועקגעשענקט דיין גאָב,
באַטראַכט דעם בוים: אויף אים די זעלבע ווינטן בלאָזן,
און דאָך ניט אַלע בלעטער פאַלן גלייך אַראָפּ.

און האָסטו ווען באַקלערט דעם גורל פון די בלומען?
מיר ברענגען זיי דאָך טויט געניסנדיק פון זיי...
ניט קלאָג זיך, וואָס פאַר פרעמדע ווערט דיין גייסט צעשוואומען,
וואָס אַנדערע געניסן פון דיין טיפן וויי...

# מיטגעפיל

די יוגנט פירט מיט גלוּיביקייט די גאַנצע וועלט פאַראויס!
נאָר ווי אַ בליץ, אַ ווייטער, לעשט זיך שנעל די יוגנט אויס:
דער פייערדיקער פאַרהאַנג פאַלט פאַר אונדזער בליק אַראָפּ,
מיט קאַלטן טוי, פאַרגליוערטן, באַדעקט ווערט אונדזער קאָפּ,
און אַלץ אין אונדזער מידן בליק ווערט וואָכעדיק און קאַלט
נאָר דער וואָס ליידט פון יוגנט־אָן — ניט שנעל וועט ווערן אַלט!
און ווער דעם טויט געפילט האָט נאָך פון קינדווייז ביי דער זייט, —
אויף אים אַ קנאַפּע שליטה האָט די עלטער און די צייט!
זיין האַרץ איז וואַך! אים האַלט ניט אָפּ אַפילו דער געדאַנק,
וואָס ער האָט שוין פיל מאָל דערוואַרעמט אין זיין ברוסט אַ שלאַנג.
דער הייסער שטראָם פון מיטלייד טוט זיך באַלד אין אים אַ הויב!
ווייל יעדער רייטער אויפן וועג הויבט־אויף אַ זייל פון שטויב,
און אויך פון קאַלטע שטיינער שלאָגט דער האַמער אויס אַ פונק...
נאָר איידל איז פון זילבער פון געלייטערטן דער קלונג!
און היים איז דאָס געפיל פון יענעם, וועלכער האָט אַליין
אין וועג צעבלוטיקט זיינע פיס אויף דערנער און אויף שטיין.

# חרטה

אַנשטאָט צו לערנען תורה ערגעץ אין אַ קלויז,
און אויפהיטן די ריינלעכקייט פון אונדזער לעבן,
בין איך, אַ בעל-החלומות, אויף דער פריי אַרויס,
און האָב מיט פרעמדע לערנונגען זיך אָפּגעגעבן.

אַנשטאָט דעם שיין פון אונדזער לעבעדיקן וואָרט,
האָב איך פון פאַלשן גלאַנץ געלאָזן זיך פאַרפירן:
כ'האָב אָפּגעטער געדינט אויף יעדן הויכן אָרט...
אַ ניט-געבעטענער, געקלאַפּט אין פרעמדע טירן.

דעם כוס פון שאַנד שוין אויסגעטרונקען ביזן דעק!
מיין שטומער צער האָט מיך ביז היילקייט דערהויבן,
ווייל כ'האָב געמיינט — אָט קומען די געבענטשטע טעג,
און ס'ווערט די וועלט שוין פול מיט וויסן און מיט גלויבן.

געמיינט — אַ נייע זון צעשטראַלט זיך אויף דער ערד,
אַן אויסלייזונג קומט אַן פאַר פעלקער און פאַר לענדער,—
נאָר... עשו, ברודער עשו, לעבט נאָך אויף זיין שווערד,
דער מענטש פון פאַנג האָט זיך דורך דורות ניט געענדערט.

און אָט — געקומען איז מיין חלום צו אַ סוף,
עס האָט אים מיטאַמאָל אַזוי ווי שטויב צעבלאָזן...
און צען מאָל שרעקלעכער איז נאָך פאַר מיר די שטראָף
ווייל איך האָב מיך אויף עשוס יושר זיך פאַרלאָזן.

איך האָב דאָך נאָך פון לאַנג געוואוסט זיין שווערע האַנט,
און פון זיין בלינדן האַס זיך אַלעמאָל געוואָרנט:
צעטיילט די מחנות מיינע איבער יעדן לאַנד,
נאָר ס'האָט מיך דאָך דערגרייכט זיין מערדערישער צאָרן.

און וועמען אַרט מיין בראָך? ווער נעמט זיך אָן פאַר מיר?
צו וועמען שרייט אַרויס מיין בלוט וואָס ווערט פאַרגאָסן?
פאַרשטאָפּט איז יעדע האַרץ, פאַרמאַכט איז יעדע טיר,
די וועלט האָט ווי דער מדבר זיך אויף מיר פאַרשלאָסן!...

און ווי!... דערוויייטערט האָב איך זיך פון שמס געצעלט,
דעם זיבערן געצעלט פון ליכטיקייט און שלום,
און האָב נאָך איצט מיר טענות צו דער גאַנצער וועלט,
פאַרוואָס מיך האָט באַטריבט און אָפּגענאַרט מיין חלום.

# אָ, פאָלק מיינס!

אָ, פאָלק מיינס! ביסט נאָך אַלץ דער פּרינץ פון אַלע שטאַמען!
און ווי אין יעדער צרה וואָס פּאַסירט מיט דיר —
איז אין דיין שפלות איצט די וועלט דיר נאָך מקנא,
מען קוקט נאָך אויף דיר אַלץ — ווי בעטלער אויף אַ גביר.

און דיין עשירות? ווײ... עס האָבן שטענדיק שונאים
דיין שווער־פאַרדינטן גאָלד פאַרשווענדט אויף זנות און וויין...
האָסט לעבנס אויסגעקויפט ביי הערשער און גזלנים,
וואָס האָבן גאָר די ווערט ניט דיינע קנעכט צו זיין!

מיט שטאָלציקער עניוות האָסטו זיך דורך דורות
געוווּרט פון יעדן שונא אויף דיין לאַנגן וועג,
און הייליקייט פאַרשוועכטע ווײנט אין דער הפקרות
אין וועלכער דו הילסט־איין דיין הילפלאָזיקע שרעק...

מיין אומפאַרשטענדלעך פאָלק! ווער ווייס, ווער קאָן באַנעמען,
וואָס פאַר אַ נס דיר וואַרט אַהינטער מאָרגנס טיר?
מען קען מיט דיר זיך גרויסן, און מען קען זיך שעמען...
אוועקגיין — קענען דיינע קינדער ניט פון דיר!

און נאָר דער טויט אַליין קען זיי מיט דיר צעשיידן,
און אָפּטמאָל דוכט זיך, אַז אַפילו ניט דער טויט...
ווייל ס׳לעבן אין דיר אייביק דיינע קינדערס ליידן,
וואָס פאָדערן אַ שכר און מאָנען אַ באַשייד!

# די וואונדערלעכע שעה

מיר זיינען אומגעגאנגען לאנג פאַרשקלאפּטע מידע
און וועגן דורכגעפּירט — אַז פרעמדע זאָלן גיין.
און אונדזער אַלטער, העלער, ברענענדיקער פייער
געוואָרן איז אַ ווייטער טרוים פאַר אונדז אַליין.

געוואַנדערט האָבן מיר דורך וויסטענישן לאנגע —
און וועלטן האָבן מיר פאַר אַלעמען געבויט.
מיר האָבן אונדזער גייסט צעשפּרייט אין פרעמדע לענדער,
פון אונדזער בלוט איז פרעמדע ערד געוואָרן רויט...

און איצטער ווערט אַ וואונדערלעכע שעה געבאָרן:
ס'האָט אויפגעפלאַמט דער פונק, וואָס האָט אין אונדז געגליט
און גרויזאַם קרעכצט די ערד פון דונערן און קנאַלן —
און נייע לעבנס, וועלטן ווערן איצט געשמידט.

# פורים 1942

אזוי פיל דורות שוין אריבער,
און יארן דורכגעשוועבט פארביי, —
דאך לעבן מיר נאך איצטער איבער
די ווייטע צייטן פון דאס ניי.

אט זע איך אחשורוש-שוטה,
וואס ווייס ניט קיינמאל אוים צי איין;
ער וואלגערט זיך ביי טישן גרייטע
אן אנגעזויפענער מיט וויין.

און אט איז ער, דער צורר המן,
וואס האט אויף אונדז זיך אויפגעשטעלט,
און האט פארטראכט אין זיין נקמה
אונדז אומצוברענגען פון דער וועלט.

און מרדכי, — ביי דעם מלכס טויער, —
וואס שטייט פאר המנען ניט אויף,
די שטילע אסתר בלייך, פארטרויערט,
וואס לאזט זיך גיין צום מלכס הויף.

די לויפער און די אחשתרנים,
וואס האבן אנגעיאגט א שרעק, —
און אט די אלע בייזע שונאים
פון יענע אימהדיקע טעג...

און שפעטער — המנס סוף דער וויסטער,
די פרייד וואס איז ביי אונדז געוועזן!...
וועט מיט דעם נייעם המן איצטער
געווים דאס זעלביקע געשען.

און שיינען וועט נאך אונדזער שטערן
ביז אין דער אייביקייט אריין,
די וועלט וועט אויסגעלייטערט ווערן,
און ס'וועט א נייער פורים זיין.

# פסח־ליד

אָ, יום־טוב פון פרייהייט פון פרייד און דערלייזונג!
דו האָסט אונדזער לעבן דורך דורות באַהעלט,
און שטענדיק געמוטיקט אין צייטן אין בייזע
צו לעבן און אָנגיין אין פיינטלעכער וועלט.

אָ, יום־טוב פון פרייהייט!... ווען אונדזערע ברידער,
די טויזנטער קדושים אויף יענער זייט ים, —
איצט ווערן פאַרפייניקט פון שונא דעם ווילדן,
וואָס שענדט און פאַרמיאוסט דעם מענטשלעכן שטאַם...

ווער נאָך קען אַזוי פיל יסורים פאַרטראָגן!
ווער קען אונדזער אימה און ווייטאָג פאַרשטיין,
ווען מיר וועלן שטאָלץ שפוך חמתך נאָך זאָגן! —
און ס׳וועט אין אַ יאָמער דאָס האַרץ זיך פאַרגיין!...

דאָך קען אונדז דער שונא דורכאויס ניט באַרויבן,
ניט אַלץ קען באַזיגן אַפילו דער טויט!...
און ס׳בלייבט מיט אונדז אייביק דער ליכטיקער גלויבן,
וואָס איז אונדז צייט טויזנטער יאָרן פאַרטרויט.

דער ליכטיקער גלויבן פון נביא ישעיה, —
וואָס איז דורך די דורות אין בלוט אונדז אַריין, —
און קומען אַ צייט וועט אַ שיינע, אַ פרייע,
און לויכטן די וועלט וועט אין אייביקן שיין.

נאָך גרויזאַם און שטאַרק איז דער שונא... דאָך ווייס איך,
אַז ס׳איז די ישועה שוין נאָענט און גרייט...
און דורות נאָך אונדז וועלן פייערן פסח,
דעם יום־טוב פון פרייהייט, דערלייזונג און פרייד.

## ווי פייגל

ווי פייגל מידע, אומבאהאלפענע
טראָגט איר אַהינטער זיך די נעכטנס,
אַ פייגל ליבע, עלנטע
און אויסגעמאַטערטע !

עס איז איך שווער מיט זיי
אַ בערגל דורכצוגיין,
אַ וואַסער דורכצושפרייזן.

פאַרשטויבטע הענגען זיי אַראָפּ,
די פליגל אייערע,
און איבעריקע לאַסט
אויף אייערע פאַרבענקטע פלייצעס.

אין בענקענדיקער שטילקייט
פאַרנעמט איר די געזעגנען פון אָרום,
און ציילט די פעדעם גאָלד
פון די פאַרגאַנגענע חלומות.

## פאַרמשפּט

פאַרמשפּט זיינען מיר — פאַרפאַלן !
און אומבאַגרייפלעך איז דעם מענטשנס פרייד,
ווי דאָס געפיל פון דעם פאַרמשפּטן, וואָס גייט
זיין לעצטן וועג און שמייכלט צו די שטראַלן

און צו די גראָזן אויפן וועג...
די סודותדיקע פרייד פון שרעק, —
דער פערל-שוים אויף שוואַרצע קוואַלן !
פאַרמשפּט זיינען מיר — פאַרפאַלן !

# די שטראָף

אָ, גאָט! עס איז פיל שווערער ווי אַ שטראָף
די ברכה פון דיין האַנט:
פאַרשטאַנד.
דער בליק וואָס עפנט אויף דעם סוף
פון צייטן,
וואָס קוקט אַריין אין ווייטע ווייטן
און ווייטער נאָך, און מער...
אָ, גאָט! ווי שווער דיין ברכה איז, ווי שווער!

ווי גרויס עס איז דער עלנט פון דער וועלט!
ווי הילפלאָז דיינע גראָזן אויפן פעלד!

איך ווייס דאָך. דעם מוראדיקן צער פון זיין
און פיל די גרויסע שמחה פון פאַרגיין;
אין דיינע טויערן אַריין
טראָג איך צונויפגעקניפּט דעם נעכטן און דעם מאָרגן, —
און דאָך האָסט דו פון מיר אַליין
מיין לעצטע שעה פאַרבאָרגן.

די לעצטע גרויסע שעה פון זיין:
דער לעצטער שטראַל פון אויגן־שיין,
דער לעצטער ציטער פון אַ גוף וואָס שלומערט איין!

דו האָסט די גאַנצע וועלט פאַר מיר אַנטפּלעקט
און האָסט מיין קומענדיקן טראָט פון מיר פאַרדעקט,
איך זע פון כאַאָס אַלע צאָמען:
די ערד, דעם הימל און די ימען,
איך פיל די שיינקייט פון די שטראַלן
די סודות פון די גראָזן, בערג און קוואַלן
און איך באַגרייף דעם מענטש: דיין קרוין, דיין וואונדער.

דו האָסט אין מיר אַריינגעטאָן די וועלט
און האָסט מיין קומענדיקן טראָט
פון מיר פאַרשטעלט...
ווי שווער מיר איז די ברכה פון דיין האַנט:
פאַרשטאַנד,
וואָס האָט די שלייערס אַלע דורכגעריסן
און מיר דעם גרויל דעם נאַקעטן באַוויזן.
און ווי, און ווי!...
מיך קען שוין מער ניט פרייען
דעם מענטשנס גליק:
געליבטע גייען —
דערזעט מיין בליק
די פנימלעך פון טויטע קינדער צווישן זיי.
איך זע צוזאַמען
דעם בליען און דעם וויאַנען...
ווי טרויעריק מיר ווערט
אין וואונדער־לעכן גאָרטן פון דער ערד!
מיין פרייד איז שוין קיין פרייד ניט מער...
אַ גאָט, ווי שווער מיר איז, ווי שווער!

# אין זון־פאַרגאַנג

עס שטייען־אָן די קלאָרע בלווילעכע פאַרנאַכטן,
און שטילע שעהן נידערן אויף באַרג און טאָל;
דער זומערדיקער טאָג גייט־אָפּ אין טויזנט פּראַכטן
און אַלץ, און אַלץ אַרום, איז, דוכט זיך, ווי אַמאָל.

אַ ווינטעלע פרישט־אָפּ די אָפּגעצערטע גראָזן,
די מידע בוימער וואַרטן אויף דעם קילן טוי,
און ס'גלאַנצן וואַסערן פאַרקלערט, ווי איינגעשלאָפן,
אין שטילקייט פון דעם אָונטיקן בלוי.

פאַרנאַכט, באַלד נאַכט, — אַ זון־שטראַל און אַ שטערן,
די גאָט־געבענטשטע שעה פון זעליקייט פאַלט צו,
און ס'ווילט זיך אויך צום פאָלק אַריינגעקליבן ווערן,
און מיט די עלטערן צו לייגן זיך אין רו.

נאָר ביסטו זוכה דען אַ רו אַזאַ צו האָבן,
צוזאַמען מיט דיין פאָלק אַריינגעקליבן זיין?
האָסטו אויף זיך דעם גזר פון נאָמען ייד געטראָגן,
און מיט די קדושים גלייך אין קאַלכאויוון אַריין?

האָסטו געהייליקט דען, ווי זיי, דעם גרויסן נאָמען?
באַגלייט צו דער עקידה מוטער, ווייב און קינד,
פאַרבלייבנדיק אַליין, פאַרלאָרן איבער תהומען
און וואָלקנס שווערן רויך, געטריבענעם פון ווינט?

האָסטו דען אויפגעלעבט די אַלטע בערג פון ציון
מיט ליבשאַפט פון דיין הארץ און אַרבעט פון דיין האַנט,
און פאַלנדיק אין שטרייט מיט פרייד אַרויסגעשריען —
זאָל לעבן אונדזער פאָלק, זאָל לעבן אונדזער לאַנד!

און אָט איז שוין באַלד נאַכט, אַ זון־שטראַל און אַ שטערן,
די גאָט־געבענטשטע שעה פון זעליקייט פאַלט צו,
און ס'ווילט זיך אויך צום פאָלק אַריינגעקליבן ווערן,
און מיט די עלטערן צו לייגן זיך אין רו.

## ווי האַרט און שטאַרק

ווי האַרט און שטאַרק עס איז דער פעלדז, וואָס פילט און צעשלאָגט
די ברויזנדיקע כוואַליע, וועלכע קומט פון ים און קלאָגט,
און קלאָגט אויף דעם וואָס זי צעשלאָגן מוז זיך אָן דעם שטיין,
און נאָכדעם אַ צעפּיצלטע צוריק אין אָפּגרונט גיין!...
און ווידער נייגעבאָרן אין דעם אומבאַוואוסטן תהום,
צום האַרטן ברעג זיך לאָזן מיט דעם לויפנדיקן שטראָם...
און איילן , יאָגן, טומלען זיך אין אומזיניקן טאַנץ,
צעפּיצלען זיך, צעשווימען זיך, און ווידער בלייבן גאַנץ!

אַזוי איז אויך אונדזער געפיל וואָס וואַכט אין אונדז און וואַכט!
און ריין איז נאָך די טרער וואָס ווערט פאַרגאָסן אין דער נאַכט,
יאָ, לויטער איז די טרער וואָס ווערט פאַרגאָסן אין דער שטיל,
און היים איז נאָך דער טיפער זיפץ פון מענטשלעכן געפיל,
וואָס רייסט זיך מיט אַ ווייטאָג פון צעבראָכן האַרץ אַרויס!
נאָר ווי אַן איידלשטיין פאַרוואַלגערט אין אַ חרוב הויז,
וואו קיינער קען ניט אָפּשאַצן זיין צויבער־שפּיל, זיין ווערט —
אַזוי איז אָפטמאָל אונדזער האַרץ פאַרוואַלגערט אויף דער ערד.

## אַ שיף

אַ שיף גייט דורך פאַרביי, די זעגלען אָנגעצויגן,
אַ רגע וויגט זיך און שווימט־אויף נאָך איר דער וואַל,
אַ רגע ציטערט־אויף אין ווייסן שוים דער שטראַל,
און באַלד פאַרשווינדט דער שפּור, דער אָפּגרונט ווערט פאַרצויגן;
די שיף פאַרזינקט אין ווייטן אָוונטיקן פלאַם,
און רואיק און געהיים ווי פריער בלייבט דער ים.

# אין אָוונט

די זון האָט צו אָוונט פֿאַרבאָרגן איר שײַן,
דאָך קען איך, אַ מידער, נאָך רואיק ניט זײַן.

דער ים וויל ניט רוען... ער שלאָגט זיך אָן שטיין
דורך טעג און דורך נעכט אין אַ שטילן געוויין.
און ערגעץ־וואו רוען די פֿעלדער פֿאַרטראַכט,
און ס׳גייען שוין מענטשן אַהיים צו דער נאַכט.

# זאָל זײַן אַזוי

זאָל זײַן אַזוי;
און אַלץ וואָס דיר איז אין דײַן גורל צוגעפֿאַלן,
נעם־אָן און היט.

זאָל זײַן אַזוי;
עס קומען־אָן, דורך טעג פֿון טוי און שטראַלן,
די טעג פֿון שניט...

זאָל זײַן אַזוי...
גיי־דורך... נאָר זאָל נאָך דיר דײַן שפּע שטראַלן,
און גילדן דײַנע טריט.

## אַברהם רייזען

אַ גרויסער יום־טוב, זאָגסטו, איז דאָס לעבן
און יעדער טאָג איז אַ געשאַנק פון גאָט —
איך גלויב דיר: דו וועבסט איין אין יעדן טראָט
די גרויסע יום־טובדיקייט פון דיין לעבן!
דו שמייכלסט אויך דורך טונקעלע געוועבן,
ווייל שפּיל און פרייד איז שטענדיק דיין געבאָט.
אַ גרויסער יום־טוב, זאָגסטו, איז דאָס לעבן
און יעדער טאָג איז אַ געשאַנק פון גאָט.

## יידן...

יידן, פּרעה און מצרים,
ליים און ציגל, שקלאַפערייַ,
נאָכדעם משה און באַפרייאונג —
אַ געשיכטע אייביק ניי!

לאַנג, שוין לאַנג ניטאָ איז פּרעה,
אונדזער אַלטער בייזער פיינד,
נאָר די זעלביקע געפאַרן
לויערן אויף אונדז נאָך היינט.

שטענדיק מדבר אונדז אַנטקעגן,
און אַהינטער אונדז — איז ים...
דאָך מיר האָבן אויף די וועגן
דורכגעבראָכן יעדער צאַם!

איז פאַר אונדזער פאָלק דעם גרויסן,
און פאַר אונדזער אייביק זיין,
העכער, העכער הויבט די כוסות
און מיט שמחה טרינקט דעם וויין.

# צו אַ יידישן העלד

ביסט ניט גערעכט, דו זון געטרייער,
פון אונדזער קריגערישן שטאַם:
דיך האָט אַ בלענד געטאָן דער פייער,
דער הייליקער נקמה-פלאַם.

איך ווייס, דיין אָדלער-גייסט דער פרייער
פאַרטראָגט ניט אין דער לופט קיין סם...
נאָר ס'איז דיין לעבן צו פיל טייער,
אים אָפּצוגעבן פאַר אַ כאַם...

איך ווייס, עס ברויזן-אויף די תהומען
פון שטורעמס מעכטיקן באַריר,
און ווייס דעם קאַמף פון דיין נשמה
וואָס אָנגעגאַנגען איז אין דיר...

ביסט ניט גערעכט, — און דאָך דיין נאָמען
פאַרוואָרצלט זיך אין האַרץ ביי מיר,
און מיינע הייסע ברכות שטראָמען
דורך אַלע ימען צו דיין טיר.

# עס ווערן לענדער חרוב

עס ווערן לענדער חרוב און עס ווערן שטעט פּאַרוויסט,
בלויז שטעכנדיקע פלאַנצן וואַקסן־אויף אויף זייער מיסט;
און דאָרטן צווישן ברוך פון ציגל און פון אַלטן ליים
געפינען נאָר די עקדישן און פלעדערמייז אַ היים,
און צווישן שטיינער שליכט נאָר דורך אַ הונגעריקע שלאַנג...
און וויסט איז דאָרט — עס הערט זיך ניט קיין לעבעדיקער קלאַנג.
בלויז ווינטן יאָגן, איילן זיך און וויינען אין דער נאַכט,
און אויף אַ הויכן אָבעליסק אַ סאָווע זיצט און לאַכט.

נאָר יאָרן לויפן איבער, דורות שווימען דורך פאַרביי —
הויבט ווידער דאָרט אַ לעבן אָן זיך שפּינען פון דאָס ניי.
די שטיינער־חורבות זינקען איין, אין שטויב צעפאַלט דאָס ליים,
עס שפּראָצן דאָרט גראָזן אויף, עס וואַקסט אַרויס אַ בוים...
די צייט מעקט־אָפּ דעם לעצטן שפּור פון אַלץ, וואָס זי צעשטערט!
עס קומען נייע מענטשן אָן, באַאַרבעטן די ערד,
און אויף די גרינע פעלדער דאָרטן צייטיקט זיך שוין ברויט, —
און שפּעטער ווערט אַן אַנדער שטאָט אויף יענעם אָרט געבויט.

דאָס לעבן גייט ניט באַרג־אַרויף און גייט ניט באַרג־אַראָפּ;
און ווי די כוואַליעס וועלטן קומען־אויף און קומען־אָפּ.
און קיין זאַך קען ניט אָפּשטעלן דעם אייביקן געלאָף —
פאַרבאָרגן איז דער אָנהייב און פאַרהוילן איז דער סוף
און קען זיין, אַז דער שטויב וואָס הויבט זיך אויף פון אונדזער טראָט,
איז אפשר אַ געדעכעניש, אַ זכר, פון אַ שטאָט,
וואָס איז מיט דורות־לאַנג צוריק געבויט געוועזן דאָ...
און ווער קען וויסן וואָס אונדז ברענגט די קומענדיקע שעה?

מיר קומען מיט דעם ווינט און גייען מיט דעם ווינט אוועק;
און אומבאשטימט און אומפארשטענדלעך בלייבט אונדז אונדזער וועג.
מיר בויען וועלטן, נאָר מיר זענען היימלאָז ווי דער ווינט!
מיר טומלען זיך און זענען אַלע היפלאָז ווי אַ קינד...
נאָר ליב איז אונדז די קליינע רגע, וואָס איז אונדז באַשערט,
און וואויל איז דעם, וואָס לאָזט נאָך זיך אַ זכר אויף דער ערד,
וואָס לאָזט נאָך זיך אַ זכר פון צופעליקן זיין,
אַ שטויב, וואָס זאָל זיך אָפּשפּיגלען אין קומענדיקן שיין.

דער זומער, ווינטער, הארבסט און פרילינג קומען יאָר נאָך יאָר,
און אויך נביאים שטייען אויף פאר אונדז אין יעדן דור.
און קען זיין, אַז געבאָרענע פון געטלעכן געדאנק,
געפינען זיי זיך צווישן אונדז דורך דורות, דורות לאנג!
מיר שעפּן דאָך פון אַלטן קוואַל, וואָס האָט די וועלט גענערט,
ווייל חכמה האָט פון אָנהויב־אָן געוועלטיקט אויף דער ערד!
די חכמה איז פון אָנהויב־אָן געוועזן און וועט נאָך זיין —
און מיר — מיר זיינען כלים בלויז וואָס האלטן אויף דעם ווײַן.

# שורות

די אַלע טעג וואָס זיינען איבער מיר פאַרגאַנגען
וואָלט איך ניט וועלן אומקערן צוריק,
ניט טעג פון גינגאָלדענעם גליק,
ניט װוּנטן פון ווײ און זילבערנע געזאַנגען.
מיין האַרץ איז מיד... איך פיל שוין, דוכט זיך מיר, די קעלט
פון יענעם זייט... פון ווינט אַרום מיין אָרעמען געצעלט.
אַ בענקעניש אַ דינע הויבט זיך אָן אין מיר צו וועבן,

אָן אָפּהילך פון אַן אומבאַשטימטער שעה
וואו־ערגעץ אויף די גרענעצן פון דאָרטן און פון דאָ,
אַ שעה אַזאַ וואָס איז דערהויבן איבער רויש פון לעבן.
ווען נאָר דער רעיון פליגלט זיך און וואַכט,
און שטערן — שטערן פאַלן אין דער נאַכט.

ווי זעלטן איז די שעה פון גרייפן און פון אַנען,
די וואונדערלעכע שעה פון רעיון און געפיל,
ווען ווערטער לויטערע ווי בענקענדיקע שוואַנען
צו דיר פון ווייטע ברעגן ציען אין דער שטיל.

נאָר שנעל צערינט די שעה אין טריט פון לעגיאָנען
און אין די זיילן שטויב וואָס הויבן זיך אַרויף
אין שאַלן פון טרומייטן, אין יום־טוב פון די פאָנען
און אין דעם ווײ־געשריי פון די וואָס פאַלן אין געלויף.
דאָ — הענגט די האַק פון היינט, ניט דענקען און ניט וואַרטן!
און דאָרט — צוליב דעם מאָרגן ווערט דער היינט געצוימט...
און נאָך אַ דור פאַרגייט אין האָפענונג גענאַרטער,
און ס'בלייבט דעם מענטשנס חלום ווידער ניט דערטרוימט.

נאָר דער געיעג גייט־אָן: עס כישופן די ווייטן...
און יעדער דור, מיט נייעם אימפּעט אין זיין געזאַנג,
קומט אום ווי דער פאַרגאַנגענער, ביז די אוראַלטע צייטן.
אין קאַמף אין אייביקן פון פויסט מיט דעם געדאַנק.

נאָר דורך די שטויבן שמייכלען און בלימלעך און קאָראַלן,
די לאַכעדיקע מיידלעך, מוטערס פון דער וועלט, —
און — אַ פאַרבאָרגענע — די פרייד שפּילט־אויף אַזוי ווי שטראַלן
אויף שפּעדיקע וואַסערן אין דעם געבענטשטן פעלד.

און אין גערויש בלויז פידלען זינגען אוים דעם אומעט
און ס'רייסט זיך דורך אַ פלייט מיט צערטלעכן געוויין,
אויף די וואָס זיינען דאָ און די וואָס וועלן קומען
דעם זעלבן שטרייט צו פירן, דעם זעלבן וועג צו גיין...

און בלויז איין־איינציק מאָל צעברעכן זיך די שטייגן
און ס'ווערן אומגעריכט די תפיסה־ווענט צעשטערט, —
ווען איבער אונדז גייט־אויף די גרויסע שעה פון שווייגן,
דער סוף וואָס איז דער אָנהייב — באַהעפטונג מיט דער ערד.

# טעג און נעכט אַזוינע

שעפּסעלעך געפלעקטע,
ציען וואו אַוועק,
און מיט גרוי באַדעקטע
גייען־אָפּ די טעג.

נעכט, — די רו געשענקטע, —
אומרואיק און שוואַרץ...
פּחדים ניט פאַרדענקטע
מאַטערן דאָס האַרץ.

אויפגעפּראַלטער, ווילדער
ווערט דעם דמיונס בליק:
יידיש־אַלטע בילדער...
אימת־מות, קריג...

און אַ בייז געלעכטער
פון דעם תהום אַ רים, —
וואַכנדיקער וועכטער,
אוי, מיין אויג פאַרשלים!

נאָר, אַ שווער־פאַרגרויטער,
קומט דער מאָרגן אָן, —
טראָג די אָנגעטרויטע
תכלתדיקע פאָן!...

און געצוימט, פאַרדעקטע
שטומען צער און שרעק...
שעפּסלעך געפלעקטע
לויפנדיקע טעג.

# ווען דער חושך

ווען דער חושך וואָלט אין מיר נאָך פינצטערער געוואָרן,
אַז דער שטראַל פון אמת זאָל ניט דורכשניידן מיין נאַכט,
וואָלט ניט אויפגעפלאַמט אין מיר מיין איינגעצאַמטער צאָרן
וואָלט פאַר מיר דער אומזין אפשר קיינמאָל ניט דערוואַכט.

ווי אַ שטיין אַ זודיקער וואָס פאַלט אין טייך פון בלוט
ווייט צעטראָגנדיק אין אַלע זייטן רויטע שפּריצן —
שווידערט אויף אַזוי אין מיר דער תהום, וואָס וואָלט גערוט,
ווען דער אמת וואָלט מיין נאַכט ניט דורכשניידן מיט בליצן.

# אַ פּראָסט לידעלע

— וואו ווערן פאַרשוואונדן די טעג?
— איך ווייס ניט, מיין קינד.
— וואָס טראַכטן די ביימער ביים וועג?
— ניט פרעג מיך מיין קינד.
— פון וואָס רוישט דאָס טייכל פאַרטראַכט?
— איך ווייס ניט, מיין קינד.
— וואָס וויינט דאָס דער ווינט אין דער נאַכט?
— ניט פרעג מיך, מיין קינד.

## דער מייסטער

מאַעסטראָ, מאַעסטראָ,
דיין וואָרט איז קלאָר און ריין!
אין שענק אריין, מאַעסטראָ,
מער קומסט דו ניט צו גיין...

מאַעסטראָ, מאַעסטראָ,
אין גרוימען קאַבינעט, —
אַמאָל ביסטו, מאַעסטראָ,
געווען אַ פּאָעט!

מאַעסטראָ, מאַעסטראָ,
וואו איז איצט דיין פרייד?
פאַרזונקען, מאַעסטראָ,
אין דיינע קלוגע רייד.

## אויף יענער זייט

עס וועלן די הימלען אָן אויפהער זיך ציען און ציען,
אהינטער דער ענדלאָזער ווייטקייט פון אייביקן אוונט;
און בערג וועלן דורכשניידן שטום די פאַרגליווערטע ווייטן,
אַזוי ווי באַלאָדענע קעמלען אין מדבר פון שלאָף.

עס וועלן דאָרט ימען אין טיפער גלייכגילטיקייט רוען,
אַנטשלאָפענע ווינטן אין זייערע שוימלאָזע אינדן;
און פעלדזן פון קופער און מירמל, דראַקאָנען און לייבן,
דאָרט וועלן באַוואַכן די ברעגן פון פוסטקייט און רו.

ניט אָטעמען וועט דאָרט, נאָר שטומען און שטוינען דער אומרו!
און איבער די ימען, די בערג און פאַרשטיינערטע וועלדער
וועט אויפגיין אין ווייסלעכן זילבער אַ טויטע לבנה,
און וועט דאָרט פון אויבן אין תוהו פאַרבלייבן אַזוי...

## שטילקייט

עס מאַכט ניט אויס וואָס ווערטער דונערן און שאַלן,
גאָטס שטילקייט קוקט אַרויס אויף פון די הויכע רייד!
און יעדער איינער טראָגט זיין אומעט שטילערהייט...
עס מאַכט ניט אויס וואָס ווערטער דונערן און שאַלן...
אין וואָרט, ווי אין קרישטאָל, וואָס שפיגלט זיך אין שטראַלן
קלייבט יעדער איינער אויס זיין פאַרב און זיין באַשייד...
און ס'מאַכט ניט אויס וואָס ווערטער דונערן און שאַלן —
גאָטס שטילקייט קוקט אַרויס אויף פון די הויכע רייד.

## אַלץ צעשווימט

שווימען וואָלקנס, קרויזלען זיך,
ווי אַ ווייטער רויך פאַר מיינע אויגן,
און מיט טויזנט קלאַנגען
הילכט די שטילקייט.
אַלץ צעשווימט זיך...
אין דער לופטן, דוכט זיך, שוועבן
מאָדנע שטילע פויגלען —
ווי די פויגלען אויף אַ יאַפּאַנעזיש בילד.
פוסט!
און אין מיטן פוסטקייט — איך.

## אָוונט־שטימונג

אַלץ נידעריקער לאָזט זיך שוין די זון אַראָפּ
אויף מיין פאַרוואָגלטן און מידן קאָפּ;
עס פליען שוין צוריק אין נעסט די טויבן,
אַ שטערן צינדט זיך אָן פון אויבן,
און מיט געאיילטע טריט קומט־אָן די נאַכט.
אין חושך פון איר טראַכט פאַרבאָרגן,
וועט ווידער אויפשיינען דער מאָרגן...
און ווידער וועט די זון אַרויס,
און וועט באַשיינען יעדן ווינקל אין מיין הויז,
און וועט באַלייכטן יעדן זעמדל ביי מיין טיר...
און איך? אוי, וועלן וואָלט זיך מיר,
אַזוי ווי אין דער נאַכט אַ פולער שייער,
זאָל איך אַוועק מיט פלאַמען פייער
אין דער נאַכט...

## אומעטום

אומעטום, אומעטום גייט דאָס לעבן אַרום,
גייט דאָס לעבן אַרום
נאַקעטערהייט.

און אויף גראָז און אויף שטיין
מיט געזאַנג און געוויין,
מיט געזאַנג און געוויין גייט דאָס לעבן אַרום!

און אַ לויטערע פרייד, ווי אַ טויב שטילערהייט,
ווי אַ טויב שטילערהייט,
הויך צום הימל גייט־אויף...

## אָוונטיקע שעה

די אָוונטיקע שעה קלייבט אַלעמען דאָך איין,
און לאָזט ניט איבער קיינעם איינזאַם אויף די וועגן.
אויך בערג, ווי קינדער, שלאָפן־איין דער נאַכט אַנטקעגן...
די אָוונטיקע שעה קלייבט אַלעמען דאָך איין!
און איינגעוויגט אין טאָגס פאַרגייענדיקן שיין,
אין שטילקייט קייקלט זיך דער ים צו זיינע ברעגן...
די אָוונטיקע שעה קלייבט אַלעמען דאָך איין,
און לאָזט ניט איבער קיינעם איינזאַם אויף די וועגן.

## יאָרן

יאָרן פאַרגאַנגענע, אַדלערס געפאַנגענע
ערגעץ אין וועלדער פון נעכטיקע טעג!...
פלאַמען געצונדענע, ווייטע, פאַרשוואונדענע,
יאָגן מיר נאָך אייער שיין אויפן וועג.

יאָרן געקומענע, יאָרן צעשוואומענע —
נאַכטיקער חלום, פרימאָרגיקער שיין...
אייביקע וואַנדערער, איינס נאָכן אַנדערן
ציט איר אונדז מיט אין דער ווייטקייט אַריין.

# סוף־זומערדיקע לאַנדשאַפט

אויף די וועגן די פאַרוואָרפענע
שלייכט די מידקייט א פאַרשלאָפענע...
און די שטיינער ביי דער זייט,
גרוי פון אומעט און פון צייט,
בענקען שטומע, צוגעבונדענע
צו די נעכטנס די פאַרשוואונדענע.

אויפן הימל, קלאָר און אומעטיק,
דרימלען וואָלקנדלעך צעשוואומענע...
הויערן אזוי פאַרטראַכט
פון פרימאָרגן ביז דער נאַכט,
אָן א ציל און אָן א האָפענונג —
שטילע שעפסעלעך פאַרשלאָפענע.

און די בוימער, האַלב־צעשויבערטע,
שטייען אומעטיק־דערהויבענע...
זיפצן קוים נאָר אין דער שטיל:
שוין... שוין אוים... שוין נאָכן שפיל...
און וואו־ערגעץ, א פאַרלאָרענע,
דוכט זיך, וואַכט דאָס ניט־געבאָרענע.

## ווי אַ פויגל...

און דיין פרייד
שטילערהייט
וואַנדערט אויף דער וועלט:
וואַנדערט מיט די הירשן אויף די בערג,
שמייכלט אויף די טומלדיקע מערק,
און שיינט־אַראָפּ פון יעדן בוים אין פעלד.

און דיין בענקשאַפט, דיינע בליקן
צו דעם ווייסן הימל־ראַנד,
ציען זיך ווי הענגענדיקע בריקן
צו דעם וואונדער־לאַנד...

און דו וועסט געפינען דעם באַשייד:
שטיל, פון אַלעמען דערווייטערט,
דורך אומעטיקע טעג געלייטערט,
וועסטו איינשלאָפן אין צויבער פון דיין וועלט,
ווי אַן אומעטיקער פויגל אויפן פעלד.

## אַהינטער ווערטער

אַהינטער ווערטער וויאַנעט די נשמה
אין בלויע ווייסטענישן פון לבנה־שיין;
און ווייטע זיילן הויכן און פאַלן־איין, —
אַהינטער ווערטער וויאַנעט די נשמה...
און ס׳פלאַטערן געפילן אָן אַ נאָמען,
ווי בלינדע מיאַטליקעס פון דעם וואָס קען נים זיין...
אַהינטער ווערטער וויאַנעט די נשמה
אין בלויע ווייסטענישן פון לבנה־שיין.

## שלאָף־ליד

שלאָף, מיין קינד, שלאָף־איין,
מיר און טויער אויפן ריגל,
ביי דיין וויג
שטייט דאָס גליק,
פאַכט מיט ווייסע פליגל.

שלאָף, מיין קינד, וועסט פאַרשטיין
ווען דו וועסט נאָר עלטער ווערן,
אַז דאָס גליק
ביי דיין וויג
האָט פאַרגאָסן טרערן...

## אַ שעה אַזאַ

די אַלע טעג, וואָס זיינען איבער מיר אַריבער,
וואָלט איך ניט וועלן אומקערן צוריק;
ניט די טעג פון גינגאָלדענער פרייד,
און ניט אָוונטן פון וויי און זילבערנע געזאַנגען:
מיין האַרץ איז מיד, איך פיל שוין, דוכט זיך מיר, די קעלט
פון יענער זייט... פון ווינט אַרום מיין אָרעמען געצעלט.
אַ מעגלעכקייט אַ דינע הייבט זיך אָן אין מיר צו וועבן,
אָן אָפּהילך פון אַן אומבאַשטימטער שעה,
וואו־ערגעץ אויף די גרענעצן פון דאָרטן און פון דאָ;
אַ שעה אַזאַ, וואָס איז דערהויבן איבער רויש פון לעבן,
ווען נאָר דער רעיון פליגלט זיך און וואַכט,
און שטערן, שטערן פאַלן אין דער נאַכט.

## נעכט

ווי אומעטיקע פייגל
פאַרוועלקן מיינע אויגן,
אין שטילע נעכט.

מיין שיף שניידט־דורך
די שטילע וואַסערן פון אומעט,
און ס׳ווערט איר ווייס־באַשוימטער שפּור
פאַרצויגן.

און ערגעץ ווייט, —
אַהינטער פאַרהאַנגען פון נעפּלדיקן גרוי, —
אַ וועלט.

## אַ בלאַט פאַלט

שווייג שטילערהייט,
נים רייד;
עס פאַלט אַראָפּ
אַ בלאַט פון בוים, —
אַ וועלט אין רוים
שטאַרבט אפשר אָפּ...

## בלעטל־בלאַט

בלעטל־בלאַט,
בלעטל־בלאַט,
האָלטסט זיך קוים
אויפֿן בוים.

בלעטל־בלאַט,
רויט ווי וויין,
ביזט שוין זאַט
פֿון דעם שיין.

רויט, און מיד,
בלעטל־בלאַט,
אָפּגעקילט,
בלעטל־בלאַט...

## די לעצטע שעה

— די שטריק איז שוין פֿאַרצויגן,
אַ בלעטל פֿאַלט;
די אויסגעגלאָצטע אויגן —
גלאָזיק, קאַלט...
און אויף דעם בלויען, טויטן מויל
רוט דער שמייכלענדיקער גרויל.

אַ פֿויגל דורכגעפֿלויגן —
פֿאַרשוואונדן באַלד;
עס הענגט דער רעגנבויגן
איבער וואַלד...
און ערגעץ וואו, ניט דאָ, ניט דאָ,
ווייגט און זינגט די לעצטע שעה.

# אין וואַלד

א גרינע רו
אין טיפן וואלד,
שא! ערגעץ־וואו
א בלעטל פאלט.
איין בלעטל בלויז!...
און באלד און באלד
דער שפיל איז אוים.

# עטיוד

מיט שמייכלען נאריש־נישטיקע,
אזוי ווי אייער סוף,
פארפייניקטע, פארמשפטע,
דערוואַרט איר אייער שטראָף.

מיט אויגן פוסטע גלעזערנע,
מיט פנימער גרוי־געל, —
דערטרינקט איר דאָס געוועזענע
אין תהום פון אייער זעל.

און איך ווי איר, פארפאלענע,
פארשטייט נים זיך אליין...
איך אויך מיט אייך, מיט אלעמען,
וועל צו דער תליה גיין.

## דיינע טעג

ווי די פייגל ציען, פליען, טעג אוועק...
און די ווינטן קלאָגן, יאָגן אויפן וועג.

זיפצן בוימער... טרויער לויערט נאָך דיין טראַט...
און די נאַכט טוט וועקן, שרעקן מיט איר סוד.

## אויסגעשטערנט

אויסגעשטערנט איז די נאַכט!
פון לבנה־לאַנד, פאַרטראַכט,
פינקלען שמייכלענדיקע בליקן

און עס בענקט זיך אונדז אַזוי
ווייט אַהין צום טיפן בלוי,
צו די סודותדיקע בריקן...

## די טרויערשאַפט...

די טרויערשאַפט וואָס איז אַרום צעגאָסן
איז ווי אין טאָג פון דער יצירה ריין,
און ס׳וואַכט דער סוד פון אויפגיין און פאַרגיין
אין טרויערשאַפט וואָס איז אַרום צעגאָסן.
עס בענקען אין דער שטיל, אין זיך פאַרשלאָסן,
דעם בוים, דאָס גרעזל און דער שטיין...
די טרויערשאַפט וואָס איז אַרום צעגאָסן
איז ווי אין טאָג פון דער יצירה ריין.

## אין ימען רו

אין ימען רו וואָס שפּרייטן זיך אין מיר
פאַרזינקען מיינע רוישנדיקע טרוימען;
ווי פויגלען אין די אָוונטיקע רוימען,
דערהויבן פלאַטערט מיין געדאַנק אין מיר.

און פון דערוווייטנס זעט מיין אויג פאַרקלערט
דעם גרענעץ וואָס מען קאָן שוין ניט אַריבער...
און טייערער אַלץ ווערן מיר, און ליבער,
די שוועבנדיקע שאָטנס פון דער ערד.

## ער און דו

אוּן וועט דיך עמעצער וואָס פרעגן —
הער זיך צו!
מיר אַלע זוכן אויף די וועגן,
זוכן רו.

און האָסט דו נאָך אַ טרייסט פאַרבאָרגן
ערגעץ־וואו —
פאַרטרוי אים, לינדער אים די זאָרגן!
ער — איז דו.

## דער גלאָק

בום—בום—בום—
רופט דער גלאָק,
נאָך אַ טאָג —
קום...

ערגעץ־וואו,
אין דער ווייט
שטאַרבט די צייט —
רו.

# אַקאָרד

בלויז אַ שעה
ביסטו דאָ —
ווערסט דו מיד
אין דער שעה.

בלויז אַ שעה
ביסטו דאָ —
אויסגעברענט,
און ניטאָ...

# חלום

נאַרן נאַרט אונדז אָפּ די וואָר,
נאָר דער חלום נאַרט ניט;
זע איך אין מיין חלום נאָר
טויערן פאַרשפאַרטע.

אונטערגאַנג האָט רויטע פאַרב,
און געפילן — פלאַמען, —
שטענדיק וואָגלען איז מיין אַרב,
איילן און פאַרזאַמען.

זאָגט מיר אָן מיין חלום קלאָר,
וואָס איך זאָל דערוואַרטן...
נאַרן נאַרט אונדז אָפּ די וואָר,
נאָר דער חלום נאַרט ניט.

## טריאָלעט

דאָס לעבן גייט מיט רוישן און מיט קלאַנגען
און שליסט אונדז אַלעמען די מידע אויגן צו,
און אַלע קומען מיר אין קעניגרייך פון רו
דורך לעבן פול מיט רוישן און מיט קלאַנגען.
נאָר אָפּגעשניטן ווערן מיט די זאַנגען
אויך בלויע בלימעלעך וואָס שמייכלען וואו־ניט־וואו...
דאָס לעבן טרעט מיט רוישן און מיט קלאַנגען,
און שליסט אונדז אַלעמען די מידע אויגן צו.

## כאַ־כאַ!

אַ נייער יאָר, כאַ־כאַ!
כאַ־כאַ!...
פון אַלע גרענעצן, וואָס דו האָסט זיך געשטעלט,
איז דאָס דער איינציקער, אַ וועלט,
וואָס דו גייסט איבער פראַנק און פריי,
ניט מורא האָבנדיק דערביי
פאַר די זשאַנדאַרמען און דער גרענעץ־וואַך...
אַ מאָדנע זאַך!...
כאַ־כאַ,
כאַ־כאַ...

## ערב־פרילינג

דער הימל קלאָר און בלוי,
דער שניי שוין לאַנג צעגאַנגען;
מיט נעפּל פּוכיק־גרוי
איז ווייך דער וואַלד באַהאַנגען.

און אַלץ אַרום בליט־אויף —
נאָר איך וועל שוין ניט בליען.
פאַרנאַכט האָט אויף מיין הויף
אַ שוואַרצע קראָ געשריען...

## יונג און אַלט

גייט אַ יונגערמאַן אין פעלד,
שמייכלט אים די גאַנצע וועלט;
פעסט און זיכער זיינע טריט,
הויך און מונטער איז זיין ליד:

וויפל ערד מיט ברויט פאַרזייט,
וויפל זאַטקייט, וויפל פרייד!
בלוי ווי הימל בליט דער ליין,
קינדער־העמדעלעך אין שיין.
— וואַקסט אַ שטיין פון גראָז אַרויס,
פאַר אַ טרעפּ ביי מיר צום הויז.

און ביים וועג דערביי ניט ווייט
זיצט אַן אַלטער ביי דער זייט,
הערט זיך צו צום יונגנס ליד
און אַ מידער זינגט ער מיט:

— פון דעם בליענדיקן ליין,
וועט פאַר מיר תכריכים זיין.

- און דער גרויסער, שווערער שטיין,
וועט ביי מיר צוקאָפּנס שטיין.

— צייטיקט זיך אַרום דאָס ברויט,
פאַר אַ מאַלצייט נאָך מיין טויט...

## ביים ברעג

איך קוק אריין
אין ווייטן שיין
פון מיינע אָפּגעלעבטע טעג,
און ווי — וואָס פאר אַ וועג!
נאָר דאַנקען גאָט:
איך בין שוין באַלד ביים ברעג.

## אַן אימפּרעסיע וועגן כינעזער

שווייגן די כינעזער
אומבאַוועגלעכע ווי זייער גאָט,
רייכערנדיק
שעהנווייז די לאַנגע גלייכע ליולקע.

קלוגע — טראָגן זיי אויף זיך דעם יחוס
פון די עלטסטע דורות;
רואיקע — פאַרבאָרגן זיי אין זיך
פייערדיקע תאוה, שיכורן געווּם
און דעם העכסטן תענוג פון יסורים.

פּנימער — פאַרשלאָסענע,
רייד —
קייקלענדיקע פאַלנדיקע שטיינדלעך,
אויגן — פייערן פאַרדעקטע.

צייטיקן זיך קירבעסן
אויפן זון, —
עלטערן זיך מענטשן
אויף דער ערד.

# בודא איז אַהיים געפאָרן...

בודא איז אַהיים געפאָרן,
ווייל זיין ווייב האָט געבאָרן אַ קינד;
פון דער וויסטעניש געפאָרן,
בלויז אַ קוק טאָן אויף זיין איינציקן קינד.

פאָרט ער מיט זיין אייזל-טרייבער,
ערשט עס גייט זיי אַ בעטלער פאַרביי.
— אויך אַ מענטש! — זיפצט אָפּ דער טרייבער
און טרייבט שנעלער דעם אייזל פאַרביי.

טראַכט זיך בודא פון דעם טרייבער,
ערשט עס זיצט אַ מצורע ביים וועג.
— אויך אַ מענטש! זיפצט אָפּ דער טרייבער
און ער פאָרט זיך ווי פריער זיין וועג.

בודא איז אַהיים געקומען,
ערשט עס שלאָפן זיין ווייב און זיין קינד;
איז ער באַלד אַריינגעקומען
אין דער שטיל צו זיין שלאָפיקן קינד.

אויף זיין קינד געקוקט האָט בודאַ
און פאַרשטאַנען דעם טרייבער אַצינד:
— נאָך אַ מענטש, פון וועמען בודאַ
וועט זיך אָפּזאָגן מוזן אַצינד...

בודאַ האָט ניט לאַנג געזאַמט זיך,
זיי געלאָזן אין שלאָף און אַוועק;
ביי זיין קינד ניט לאַנג געזאַמט זיך
און צוריק אין דעם מדבר אַוועק.

# בודא

קלוגע זיינען די כינעזער!
זייער בודא, אויסגעהאַקט פון שטיין,
היט דעם סוד פון רו און חכמה
אין זיין ברייטער אומבאַוועגלעכקייט.

זיינע אויגן — קוקן נאָר אַראָפּ...
און זיין קוים באַמערקבאַרער און קלוגער שמייכל
ווערט פאַרלאָרן אין דער רואיקייט
פון זיין דיקן, רונדן, עלטערלאָזן פּנים.
קלוגע זיינען די כינעזער!...

# צו אַ קינסטלער

**(סאָנעט)**

ניט שרעק זיך וואָס דער אומעט מאַטערט דיך און ברענט,
און מיין ניט — אומבאַגרייפלעך זיינען דיינע ליידן...
דאָס וויל דיין יוגנט נאָך מיט דיך זיך ניט צעשיידן,
דאָס צייטיקט זיך אין דיר ברוינזנדער טאַלענט.
איך ווייס ניט, פריינד, צי זאָל איך טרייסטן ווי דו,
צי פרייען זיך מיט דעם וואָס גאָט האָט דיך באַשאָנקען...
ווייל דורך די ברייטע פעלדער וועסט דו איינזאַם בלאָנקען,
אין שיינענדיקע טעג אַ דאָרשטיקער נאָך רו.

און טראָגנדיק אויף זיך דעם צייכן פון גאָטס גאָב,
געבויגן ווערן שנעלער וועט דיין שטאָלצער קאָפּ,
און אָפּן וועט דיין האַרץ פאַר יעדנס ליידן ווערן...

נאָר וואויל איז דיר! וועסט שטענדיק שעפּן פון דיין פּיין,
און אין דיין טיפן בליק וועט אָפּגלאַנצן דער שיין
פון שמייכלען קינדערשע און ווייטע שטערן.

# אין פרילינג

...און פאַרנדיק פאַרנאַכט
דורך די באַלעבטע גאַסן פון דער גרויסער שטאָט,
האָב איך דערפילט די וועלט, און כ'האָב געטראַכט
פון מענטשן, אייביקייט און גאָט...
געזוכט דעם קוואַל און אָנהייב פון געפילן,
געדאַנק און ווילן.
די גאַנצע וועלט האָב איך אין זיך געשפּירט!
און ס'האָט דער רעיון מיך פאַרפירט
אין זיינע ווייטע סודותדיקע ווינקלען,
און שטערן האָבן אָנגעהויבן פינקלען —
אומענדלעכקייט, נירוואַנאַ, גליק...
נאָר פּלוצלונג האָט זיך אָפּגעשטעלט מיין בליק:
די ביימער לאָזן זיך פונאַנדער!
די ביימער לאָזן זיך פונאַנדער,
ווי ברוינע, גרין־באַשפּרינקלטע וואַלן,
אין די פאַרגייענדיקע אָונטיקע שטראַלן.

„און דער וואָס זאָגט: —
ווי שיין עס איז דער בוים, ווי שיין עס איז דאָס פעלד
איז חייב אין זיין לעבן".
אַזוי געוואוסט האָט אונדזער אַלטע וועלט,
און דורך די רוישיקע געוועבן
צייט דורות לאַנג
האָט זיך דערהויבן דער געדאַנק.
ווי שיין עס איז דער בוים, ווי שיין עס איז דאָס פעלד...
מיר הערן־אויף די אייביקייט אין זיך צו פילן, —
אַ טיפע בענקשאַפט הייבט זיך אין אונדז אויף
נאָך אונדזער וועלקנדיקן גוף,
און קיין זאַך קען שוין אונדזער צער ניט שטילן...
איז דער וואָס זאָגט —
ווי שיין עס איז דער בוים, ווי שיין עס איז דאָס פעלד,
ווערט־אָן זיין וועלט.

די בוימער לאָזן זיך פונאַנדער...
און מיר וואָס טוען דאָ,
פאַרפּלאָנטערט ביז דער לעצטער שעה,

אָן אונדזער ווילן?
אין נעץ פון די געפילן?
די בוימער לאָזן זיך פונאַנדער...
און אַלץ פאַרשווינדט — דער חלום, דער באַשייד,
נירוואַנאַ, תוהו, זעליקייט און פרייד, —
די בוימער לאָזן זיך פונאַנדער,
די בוימער לאָזן זיך פונאַנדער!

# אַ בוים, אַ שטערן...

און בּיסלעכווייז שווימט אַלץ אַוועק,
און דו, מיין פריינד, פאַרבּלייבּסט אַליין
אין גרויסער שטילקייט פון פאַרגיין —
אַ בּענקענדיקער בּוים בּיים וועג.

נאָר איבּער דיר, אין שטילער פּראַכט,
און אויך אין איינזאַמקייט, מיין פריינד,
דיין אייבּיק-יונגער אומעט שיינט —
אַ העלער שטערן אין דער נאַכט.

# בּענטשונג

געבּענטשט זאָל זיין די שעה בּיז אייבּיק ניי-געבּאָרן!
דער בּרויזנדיקער שטראָם און שפּילעוודיקער שוים;
דער סודותדיקער קוואַל פון ליבּשאַפט, האַס און צאָרן —
די ליכטיקייט פון וואָר און אייבּיקייט פון טרוים.

די וועלט לויכט-אויף פאַר אונדז אין טויזנטער געשטאַלטן!
דאָך — יעדער נעמט נאָר אויף און פילט וואָס אים איז שיין...
געבּענטשט זאָל זיין די קראַפט, וואָס איז אין אונדז בּאַהאַלטן,
און אין אונדז בּאַשאַפן נאָר פאַר אונדז אַליין!
פון תוהו שטאַמען מיר, און ווערן בּאַלד צעשוואומען, —
דער דאָ און ניט-דאָ רוען אין דעם זעלבּן שוים...
געבּענטשט זאָל זיין דער טאָג, וואָס איז פון נאַכט געקומען,
געבּענטשט זאָל זיין די נאַכט, וואָס איז פון טאָג אַרוים.

## אַ שטערנדל

אין ימען פון בלויקייט צעגיסט זיך די נאַכט,
די ליכטיקע נאַכט פון פאַר פסח;
פון אויבן אַ שטערנדל פינקלט פאַרטראַכט,
און קוקט אַ פאַרשעמטער — וואָס וויים איך?

ווער האָט מיך געבראַכט דאָ אין הויכקייט אהער?
איך וויים ניט, איך קען ניט דערמאָנען...
איצט הענג איך פון אויבן, איך טראַכט אַלץ, און קלער,
און קוק אויף דער ווייסער לבנה.

## אַ דאַנק

איך דאַנק דיר גאָט, האָסט מיר געגעבן
אַ טייערן געשאַנק, —
כ'זאָל שווערע שעהן פון מיין לעבן
באַוועבן מיט געזאַנג.

אָט זיץ איך איצטער אַ פאַרקלערטער,
שוין שפּעט נאָך האַלבע נאַכט, —
אַ שטראָם פון זינגענדיקע ווערטער
האָט טיף אין מיר דערוואַכט!

עס קוקט אויף מיר נאָר די לבנה
און שמייכלט-צו פאַרקלערט...
איך דאַנק דיר גאָט פאַר דער מתנה
וואָס דו האָסט מיר באַשערט.

## אין גאַנג

עס זיינען אַלץ פאַר דיר נאָך אומקלאָר דיינע וועגן,
אַלץ נייע סודות בלויען־אויף צו יעדער שעה, —
און ס׳ווילט זיך דיר נאָך אַלץ ביי וועמען עס איז פרעגן
אַזוינס, אויף וואָס קיין ענטפער איז ניטאָ.

דער ים! ער הייבט זיך אויף, אַט וויל ער דיך פאַרשווענקען,
און אַט — צעברעכט ער זיך ביי דיינע פיס אין שוים...
און אַט וואַכט אויף אין דיר אַן אומבאַקאַנטע בענקשאַפט,
אין דורכזיכטיקן בלוי פון אָוונטיקן רוים...

און נייע סודות וועבן זיך אַנטקעגן,
חלומות נייע בלויען־אויף צו יעדער שעה,
און ס׳ווילט זיך דיר נאָך אַלץ ביי וועמען עס איז פרעגן
אַזוינס, אויף וואָס קיין ענטפער איז ניטאָ.

## צו אַ קליין קינד

מיר ביידע זיינען גלייך געפאַנגען,
און קענען ניט אַרויס:
איך — אין דעם לעבנס ענגע צוואַנגען,
און דו — אין מוטערס שוים.

און ווען די וועלט וועט דיך באַצווינגען,
וועל איך שוין ווערן פריי...
איז לאָמיך איצט אַ ליד דיר זינגען,
גייענדיק פאַרביי.

## דאָס ליד פון געפאַנגענעם

שטילער, שוואַכער קלינגען שוין
מיינע שווערע קייטן,
ווער וועט מיך מיט אַ געוויין
צו מיין רו באַגלייטן.

ווער וועט ברעכן שטיל די הענט
און וועט ביטער קלאָגן,
ווען מען וועט פון די פיר ווענט
מיך צום קבר טראָגן?

מיך וועט צו מיין לעצטן שלאָף
קיינער ניט פאַרוויגן...
קאַלט וועט זיין אין קבר־שלאָף
אָן אַ טרער צו ליגן.

## טאָג נאָך טאָג

און אָט אַזוי גייט אַריבער נאָך אַ טאָג
אין פרייד און אין פאַרדראָס...
נאָר מאָדנע עפּעס: וואָס איך רייד און וואָס איך זאָג
איז אַלץ ניט דאָס.

געטומלט זיך, גערעדט, געפּילדערט און געלאַכט
מיט מענטשן אַלערליי,
נאָר דער געדאַנק האָט אין דער שטיל געוואַכט —
ס׳איז ניט אַזוי...

און מאָרגן — מאָרגן ווידער גרייט צו גיין
דעם זעלבן וועג;
און אָט אַזוי אַ קיינמאָל ניט פאַרשטיין
דעם סוד פון מיינע טעג.

## ווער ווייסט

די זון גייט אויף, פֿאַרגייט...
מיר זיינען ווייט —
און ביי דער זייט
דער טויט.

און ווייס דען ווער — וואו
פֿאַרשווינדן טעג?
און ווען גייט אויס דער וועג
אין רו?

## אומעט

אומעט, אומעט, אומעט,
אומעט אומעטום.
אומעטיקע בלומען
עפֿענען זיך שטום;
מאָדנע פֿייגל קומען,
פֿלאַטערן אַרום.

אומעט, אומעט, אומעט,
אומעט אומעטום.
פֿאַרביקייטן שטומע
פֿאַלן, קומען אום;
ערשט געווען — צעשוואומען...
ווייסלעך־בלוי אַרום.

אומעט, אומעט, אומעט,
אומעט אומעטום.

## אַ שאָטן

א שאָטן גייט
אין וועג אליין —
א הארץ אָן פרייד
איז קאַלט ווי שטיין.

א נאכט איז שווארץ,
אָן שטערנשיין,
און קאָן א הארץ
דען אנדערש זיין?...

## שאַ-שאַ

שא-שא, זיי שטיל,
און הער זיך צו!...
אָן אלטע מיל,
זי בענקט נאָך רו...
זיי שטיל,
זיי שטיל...

# אַ שנייעלע

אַ שנייעלע האָט זיך געדרייט, געדרייט,
און איז אַראָפּגעפלויגן...
און אויך אַזוי האָט זיך מיין פרייד
ניט לאַנג געצויגן.

ניט לאַנג געדויערט האָט מיין חלום אויך,
וואָס איך האָב זיך געשפּונען:
אַראָפּגעפלויגן פון דער הויך,
און זיך צערונען.

# מיר גייען אום

מיר גייען אום ווי חיות אין די שטייגן
פאַרשלאָסענע, פאַרצוימטע אויף דער ברייטער וועלט;
און ווען עס ווערט פאַר אונדז די לעצטע טיר פאַרשטעלט —
און ווען ס׳הייבט אָן אין אונדז די גרויסע פּוסטקייט וויינען
ווי קאָן מען רואיק זיין, ווי קאָן מען שווייגן?

ווי קאָנען מיר זיך ווערן פון איר מאַכט!
ווער ווייסט פאַרוואָס עס וואָיען וועלף אויף ווייסע פליינען
אַנטקעגן דער לבנה אין אַ ווינטער נאַכט?

## אַ ווינטל

אַ ווינטל פון דער נאַכט האָט דורכגעשוועבט פאַרביי,
און האָט דערציילט — די וועלט איז פריי!

און אָפּגעזיפצט האָט שטיל דער אַלטער בוים —
ס'איז אַלץ אַ חלום, אַלץ אַ טרוים...

און ס'האָבן גראָזן זיך געטוליעט צו דער ערד —
באַשערט אַזוי... באַשערט.

## דער שומר

פאַרשעמטע שטייען מיר און קוקן אויף די טירן,
מיט יעדער רגע נייע מחנות קומען צו...
פון שווארצן שטיין און זילבער זיינען יענע טירן,
מען זאָגט — אַהינטער זיי איז רו.

ווי אומעטיקע פערל טרערן אויף די אויגן,
ווען עפּנט מען? ביי וועמען פרעגן איז ניטאָ...
מען זאָגט — ס'איז דאָ אַ שומר מיט פאַרמאַכטע אויגן,
נאָר קומען קומט ער צו דער לעצטער שעה.

## ביים זון־פאַרגאַנג

דער פייערדיקער פאַרהאַנג נעמט שוין פאַלן,
און גרויע פוסטקייט שלינגט די פלאַמען איין...
נאָר דורכגענומען ביזטו נאָך מיט שיין
פון די פאַרגייענדיקע לעצטע שטראַלן.

פון דיינע אויגן קוקט אַרויס דער אומעט,
מיט גאָלד מיט בלייכן איז דיין טראָט באַפאַרבט, —
און גאָלדיק איז דאָך אויך דער בלאַט, וואָס שטאַרבט
אין שיין פון דעם פאַרחלומטן סוף־זומער!

ניטאָ קיין הילף — עס מוז די זון פאַרגיין!
און שטענדיק וועלן אָן דעם האַרטן שטיין
די לויפנדיקע כוואַליעס זיך צעשלאָגן...

און נייע כוואַליעס וועלן פון דעם תהום
צום ברעג זיך ווידער יאָגן אין אַ שטראָם,
די אייביק־נייע בשורה אָנצוזאָגן.

## נאַכט־בלימלעך

אויף הויכע, דינע, ציטערנדיקע שטענגלעך
עפענען זיך ווייסע בלימלעך אין דער נאַכט.

צאַרטע סודותדיקע
ווי דער אָטעם וואָס האָט זיי געבוירן,
שליסן זיי זיך צו
מיט דעם אָנקומען פון טאָג.

לעבנס אויסגעלעבטע דורך דער נאַכט...
וועלטן אומגעקומענע אין זונשיין!

# שווימען אָן

שווימען־אָן די טעג אַכזריותדיק אַנטקעגן,
און די שטילקייט בענקט אויף טומלדיקע וועגן.

היי, ווער ביזטו? כ׳ווייס ניט... ס׳ציט מיך אין דער ווייטן!
און מיין צער און פרייד אויף וועגן אויסצובייטן.

וואונדערלעך די פאַרבן פון דעם רעגנבויגן,
און נאָך וואונדערלעכער שייַנען מענטשנס אויגן!

און אַרום חלומות פליגלען זיך און שוועבן —
זילבער פינקלט אויף דער שוואַרצקייט פון געוועבן!

פאַלט אַ שטיין אין וואַסער — טויכט דאָס אויף אין רינגען...
היי, וואָס זינגסטו? כ׳וויל די טעג מיינע פאַרזינגען.

שטיינער אויפן דעק — פאַרגאַנגענע באַגערן —
היי, וואָס ווייַנסטו? ווייל עס פרייען מיך נאָך טרערן.

פרייד און אומעט — קוועלן סודותדיקע קרעפטן!
לייב מיט לייב ווי ערד וואָס גאַרט זיך צו באַהעפטן.

שטויב מיט שטויב, און דור מיט דור צוזאַמענבינדן,
ליכטער נייע אין דער ווייטקייט אָנצוצינדן.

שטערן... נייע שטערן זינגען אויפן הימל,
און פאַרלאָרן ערגעץ, עלנד וועלקט אַ בלימל...

נאָר עס הערט ניט אויף אַ ליכטיקייט צו שטראָמען —
אָן אָן אָנהייב, אָן אַ סוף און אָן אַ נאָמען...

טריט און טריט אין שטומע ווייטקייטן צעשוואומען...
היי, וואו גייסטו? כ׳האָב דעם וועג נאָך ניט געפונען!

נאָר אַכזריותדיקע קומען טעג אַנטקעגן,
און די שטילקייט בענקט אויף טומלדיקע וועגן.

## יונגע פויגל

אויף די גרינע צווייגן זינגען יונגע פויגל,
זינגען יונגע פויגל מיט פאַרקלערטע אויגן.

יונגע פויגל זינגען ליכטיקע געזאַנגען,
און אַרום אויף פעלדער צייטיקן זיך זאַנגען.

ווערט ניט שנעל אַנטשוויגן, פויגל מיינע יונגע
און פאַרגעסט ניט קיינמאָל וואָס איר האָט געזונגען...

## אַ תפילה

וואוהין, וואוהין? ניטאָ קיין וועג!
נאָר פּחד, שרעק
אויף יעדן טראָט...
וואוהין, וואוהין? ניטאָ קיין וועג —
באַשיץ אונדז גאָט.

עס נעמט זיך אויס פון אויג די טרער;
ניטאָ שוין מער
קיין קראַפט, קיין מוט,
עס נעמט זיך אויס פון אויג די טרער
אין ימען צער און טייכן בלוט.

באַשיץ אונדז, גאָט, אי דאָרט אי דאָ
אין בייזער שעה
פון מאָרד און טויט,
באַשיץ אונדז, גאָט, אי דאָרט אי דאָ
פון די וואָס עסן אונדז ווי ברויט.

## אַ זעאונג

און צייטנווייז, און צייטנווייז
דוכט זיך מיר נאָך אויס,
אַז וועלטן ניט געזעענע
שטייען וואו פאַראויס!
אַז בערג באַשטראַלטע זוניקע
שמייכלען שטילערהייט
צו ימען פולע, ברויזיקע,
ימען פול מיט פרייד!

## ניט אין די גרויע טעג...

ניט אין די גרויע טעג פון האַרבסט,
ווען יעדער ווינט זאָגט־אָן דעם גראָז: דו שטאַרבסט...
נאָר אין די זומערדיקע טעג פון שיין
איז גרויס די פּיין!

ווי קען מען ווי אַ בייזער נביא מוסר זאָגן,
און אָנווייזן מיט זיכערקייט דעם וועג,
צי קומען מיט דער בשורה אַז ס'הויבט־אָן צו טאָגן,
אין האַרצן פילנדיק, אַז ס'וועט דער פּחד ניט אַוועק?

דערשראָקענע און הילפלאָזע קינדער!
אָט שלאָגט מען זיך, אָט וויינט מען שטילערהייט...
און גיט אַ צי פון ערגעץ־וואו אַ ווינטעלע אַ לינדער
צעבליט זיך אַזוי העל די ניט־גענאַרטע פרייד!

ווי אומעטיק עס איז!
אין אָוונט שפּילט דער פּאַסטעך אויף זיין האָרן,
און רואיק גייען זיך אַהיים די שאָף פון פעלד.
און מיר? אין אומרו ווערן מיר געבאָרן,
און גייען־אָפּ מיט אימה פון דער וועלט.

## רויטער מאָן

ווי רויטער מאָן וואָס בליט ביים וועג,
בליט־אויף די פרייד אין גרויע טעג.

אַ שטויב נאָך שטויב דער ווינט טראָגט־אָן, —
דאָך בליט און גליט דער רויטער מאָן!

# פיגורן

אויף דער שטילער פרומקייט און באַשיידנקייט
פון כינעזישע פיגורן
רוט מיין אויג זיך אָפּ.

דורות רו און חכמה פון זיין פאָלק און לאַנד
האָט דער מייסטער איינגעקנאָטן אין פיגור,
וואָס באַצירט אַצינד מיין טיש.
טאָג נאָך טאָג האָט ער אַריינגעטאָן זיין לעבן
אין דעם שמייכלענדיקן יאוש,
אין דעם צער פון אומפאַרמיידלעכקייט,
פון דער אייביק־בענקענדער פיגור.

פאַר אַ הויפן רייז, פירות, פיש,
האָט דער שעפער זיין געפיל אין מאַרק פאַרקויפט
אָדער פאַר אַ שטיקל זייד־געוועב
צו אַ מענטשן, וועמענס אויג עס האָט געזען,
וועמענס האַרץ עס האָט פאַרשטאַנען...

ווייל פאַר איינציקע נאָר לעבט די שיינקייט,
און אפשר דעריבער וועט זי אייביק לעבן!

שיינקייט!
וויפל טויזנטער, צו יעדן דור,
טראָגענדיק אין זיך דעם פונק פון גאָט,
האָבן דיינע הויפן יאָרן־לאַנג באַטראַכטן,
ביז דער אויסדערוויילטער
האָט דעם סוד פון דיין גרויסער איינפאַכקייט דערגרייכט!

אָן אַ נאָמען,
ווי די ריינע קוואַלן פון די בערג
שטראָמט און קוועלט די שיינקייט אויף דער וועלט.

# פון אַ בריוו

...און זיי ניט קלוג,
ווען זאָגן וועט דאָס האַרץ — געָנוג!
די האַנט, וואָס האָט אַריינגעטאָן אין דיר
דעם אומפאַרשטענדלעכן געפיל,
וועט אין דער שטיל,
מיט רחמים פיל,
אים אויסלעשן אין דיר, —
דו זאָלסט אין קריג ניט גיין
מיט זיך אַליין.

איך האָב געזען: אין לויפנדיקן קוואַל
האָט פאַרביק אויפגעשפּילט אַ שטראַל;
נאָר מיט אַמאָל האָט זיך די זון באַהאַלטן...
דאָך האָט דער שטראָם, אָן אומבאַשטראַלטער,
ווי פריער זיך געפּרעגלט אין זיין טראָפּן-טאַנץ,
און האָט געזונגען שטילערהייט
אַ דאַנק דעם הימל פאַר דער רגע פרייד.

## טעג

ווי פייגל צעשראָקענע,
ווי טויבן ביים וועג
צעפליען זיך די טעג;
פון ווילדעניש
אין וויסטעניש
פליען זיי אַוועק.

## אַ בוים

שטייט אויף דער זון אַ פֿאַרטריקנטער בוים,
שטייט אַ פֿאַרשעמטער אין אָפֿענעם רוים...
העלע פֿרימאָרגנס און פֿינצטערע נעכט —
ווער איז גערעכט?

אַמאָל איז געווען אַזוי און אַזוי...
זונשיין און ווינטן, און רעגנס און טוי, —
העלע פֿרימאָרגנס און פֿינצטערע נעכט —
ווער איז גערעכט?

## מײַן וועלט

ווי אַ סאָוועס נאַכט־געשרייען
אויף אַ וועג —
סומנע, אימהדיקע פֿאַרגייען
מײַנע טעג.

און דער חושך גייט פֿון האַרצן
ניט אַרויס;
טוליע איך אַ ריז אַ שוואַרצן
אין מײַן שויס...

פֿרעסט ער מײַנע פֿלייש און ביינער
אין דער שטיל;
פֿילט ניט קיינער, ווייסט ניט קיינער
וואָס איך פֿיל.

נאָר אין נעכט אין וויסטע קלאָג איך
אויף מײַן פֿרייד;
און מײַן האַרץ אַנטקעגן טראָג איך
צו דעם טויט.

## אין ווינט

צעריסענע, צעפלאַטערטע,
ווי פוך־בלימלעך פון ווינט,
איר, יאָרן אויסגעמאַטערטע,
צעפליט איר זיך געשווינד.

און דו, אַ פרייד, פאַרשפּעטיקטע
און ליבשאַפט פאַרן טויט, —
ווי פעלדער ניט געזעטיקטע,
סוף־זומער־צייט באַטויט.

## אין וועג

ווייט פאַרגאַנגען,
אַזוי ווייט!
שאָטנס לאַנגע
ביי דער זייט...

נאַכט אין הימל,
לויף! שוין שפּעט...
וואַרט! אַ בלימל —
ניט צעטרעט.

# ווי אַ וואָלקן

און ווי אַ וואָלקן איבער פעלד,
האָט זיך דער צער אין דיר געקליבן,
און האָט די ליכטיקייט פאַרטריבן
פון דיין פאַרגייענדיקער וועלט.

און ווי אַ קעלט וואָס אָטעמט אויף אַ קווייט,
און נעמט אַוועק פון איר
איר שמייכל, איר קאָליר,
האָט פון דעם ווינטערס אָטעם איצט פאַרוועלקט דיין פרייד,
דיין שפּילעוודיקער שיין —
און דאַרף דאָס אַזוי זיין?

און ווי,
און ווי!...
פאַרבליבן איז אין דיר דאָס גאָלד פון זונענשיין,
ווי אין דעם געלן בלאַט וואָס פלאַטערט קוים,
און איינזאַמט אויפן בוים, —
ביז מיטנעמען וועט אים אַ ווינטל פון דער זיים,
און אים פאַרטראָגן אין דער ווייט,
פאַרטראָגן אין דער וועלט אַריין...
און דאַרף דאָס אַזוי זיין?

## אַ פעדער

צינדן זיך אָן פֿאַרנאַכט די הימלען,
צינדן זיך אָן!
ווערן מיר אָן אַ טאָג פֿון לעבן,
ווערן מיר אָן.

פֿליען אַוועק די טעג ווי טויבן,
פֿליען אַוועק...
בלייבט אויפֿן וועג אַ ווייסע פֿעדער,
בלייבט אויפֿן וועג.

## עס בליען אויף...

עס בליען־אויף די שעהן, לויכטן־אויף די טעג, —
און אין דער ווייטקייט ציט זיך, רופֿנדיק, דער וועג.

אַז איבער אַלע וועלטן שיין איז אונדזער וועלט!
און וואויל איז יעדן גרעזל, וואָס קומט־אויף אין פֿעלד.

גייסטו אַרום און שמייכלסט אין דער וועלט אַריין,
דערהויבן אין דעם נס פֿון פֿינצטערניש און שיין...

און אין דער ווייטקייט ציט זיך, רופֿנדיק, דער וועג
דורך בליענדיקע שעהן, לויכטנדיקע טעג.

# ווערסט גיין

אַזוי שיין
שפּילן האַרפן,
אַזוי שיין!
דו ווערסט גיין,
וועט מען דאַרפן,
ווערסט דו גיין.

מיט געוויין
זינגען טשעלן,
מיט געוויין...
דו ווערסט גיין —
ווערסט ניט וועלן,
און ווערסט גיין!

# פאַרוואָס

די וואָלקנס פאַרשווינדן, דער הימל ווערט בלוי, —
פאַרוואָס ביסטו אַלץ נאָך פאַראומערט אַזוי?

דו וואַקסט דאָך שוין, אָט, אין דעם אָוונט אַריין,
אין רואיקן אָוונט, אין רויטלעכן שיין...

פאַרוואָס ביסטו אַלץ נאָך פאַראומערט אַזוי?
די וואָלקנס פאַרשווינדן, דער הימל ווערט בלוי...

# דיין איך

דיין איך געהערט ניט דיר. און ווי דאָס פאַרב פון רעגנבויגן.
און ווי דער שאָטן פון אַ פליענדיקן פויגל
אַזוי געהערט
דער ליכטיקער־טרויעריקער ערד
דיין איך.

דו טראָגסט אין זיך דעם שיין פון אַלע זונען,
דעם חושך פון די נעכט
וואָס זיינען ביזן דיר געווען אַמאָל;
דו ביסט דער שוואונג פון שטראָם וואָס פאַלט אין טאָל;
אין דיר האָט זיך אַריינגעשפּונען
דער סוד פון קיינמאָל ניט־באַרירטע וועלדער.
די רו פון שנייען־פעלדער
אין אייביק־קאַלטן לאַנד;
און אויך דער גליענדיקער אָטעם פון דעם מדבר־זאַמד,
דער ברויזיק־תאוהדיקער ים האָט דיך
געהיט אין זיך
דערפאַר
פילפאַרביק איז אַזוי און אומרואיק דיין צער,
און אַזוי שפּילעוודיק און ברייט
דיין פרייד.

דאָך וועסט דו ווי אַ בערגל זאַמד
פון ווינט פונאַנדערפאַלן
און ווי אַ זייל פון שטויב
זיך ציען אין די שטראַלן...
און וויי! דער צער און פרייד פון דיינע טעג
איז קלענער, נישטיקער פון שטויב אין וועג.

דו ביסט געווען? קאָן זיין.
דו וועסט נאָך זיין? קאָן זיין.
ווייל אייביק איז דער זיין!
און אייביק וועסט דו בלייבן אין דעם שיין
פון די געשטאַלטן,
וואָס האָבן זיך אין דיר געוועבט
און האָבן דיך אין זיך באַהאַלטן.
ווי אַלץ אַרום, ביסט דו דער סוד
פון ווייטן אומבאַשטימטן גאָט.

ניטאָ קיין סוף
ווייל ס׳איז קיין אָנהייב קיינמאָל ניט געווען;
ניטאָ קיין סוף, קיין אָנהויב, קיין באַדייט.
בלויז דו אַליין צעטיילסט אומענדלעכקייט.
און ווען־ניט־ווען
גיט זיך אין דיר אַ צאַפּל ערגעץ טיף
די הילפלאָזע באַגרענעצטקייט פון דיין באַגריף
און גרויס ביסט דו אין יענער רגע, גרויס!
דורך ויסטן תהו קוקט דיין בליק אַרויס
אין ווייטער ווייט
פון אייביקייט...
אין אַלץ און גאָרנישט, און אין זיך אַליין!...

# געזאַנג

דאָ געווען און דאָרט געגאַנגען,
ווערסט ניט מיד, —
וואונדערלעכע ווידערקלאַנגען
פון אַ ליד!

נאָך אַ חלום אויסגעשפּונען,
נאָך אַ סוד
נאָך אַ האָפענונג צערונען —
דאַנקען גאָט!

ניט אַליין ביסטו, ניט איינער
אין דיין גאַנג
עס הילכט דאָך אויך אין שטומע שטיינער
אַ געזאַנג!

וואונדערלעכע ווידערקלאַנגען
פון אַ ליד...
דאָ געווען, און דאָרט געגאַנגען —
ווערסט ניט מיד!

## ווען מענטשן וועלקן

עס בלאָזן ניט קיין ווינטן,
עס טרויערט ניט דער הימל
און בלעטער שפּרייטן זיך ניט אויף דער ערד
ווען מענטשן וועלקן.
נאָר עפּעס, עפּעס־וואָס,
שוועבט־דורך אויף זייער פּנים,
און עפּעס, עפּעס־וואָס,
קוקט שטום אַרוים פון זייער בליק,
וואָס טוט דערמאָנען אונדז
דעם אומעטיקן האַרבסט.

געבענטשטע טעג פון פרייד
און שווערע נעכט פון צער,
די וועלט פאַרשפּילן מיר אין אייער נעץ!
אין אייער שוים געבאָרן ווערן מיר,
ווי שוואָמען פון דער ערד!
מיר צייטיקן זיך, ביזן סוף פאַרחלומט,
דורך נעפּלדיקע נעכט,
דורך זוניקע פרימאָרגנס
אין רעגנדיקע גרויע טעג,
ווי שוואָמען פון דער ערד.

אַט טוט אַ בלאָז דער ווינט —
און בלעטער ציטערן,
און דרייען זיך, און טראָגן זיך,
און פאַלן מידע, אויף דער ערד.
נאָר אַט קומט ווידער אָן אַ ווינט —
און פון זיין לעבעדיקן אָטעם
באַצירן ווידער זיך די בוימער!
און ווידער בלעטער גרינען,
און וועלקן ווידער — אין געיעג,
פון צייטן און פון טעג.

דער ווייטער אָפּשיין
פון אויפגאַנג און פאַרגאַנג
באַהנט די מענטשלעכע געזיכטער
פון מענטשן ווען זיי וועלקן —
דער סוד פון קינדישקייט און טויט.
נאָר אין די ווינקלען פונעם מויל
פאַרבאָרגן איז דער צער,
וואָס ציטערט אין געלעכטער
און אין די שטילע קלוגע רייד
פון מענטשן ווען זיי וועלקן.

## צו אַ בוים

אומעטיקער בוים דו מיינער,
אויפן פעלד אַנטקעגן!
טראַכסט שוין איצט, אין טעג פון שיינען,
וועגן ווינט און רעגן?
זעסט שוין ווי די בלעטער דיינע
וועלקן אויף די וועגן?
אומעטיקער בוים, דו מיינער,
אומעטיקער מיינער!

זעסט שוין איצט אין אַלע שעהן,
אין די טעג פון זומער,
ווי עס זיצן אויף דיר קראָען
אין אַ וועלט אַ שטומער?...
בוים דו מיינער, אוי, ווי נאָענט
איז פאַר מיר דיין אומעט...
אומעטיקער בוים, דו מיינער,
אומעטיקער מיינער!...

## אַ שפּיל

שפּילט די עלטער מיט דער פרייד,
ווי די יוגנט מיט דעם טויט.
און דער נאַר פון אַלע צייטן,
שטעקט אַרויס אַ צונג פון ווייטן.
טענצער טאַנצן, זינגער זינגען,
און די חוזק-גלעקלעך קלינגען...

# איך ווייס ניט . . .

איך ווייס ניט וואָס די בוימער טענהן
ווען די נאַכט פאַלט־צו אין פעלד, —
נאָר איך ווייס ווי שטיל מיר זיינען,
אָפּגייענדיק פון דער וועלט...
איך ווייס ניט צי עס קלאָגט דער שטערן,
ווען ער פאַלט אין ים אַריין...
נאָר איך ווייס — אין ימען טרערן
ווערט פאַרלאָשן אונדזער שיין!

# אין שיין

(צום ליכטיקן אָנדענק פון מיין גרויסן
לערער און פריינד — אברהם רייזען)

דו ביסט מיט אונדז געווען דאָ,
אַ טרוימער ביז דער לעצטער שעה,
און ליבשאַפט האָט אַרויסגעבליט
פון דיינע זינגענדיקע טריט!

דיין הימל — קלאָר און מילד און בלוי,
די גראָזן פריש פון מאָרגנטוי,
עס גרינט דאָס פעלד, עס בליט דער בוים,
און ליכטיק איז דעם מענטשנס טרוים!...

דו ביסט מיט אונדז אויך איצטער דאָ,
דו רעדסט צו אונדז אין שטילער שעה,
און זינגען וועט דיין וואָרט אין שיין
ביז אין דער אייביקייט אַריין.

# אין אַ טאָג פון האַרבסט

אוי, דער קאַלטער ווינט — ער בלאָזט און בלאָזט,
דרויסן אַזוי אָנגעכמורעט נאַס...
ווערן וועט נאָך צו דער נאַכט אַ פראָסט,
און די פלאַנצן מיינע שטייען אויף דער גאַס.

ווייס איך ניט: צי זאָל איך נאָך זיי גיין,
אָדער לאָזן זיי אין דרויסן שטיין —
סיי־ווי־סיי, מען מיידט דעם סוף ניט אויס,
שפּעט צי פרי — וואָס מאַכט דאָס אויס!...

און פאַרטראַכט אַזוי עפן איך אויף די טיר...
טוט דער ווינט זיך בייז אַ לאָז צו מיר,
שפּריצט און שפּייט אין פּנים מיר מיט פייכטע קויט —
אוי, ווי שרעקלעך איז דער טויט!

איז דאָס לעבן צי דער טויט אַ ציל —
קען איך איצטער טראַכטן ווי איך וויל:
מיינע פלאַנצן שטייען שוין אין הויז...
שמייכל איך צו זיי און לאַך מיין גוטסקייט אויס.

# ר ו א י ק י י ט

דער גרינליך־בלויער הימל פון פאַרנאַכט
האָט מיט אַ רואיקייט די ערד באַצויגן.
פון וועלבע איבער וואַסער איינגעבויגן,
אין ענדלאָזיקן אומעט פון פאַרנאַכט,
האָט זיך אַ בלעטל אָפּגעשיידט פאַרטראַכט,
און איז אין וואַסער שטיל אַראָפּגעפלויגן...
דער גרינלעך־בלויער הימל פון פאַרנאַכט
האָט מיט אַ רואיקייט די ערד באַצויגן.

## עס לויכט מיר אויף...

עס לויכט מיר אויף ווי אין אַ חלום
די גרויסע שיינקייט פֿון דער ערד:
די שטילע בערג, די ברייטע טאָלן,
די טייכלעך טרוימעריש־פֿאַרקלערט;
די שפע פֿון די פֿולע גאַרבן
אויף יעדער פֿעלד, אויף יעדער בייט,
די פֿרידלעכקייט פֿון מי און אַרבעט,
וואָס וועקט אין האַרצן אויף אַ פֿרייד...

איך ריים די אויגן אויף אין ציטער:
וואָס חלום איך פֿון שיינעם פֿעלד,
מיט אַל־די ברכות, אַל־די גיטער
פֿון פֿרעמדער מערדערישער וועלט,
וואָס האָט גערצחנט, און געירשנט,
און אויסגעוואָרצלט מיין געביין!...
מיין וואָר איז ווילנע, לאָדזש און וואַרשע,
די אויסגעברענטע אַש און שטיין!
די שטעט פֿון גריבער און פֿון היילן,
וווּ געהערשט האָט אומגעשטערט
די ברודער־ליבע פֿון דעם צלם,
און די גערעכטיקייט פֿון שווערד...

## ערגעץ טיף...

ערגעץ טיף אין בלינדע תהומען
פֿון נשמה,
וווּ אין חושך פֿון די אָפּגעלעבטע טעג
קנוילן זיך, ווי ווערים,
קנאה, האַס און שרעק —
ברענט דיין ליכט, אַ גאָט!
ברענט דיין ליכט אין אונדז געפֿאַנגען...

און ווי וואונדערלעך
עס שיינט אַרויס פֿון אונדז אין יעדן טראַט
דער אָפּשטראַל פֿון דיין סוד!

# לידער וועגן דאָן־קיכאָט

## און ווען...

און ווען דער גרויסער דאָן־קיכאָט,
האָט זיך מיט דער ווינט־מיל געשלאָגן —
האָבן מלאכים פאַר גאָט
גענומען וויינען און קלאָגן.

און ווען דער ערד־מענטש, סאַנטשאָ, האָט
דעם מייסטער געוואַשן די וואונדן —
האָבן מלאכים פאַר גאָט
אין הימל שירה געזונגען.

און ווען דער ריטער דאָן־קיכאָט
האָט ווידער צום קאַמף זיך געלאָזן —
האָט זיך אַ שמייכל פון גאָט
דורך וועלטן ליכטיק צעגאָסן.

# צו דאָן־קיכאָט

פּאַראָוים, מיין ריטער, אין דער וועלט אַריין!
גאָטס וועגן וואַרטן אויף דיר ברייט און אָפן:
ס'איז דאָ צו לינדערן אַזוי פיל פּיין,
און דאָ אַזוי פיל רשעות צו באַשטראָפן!

געזאָטלט וואַרט דיין פערד דיין טרייער ראָסינאַנט,
נאָך גאַנץ די פעל אויף זיינע דאַרע ביינער...
ער ווייס שוין גוט די גבורות פון דיין האַנט,
און איז שוין לאַנג געוואוינט צו שטעקנס און צו שטיינער...

פּאַראָוים!
מעג טויזנט מאָל דיך אויסלאַכן די וועלט —
דיין שטאָלצן גייסט קאָן קיינער דאָך ניט צוימען!
דו האָסט דיין נאַר, וואָס האַלט דיך פאַר אַ העלד,
און ביסט אַליין דער שקלאַף פון דיינע הויכע טרוימען.

# דאָן־קיכאָט זאָגט זיך אַליין מוסר־ווערטער

עס ווארטן לאַנגע טעג פון תענוג
פאַר דעם וואָס גייט אין פרעמדע טריט,
נאָר שווער איז, דאָרנדיק און פייניק,
דער וועג פון דעם וואָס צוימט זיך ניט...
אָ, סאַנטשאָ, סאַנטשאָ דו ביסט קליגער,
אין איינפאַכקייט פון דיין געמיט,
פון האר פון דיינעם, פון דעם זיגער,
וואָס וערט באַזיגט אויף טריט און שריט!

צו־וואָס נאָך זוכן וועגן נייע —
דעם מיטל־וועג קלייב אויס און גיי!...
וואָס טויג געפאַנגענע באַפרייען,
דערנאָך באַפאַלן זיין פון זיי?
וואָס לאָזסטו ניט דיין הארץ פאַרגעסן
אָן דעם געפייניקטנס געשריי,
צו גיין ביי רייכע גענדזלעך פרעסן,
באַזיפצנדיק דעם בעטלערס וויי!

וואָס גייט דיר אָן די וועלט צו רעטן
פון רשעות, נארישקייט און פיין?
אַ סטאַדע אָקסן וועט צעטרעטן
דעם העלד וואָס גייט אין קריג אריין!
צו־וואָס אין זיך דעם יאוש טראָגן,
דורך נעכט דורך לאַנגע וואַכיק זיין —
מען קאָן זיך פאַר אָן אייזל קלאָגן,
און טרייסטן זיך ביים לאָגל וויין...

נאָר שאַ! ווער טראָגט זיך דאָס פון וויטן
דורך ברייטע וועגן אומגעשטערט?
דאָס קומען־אָן די בייזע רייטער,
נאָך רויבעריי, מיט שפּיז און שווערד...
היי, סאַנטשאָ, נאָר! דערקיי דיין ביסן,
און שנעלער זאָטל־אָן מיין פערד,
צום קאַמף מיט די פאַרשייטע ריזן,
וואָס זייען אומרעכט אויף דער ערד!

# צו חלומען

צו חלומען פון שיינקייט ניט געבאָרענער,
און אַליין אין יאוש זיפצן אין דער שטיל, —
אַ דאָן־קיכאָט, אויף וועגן אַ פאַרלאָרענער,
ווי נאָענט אונדז איז דיין געפיל!

האָסט ניט געוואָלט אַ לעבן קליין און וואָכעדיק —
וואָס טויג אַ וועלט אָן שיינקייט און אָן גליק?
אין הייזער אַלטע, קרעטשמעס האַלב־צעבראָכענע,
פאַרוואַנדלט האָסטו אין פּאַלאַצן מיט דיין בליק.

דאָך האָסטו אין דיין הויכקייט זיך ניט אָפּגעצוימט,
און שטאַרקער נאָך געפילט האָסטו דעם צווייטנס פּיין!
האָסט אויך אַליין דיין דולצינעאַן אויסגעטרוימט
פאַר דורות אין דער ווייטעניש אַריין...

אָ, דאָן־קיכאָט, דו וואונדערלעכער וואַנדערער,
האָסט פון דעם מענטשן צו־פיל שוין באַגערט!...
און דאָך, דיין חלום טראָגן איצטער אַנדערע,
און האַלטן־אויף די שיינקייט אויף דער ערד.

# דאָן קיכאָט נאָך דער שרעקלעכער פּאַסירונג מיט די אָקסן

ניט פאַרלאָשן האָט דאָס קילנדיקע וואַסער
דעם בזיון וואָס אין ריטער האָט געברענט!
אַ פאַרשעמטער, אַ דערשלאָגענער, אַ בלאַסער
האָט ער טרויעריק צו סאַנטשאָן זיך געווענדעט.

— „ס'איז קיין יושר, ברודער סאַנטשאַ, ניט פאַראַנען,
און איך ווייס ניט אויף וואָס דאַרף דאָס גאָר די וועלט...
האָסט געזען ערשט, און דערפילט מיט מיר צוזאַמען,
די באַלוינונג וואָס געקראָגן האָט דער העלד.

שוין ניט איינמאָל האָט מען פריער מיך געטראָטן,
און ניט דאָס איז, גוטער סאַנטשאַ, וואָס מיך דריקט, —
נאָר די אומרעכט, וואָס דעם גרויסן דאָן־קיכאָטן
האָבן אָקסן, פּראָסטע אָקסן גאָר, באַזיגט.

עס, עס, סאַנטשאַ, און דערהאַלט זיך לאַנגע יאָרן
אויף דער וועלט פון אומגערעכטיקייט און גרויל, —
דו ביסט עסנדיק, ווייזט אויס, געוווען געבאָרן,
און וועסט שטאַרבן מיט אַ ביסן אין דיין מויל.

נאָר פאַר מיר איז גאָר אַ מאַטערניש דאָס לעבן:
יעדער רגע איז צו שטאַרבן מיר באַשערט...
ניט פאַרגיטיקן וועט קיין זאַך, ניט פאַרגעבן,
דעם בזיון וואָס מיך פּייניקט און פאַרצערט".

און אַ יאוש, ווי דעם סם פון בייזע שלאַנגען,
האָט אין וואונדערלעכן טרוימער זיך צעברענט...
ס'האָט די וועלט מיט אירע ליידן אים געפאַנגען,
און אים אויסגעלאַכט, צעבראָכן און פאַרשעמט.

## סאַנטשאָס פילאָזאָפיע

נאָר סאַנטשאָ האָט דערווייל זיין הונגער ניט פאַרגעסן,
דאָך אויף זיין האַר האָט ער געוואַרט די גאַנצע צייט,
געקוקט געדולדיק אויף דאָס צוגעגרייטע עסן,
און אין דער שטיל פון ברויט געקניפּן און געקייט.

נאָר מיינענדיק, אַז ס׳וועט שוין גאָר קיין סוף ניט נעמען
צום מייסטערס ערגערניש, פאַרביטערונג און צער, —
האָט סאַנטשאָ זיך אינגאַנצן אויפגעהערט צו שעמען,
און קייענדיק געשמאַק געווענדעט זיך צו זיין האַר:

— „און אויב אַזוי, מיין האַר, מוז איך אייך איצטער זאָגן,
וואָס איך האָב פון מיין באָבען ניט איינמאָל געהערט:
זאָל מאַרטע שטאַרבן, אָבער מיט אַ פולן מאָגן,
אויב איר צו שטאַרבן איז שוין סיי־ווי־סיי באַשערט.

און ווידער קלייב איך זיך דערווייל ניט צו שטאַרבן,
נאָך איבערהויפּט זיך צו פאַרהונגערן ביז טויט...
די אַלע אומרעכטן פאַרשטעק איך מיר אין אַרבל,
ווען ס׳ליגט פאַר מיר אַ היפּשער שטיקל קעז מיט ברויט.

אין שיסל לאָז איך איבער אַלע מיינע זאָרגן,
און אין מיין שלאָף פאַרגעס איך אָן דעם גרעסטן פּיין...
אויך איר, מיין האַר, בייסט־צו און רוט זיך אויס — און מאָרגן
וועט שוין די וועלט אינגאַנצן גאָר אַן אַנדערע שוין זיין״.

# חלום אוןווירקלעכקייט

אָ, וואונדערלעכער חלום, שיינע דוליצנייע,
ווי טיף געטריי איז דיר דיין אומגליקלעכער העלד!
ער גלויב אין דיר און וואַרט, אַז דו זאָלסט אים דערפרייען
און מיט דיין ערלעכקייט פאַרשענערן די וועלט.

און צוגעשמייכלט האָט דער אומעטיקער ריטער
אויף סאַנטשאָס איינפאַכע און אמתדיקע רייד:
ער האָט אין זיי דערפילט דעם אויפריכטיקן ציטער
פון פרישער ערדישקייט און מאַגנדיקער פרייד.

און ס'האָבן וואַכעדיקע, ערדישע פאַרלאַנגען
דעם ריטערישן שטאָלץ און הויכן צער פאַרשוועכט...
אָ, שיינקייט געטלעכע, וועסט אייביק זיין געפאַנגען!
ווייל פייניקן זיך וויל ניט צוליב דיר דער קנעכט.

און דאָן־קיכאָט האָט ווידער זיך געלאָזן נאַרן,
אויף ווילדע וועגן ווייטער זיך געלאָזן גיין,
ווי שטענדיק איינגעשטעלט דאָס לעבן אין געפאַרן,
נאָר צוליב וואָס — האָט ער שוין ניט געוואוסט אליין...

# די פּאָר

און ווידער איבער וועגן וואַנדערן פאַרקלערט —
דער דינער אויף זיין אייזל, דער ריטער אויף זיין פערד.

אַ דינסט, צי אַ פּרינצעסין — אַ פּאַלאַץ, צי אַ הויז, —
פאַרשיידן שיינט דער אמת צו יעדערן אַרויס.

דער זוכט זיין טרייסט אין טרוימען, און דער — אין לאָגל וויין,
נאָר איינער אָן דעם צווייטן קאָנען זיי ניט זיין.

זיי וואַנדערן צוזאַמען, די וואונדערלעכע פּאָר:
דער ריטער מיטן דינער, דער חלום מיטן וואָר.

# סאַנטשאָס געוואַלדן

וואָס האָט דולציניִיעס באַפרייאונג
צו טאָן מיט מיין אָרעמען לייב
בין איך דען איר מאַן, דער געטרייער,
איז זי דען מיין שוועסטער, מיין ווייב,
וואָס איך צוליב איר זאָל זיך געבן
דריי טויזנט מיט דריי הונדערט שמיץ?
ביי מיר איז מיין קערפּער אין לעבן
דאָס איינציקע וואָס איך באַזיץ!

און ווידער זי האָט דאָך איר גרעסטן
און העלדישן ריטער — מיין האַר...
ווי פּאַסט איר, דער שענסטער און בעסטער,
באַפרייט זיין דורך מיר, דורך דעם נאַר!
און קאָן מען ניט אַנדערש פאַרטרייבן
דעם כשוף פון נאָבעלער פרוי,
דאַן וועט זי שוין, דוכט מיר, פאַרבלייבן
אויף אייביק פאַרכשופט אַזוי.

און הערט נאָר די חוצפּה פון לייטן
איך האָב נאָך אַזוינס ניט געזען
מען הייסט מיר זיך פּאַסעווען, שניידן —
און סתם צוליב וואָס, צוליב ווען!

און וויל מען אַז איך זאָל זיך שלאָגן
אַליין מיט דער אייגענער האַנט —
איז ברענגט אַ מתנה צו טראָגן —
אַ מלבוש, אַ שטיקל געוואַנט.

אַ דאַנק דעם מכשף מערלינען
וואָס האָט מיר די שליחות פאַרטרויט!
פון אַלעמען מיך צו געפינען,
אַז איך זאָל זיך שינדן די הויט!
ביי מיר איז מיין קערפּער אין לעבן
דער טייערסטער בעסטער באַזיץ
איך וועל צוליב איר זיך ניט געבן
אפילו קיין איינציקן שמיץ!

## דאָן־קיכאָטס לעצטע ווערטער צו זיינע פריינד

מאַכט ניט קיין פּאַראַדן,
טרייבט ניט מער קיין שפּאַט:
איך בין איצט קוזאַראַ,
איך בין ניט דאָן קיכאָט.

צו אַ סוף אַ קלוגן
האָט מיך גאָט געבראַכט:
כ׳בין געווען משוגע
איצט האָב איך דערוואַכט.

סאַנטשאָ, מיין געטרייער,
פריינט און ליבע געסט:
זוכט ניט פייגל נייע
אין אַן אַלטן נעסט!

## דאָן־קיכאָטיש

טוט ניט וויינען די וועלט ווען איך וויין,
טוט ניט זינגען ווען מיר ווילט זיך זינגען...
און דאָך — וויל איך מיין וואָרט זאָל זיין ריין,
און ווי זילבער גערליטערטער קלינגען.

וועל איך אַלץ וואָס איך זע, וואָס איך פיל
לזכרון אין תמימות פאַרשרייבן;
אַז די שיינקייט פון עכטן געפיל
זאָל נאָך מיר אין דעם אוצר פאַרבלייבן...

# דאָן־קיכאָטס עצה צו סאַנטשאָן

דיר, סאַנטשאָ, די מלוכה,
דער כבוד און דאָס געלט, —
און איך וועל אַלץ נאָך זוכן
דעם יושר אויף דער וועלט.

און דו וועסט הערשן, גלאַנצן —
ניט האַלט זיך גרויס קיינמאָל...
אַ חזיר־פּאַסטעך, פּאַנטשאָ,
ביסטו געווען אַמאָל.

נאָר אויך אויף דעם, מיין חבר,
קיין טרערן ניט פֿאַרגיס, —
ווייל אויך די שיינע פּאַווע
האָט ניט קיין שיינע פֿיס...

נאָר זיין זאָל דיין מלוכה
אויף ערלעכקייט געשטעלט!
און איך — כ׳וועל ווייטער זוכן
דעם יושר אויף דער וועלט.

## די געבענטשטע שעה

איך זינג מיין ליד צום ווינט,
צו וואָלקנס און צו ימען,
און בענטש די שעה וואָס בינדט
אונדז אַלעמען צוזאַמען.

ס׳איז אַלץ די זעלבע וועלט,
פון חושך אויפגעקומען...
מיט גראָז און בוים אין פעלד,
מיט שטיינער און מיט בלומען...

אַ פעלדז, פאַרגליווערט, שטום,
אַ מענטש, אַ הירש, אַ פויגל —
ס׳נעמט אַלעמען אַרום
דער זעלבער רעגנבויגן!

ס׳איז אַלץ די זעלבע ערד,
וואָס גאָט האָט אונדז געגעבן,
אַוואו ס׳איז אונדז באַשערט
אין בענקעניש צו לעבן.

## גאָטס וואָרט...

חלפה על פני נשמת אפך, אלהים, ותלהטני...

ח. נ. ביאליק

גאָטס וואָרט האָט מיך אַ ברען געטאָן פון פייערדיקן דאָרן
אין מענטשן-מדבר וואַנדער איך פאַרשמאַכט אַזוי פיל יאָרן.
דער נאָענטער באַנעמט ניט, און דער ווייטער וויל ניט גלויבן, —
גאָטס וואָרט האָט מיך אַ ברען געטאָן און האָט מיך ניט דערהויבן.

ניטאָ דער גרעסטער האַס אין מיר, די הייליקייט פון צאָרן!
גאָטס וואָרט האָט מיך אַ ברען געטאָן און זיך אין מיר פאַרלאָרן...

## רו

דאָס האַרץ איז שטיל,
דער אָפּגרונט איז מיט רו באַצויגן;
נאָר פונקען פון פאַרגליווערטן געפיל
נאָך שיינען־אָפּ אין דיינע אויגן...
דאָס האַרץ איז שטיל.

געבענטשטע רו!
אַ שנייען־פעלד און קאַלטע שטערן, —
נאָר ס'גליווערן אין דיר נאָך ערגעץ־וואו
ניט־אויסגעוויינטע טרערן, —
געבענטשטע רו!

## ווי טויבן

טוליען זיך ווי טויבן ווערטער איינס צום צווייטן צו...
שטילע ווערטער, ליכטיקע — פרידלעכקייט און רו!
וואויל איז דעם וואָס קען מיט אייך פאַרגעסן אויף זיין פיין,
פלאַטערן אין לופטן און אַרומפליען אין שיין...
ווערטער אומעטיקע שטילע, צאַרטע ווי אַ סוד, —
בענקענדיקע טויבן מיינע — פייגעלעך פון גאָט!

## קלאַנגען

דו לעבסט דיין לעבן דורך אין קלאַנגען
דו פילסט אין אַלץ אַרום — געזאַנג !
דאָך בלייבט נאָך אַלץ אין דיר געפאַנגען
דער סוד פון אויפגעוואַכטן קלאַנג...

ס'איז אייביק דאָס גערויש פון ימען
און דאָס געוויין פון ווינט אין פעלד
און דאָך — אַרום דורך אַלע צאַמען
הילכט־אָפּ דאָס שווייגן פון דער וועלט

## רגעס

די רגעס פון פרייד וואָס באַשיינען דעם וועג
פאַרגייען ניט קיינמאָל פון אונדזערע טעג !

עס שפּרייזן די יאָרן מיט האַסטיקע טריט,
נאָר גליקלעכע רגעס פאַרגעסן זיך ניט.

זיי שיינען, זיי גליען אונדז שטילערהייט,
די ליכטיקע רגעס פון ערדישע פרייד.

## געזאַנג

ווי אומעטיקע לאַנדישן פּאַרקלערטע,
(די גלעקעלעך וואָס קלינגען ניט)
צעבליען זיך אין מיר די ווערטער
פון אָוונטיקן ליד.

אַ שטום געזאַנג פון אַלע זייטן!
עס ציטערן די גראָזן אויף פון מיין באַריר...
און ס׳עפּענען זיך אויף פאַר מיר
די ווייטן.

געזאַנג פון בלימעלעך פאַרטראַכטע
אין דורכזיכטיקן אומעט פון פאַרנאַכטן!...

## ניט מיינט

ניט מיינט אַז גאָט האָט מיך געשטראָפט
און מיר געשענקט דעם חושך,
אַזוי פיל פריידן האָב איך אָפט,
און פריידן טיפע, גרויסע...

אַזוינע ליכטיקע ווי זון
און ווי דער הימל בלויע,
נאָר זינגען קאָן איך ניט דערפון —
דער אומעט איז מיר נאָענט.

# אין איינזאַמקייט

י. י. שוואַרצן

ניט זוך ביי מיר קיין הויכע ווערטער,
קיין אויסטערלישקייט אין פאַרגלייך:
ס'איז נאָענט מיר דער רויש פון בלעטער,
דאָס פליסטערן פון שטילן טייך.

כ'האָב ליב די פויקן און טרומפייטן
דעם הויכן, יום־טובדיקן קלאַנג;
נאָר ליבער איז מיר צו באַגלייטן
מיין איינזאַמקייט מיט שטיל געזאַנג.

# אַ תפילה

אַזוי ווי דו באַשיצסט
די עלנטע, די שוואַכע און די שטילע —
באַשיץ מיך, גאָט.

אַזוי ווי דו באַשיצסט
די זינדיקע וואָס טוען צו דיר תפילה —
באַשיץ מיך, גאָט.

אַזוי ווי דו באַשיצסט
די וואַנדערער, די בלינדע אויף די וועגן —
באַשיץ מיך, גאָט!

באַשיץ אונדז, גאָט,
באַשיץ אונדז אַלעמען פון דיינטוועגן —
באַשיץ אונדז, גאָט...

## חלומות

מיר האָט זיך אָפּגעדוכט: איך האָב גאָטס וואָרט פאַרנומען,
איך וועל דער אויסדערוויילטער, דער געבענטשטער זיין!
בין איך מדבריות ווי אַן אָדלער דורכגעשוואומען,
אַ גלויביקער, אַ דורכגענומענער מיט שיין...

און פון דער גוטער ערד אַלץ העכער זיך דערהויבן,
מיך האָבן ווייטקייטן נאָך ווייטער אַלץ געפירט!
וואָס האָבן מיר געאַרט די מדברדיקע שטויבן,
ווען מיינע פליגלען האָבן באַלד די זון באַרירט!

צו־שטאָלץ געווען... און מיט דער וואַכיקייט פון לעבן
האָב איך די ליידן מיינע מישן ניט געוואָלט.
און איצט, — ווי אומזיניק! — וויל איך נאָך אַלץ באַוועבן
די פוסטקייט מיט מיינע פעדימלעך פון גאָלד.

אוי, פעדים גילדענע און ווייטענישן שטומע!
מיך אָפּגעשיידט האָט איר אינגאַנצן פון דער ערד, —
ווייל אין מיין יונגן הימלדיקן אומעט
האָט זיך מיר אָפּגעדוכט — איך האָב גאָטס וואָרט געהערט.

## דביקות

אָט שטיי איך דאָ אַליין פאַר דיר, מיין גאָט,
מיין האַרץ איז פול און שטום און קען ניט ריידן.
די זון האָט היינט באַשיינט מיין שטילן טראָט...
איצט שטיי איך דאָ אַליין פאַר דיר, מיין גאָט,
און קען ניט יום־טובדיק מיין וואָרט באַקליידן,
מיט פרייד צו דאַנקען דיר פאַר דיין גענאָד...
איך שטיי דאָ איצט פאַר דיר אַליין, מיין גאָט,
מיין האַרץ איז פול און שטום און קען ניט ריידן.

# נאָקטיורן

בלי אויף מיין צער אין שטילער שעה!
עס בליען קווייטן אין דער נאַכט,
און לעבנס בליען אין דער נאַכט...
בלי אויף מיין צער!

מיט סודות הויכט די שטילע שעה,
בלי אויף מיין ליד אין בלויעם שיין,
אין אומעטיקן שטערנשיין —
בלי אויף מיין צער!

# אין דערוואַרטונג

אַ, פרייד!
איך האָב פאַר דיר אַ יום-טוב-קלייד
פון שטענדיק-אַן געגרייט,
באַוועבט און דורכגעשפונען
מיט גאָלד פון שיינענדיקע טעג,
וואָס איך האָב אויפן וועג
געפונען.

איך האָב געוואַרט אויף דיר צו יעדער שעה פון לעבן!
און דו — האָסט פון דער ווייטנס בלויז
אַ שיין געטאָן, און אויס!...
און ס'פינקלען נאָר די גאָלדענע געוועבן
אין בענקעניש נאָך דיינע טריט.

אַ, פרייד, באַטריב מיך ניט!
און איצט, אונטער די אומטיקע שטערן,
באַצירן וועלן דיך ווי פּערל
די ריינע טרערן פון דערהויבענעם געמיט...
אַ, פרייד, באַטריב מיך ניט.

## און ווילסטו

און ווילסטו צו די הימלען שווינגען —
ניט בויג דיין נאַקן ווי אַ שקלאַף!
אויב ד י וועלט קענסטו דו ניט באַצווינגען,
איז וועלטן אַנדערע באַשאַף!

באַשאַף, מאַך חרוב, און בוי איבער
אַזוי ווי דיר אַליין געפעלט,
ביז אומקומען וועסטו דו, אַ גיבור,
אין חורבות פון דיין לעצטער וועלט...

## ה י י ל י ק י י ט ן

הייליקייטן פון מיין אומעט,
שעהן פון דער נאַכט,
ניין, איר זייט ניט אומגעקומען
אָן אַ שפּור אין שלאַכט!

שעהן מיינע, טיף־פאַרקלערטע,
אייך האָב איך פאַרהיט:
אין דעם רויש־געוועב פון ווערטער
פינקלט איר און גליט.

וועלטן שטילע, קלאַנגען שטומע
שווינגען־אויף פאַרטראַכט...
הייליקייטן פון מיין אומעט,
שעהן פון דער נאַכט!

# אין טומלדיקע טעג

ווי ליב מיר איז אין טומלדיקע טעג פון שטורעם
באַזינגען אומעטן פון מענטשלעכן געמיט!
די קווייטן אייביקע, וואָס וועלקן קיינמאָל ניט...
און מיר איז ליב אין טומלדיקע טעג פון שטורעם
דורך שווערן בליי פון אויסגעשמידטן, קאַלטן פורעם,
אַרויסצובּרענגען קלאָר דעם זילבער פון מיין ליד...
עס איז מיר ליב אין טומלדיקע טעג פון שטורעם
באַזינגען אומעטן פון מענטשלעכן געמיט.

# גאָרנישט אָנגעוואָרן

זינגט דער אומעט אין מיין טראַט
און דער צער אין מיינע אויגן,
אוי, ווי אומזיניק און שנעל
איז מיין וועלט פאַרבייגעפלויגן.

נאָר עס לאַכט דער שד אין מיר,
דו האָסט ווייניק־וואָס פאַרלאָרן;
שטילער שלאָגט אַצינד דיין האַרץ,
ביסט דאָך אָבער קלוג געוואָרן...

# טרערן

קומען צו מיר שטילע טרערן אין אַ מיטן נאַכט:
— טרערן שטילע, אומגעריכטע, ווער האָט אייך געבראַכט?

— האָסט געזען אין מוטערס אָרעמס אַ פאַרחלשט קינד
און געזען ווי גרינע בלעטער פליקט אַראָפּ דער ווינט...

האָסט געזען וואו רויטע פלעקן אויף דעם ווייסן שניי,
און געהערט ווען אין דער שטילקייט עמעצנס געשריי...

האָט דער דמיון אַלע בילדער פאַר דיין בליק געבראַכט,
זיינען מיר צו דיר געקומען אין דער מיטן נאַכט.

# גוט מאָרגן

גוט מאָרגן, מאָרגן־פייגעלע, ס'איז גוט וואָס דו ביסט דאָ!
איך בין דאָך איצטער גאָר אַליין אין וואונדערלעכער שעה...
אַ דאַנק דיר, טייער פייגעלע, אַ דאַנק פאַר דיין ציף־ציף,
וואָס ווייסטו ווי עס זינגט זיך ביי מיר איצטער אין דער טיף?
אַ גאַנצע זון מיט ליכטיקייט איז איצט אין מיר אַריין,
אַ זינגענדיקע וועלט דורכאויס פון לויטערקייט און שיין!...
און איך בין גאָר אַליין אין אַזאַ וואונדערלעכער שעה,
אַ דאַנק, אַ דאַנק דיר, פייגעלע, ס'איז גוט וואָס דו ביסט דאָ.

# אין געזאַנג

שווינג, נשמה, אויף פון ענגשאַפט
צו די הויכן פון געזאַנג!
און זאָל אויפזינגען אַ בענקשאַפט
אין דער לויטערקייט פון קלאַנג.

אַז ס׳זאָל אויפהילכן דער טרויער
פון פאַרשטויסענעם געמיט,
און די עלנטקייט וואָס לויערט
שטום אַהינטער זיינע טריט...

לעבנס בליען־אָפּ באַשיידן,
קיינער ווייסט גאָר ניט פון זיי!...
זינג, מיין ליד, פון שטומע ליידן,
און ניט־אויסגערעדטן ווי!

זאָל אַרויסהילכן אַ בענקשאַפט
אין דער לויטערקייט פון קלאַנג!
שווינג, נשמה, אויף פון ענגשאַפט
צו די הויכן פון געזאַנג!

## קלאַנגען

לעבעדיקע קלאַנגען
אויפֿן ברייטן וועג
האָבן מיך געפֿאַנגען
אין די יונגע טעג.

און דורך טעג און יאָרן,
וועבנדיק דעם קלאַנג,
ליבער אַלץ געוואָרן
איז מיר דאָס געזאַנג!

און ווי ווייטע פֿלייטן
זאָלן, צאַרט און באַנג,
לידער מיך באַגלייטן
אין מיין זון־פֿאַרגאַנג.

## מיט אַלעמען

גיי איך צו דער נאַכט דורך לויטערע פֿרימאָרגנס
און דורך שיינענדיקע זון־באַשפּינטע טעג;
נאָר איך האָב מיט זיך אַ גאַנצן דור באַגלייטער —
גיי איך... ניט איך אַמפּער זיך און ניט איך פֿרעג.
און איך טרעט פֿאָראויס באַהאַלטנדיק דעם פּחד,
ווי סאָלדאַטן אויף אַ וואַקלדיקער בריק...
איינער, טראָט אין טראָט מיט לעגיאָנען!
און מיין שרעק דערקען איך אין אַ צווייטנס בליק.

# אין אָוונט־שיין

אַ טאָג — אַ מענטש
אַ פריינד — אַ נעכטן...
דעם גוטן בענטש
און בענטש דעם שלעכטן.

דו האָסט דיין פרייד,
דעם שיין פון לעבן,
פאַר פאַלשע רייד
אַוועקגעגעבן...

און זיי — געלאַכט
פון דיר אַנטקעגן,
געזייט פאַרדאַכט
אויף דיינע וועגן...

דאָך — אַלץ פאַרגיב,
אויך היינט ווי נעכטן...
דעם גוטן ליב
און ליב דעם שלעכטן.

## מיינע געטער

איך בין אַנטלאָפן היינט פון מיינע אַלטע געטער
דער שפּאָט פון זייער בליק איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן:
אַ נאַר! דו האָסט געוואַרט אויף שפּעטער —
האָסט דו פאַרלאָרן.

איך האָב געמיינט מיין צער וועט אַלעמען באַצווינגען,
און העכער פון די הימלען וועט מיין ווייטיק שטייגן
נאָר ווײ... אַ פויגל קאָן ניט זינגען
אויף הוילע צווייגן.

און קאַלט געבליבן זיינען אויף די מערק די שטיינער,
איך האָב זיך פון מיין נאַריש האַרץ געלאָזן פאַנגען:
עס האָט מיך ניט פאַרנומען קיינער, —
פאַרבייגעגאַנגען.

דערנאָך, פאַרנאַכט, מיט שטילע טריט פון אַ פאַררעטער,
בין איך, אַן אויסגעניכטערטער, צוריק געקומען,
און האָב די פיס פון מיינע געטער
אַרומגענומען.

## קום אַרויס

זאַנגען אָנגעגאָסענע,
לאַנגען ליכטיק ברייט, —
קום אַרויס, פאַרשלאָסענע,
שטראַל אַרויס, מיין פרייד!

ריים זיך אויס, אַ מעכטיקע,
ברויז אַזוי ווי ווייַן, —
ברייטע פעלדער פּרעכטיקע,
לאַנגען פול מיט שיין!

## דער בוים

דער אַלטער בוים אין גרינעם פעלד
איז שיכור פון געזאַנגען!
אָ, וועלט, די וועלט, די ברייטע וועלט,
איך בין אין דיר געפאַנגען.

איך בין דיין קנעכט, איך בין דיין קינד,
דיין ליכטיקייט און שאָטן —
ווי יעדער וואָלקן וואָס פאַרשווינדט,
אין גראָז וואָס ווערט צעטראָטן...

דאָך פאָך איך אָפּ פון זיך דעם שטויב —
די ליידן און די ווייען,
און זאָל מיין האַרץ זיך, ווי אַ טויב,
מיט בלויע הימלען פרייען.

## דאָס בלעזל

אַ בלעזל איז צעשפּרונגען,
געפּלאַצט פון אַ באַריר,
ווען איך האָב נאָך באַוואונדערט
זיין פּרעכטיקן קאָליר.

און מאָדנע איז — פאַרגעסן
קען איך ניט ביז איצט
דעם שיינעם פוסטן בלעזל,
וואָס האָט מיט שיין געבליצט...

## אין וועג

איך בין אַ דורכגייער אין וועג,
אַ דורכגייער און אַ רייכער,
און גייען בעטלער אויפן וועג —
ווי קאָן איך פון זיי וויכן?

צו מיר די אָרעמס שטרעקן זיי,
איך זאָל זיי עפּעס געבן,
און קאַרג זיין קאָן איך ניט מיט זיי —
גיב איך זיי אָפּ מיין לעבן...

## עס שטייט ביי אונדז געשריבן

עס שטייט ביי אונדז געשריבן: —
אַז דער וואָס גורט ערשט אָן זיין שווערד — דער קאָן זיך באַרימען
אַזוי ווי דער וואָס קערט זיך שוין פון קריג;
דו לאָזסט זיך איצטער, קינד, אַהינטער ווייטע ימען שווימען —
און איך? איך קער זיך שוין צוריק.

ניטאָ, מיין קינד, קיין אויסוועג:
אַ צער איז אָנצוקוקן יענע מענטשן, וואָס פאַרשווענדן
ווי רענדלעך גאָלדענע, די שיינענדיקע טעג, —
און וויי, ווי נאַריש זיינען די, וואָס גורטן אָן די לענדן
און לאָזן זיך מיט פאַרזיכטיקע טריט אין וועג...

## דיינע שיפן

דיינע שיפן קומען שוין צום ברעג,
און דו ווייסט ניט וואו דו ביסט געשוואומען,
און וואו פאַרגאַנגען זיינען דיינע טעג...
דיינע שיפן קומען שוין צום ברעג,
און פון אַלע שטורעמס אויף דיין וועג,
האָסטו הויפנס ווינט נאָר מיטגענומען.
דיינע שיפן קומען שוין צום ברעג,
און דו ווייסט ניט וואו דו ביסט געשוואומען.

# צוזאַמען

ווי רייך איז דאָס לעבן ווען דו ביסט מיט מיר!!!
נאָר — עלנטע וואָגלען אַהינטער דער טיר.

ווי גוט איז אונדזביידן צו חלומען דאָ!
נאָר — עלנטע וואָגלען אין שפּעטיקער שעה.

ווי ליכטיק עס שיינט און עס וואַרעמט דיין בליק!...
נאָר — וויי, וויפל לעבנס פאַרגייען אָן גליק.

# מיט אַ שמייכל

קוק מיט שמייכלען אויף די,
וועלכע גייען דיין וועג,
ווען זיי נעמען די מי
פון דיין לעבן אַוועק.

ווען דיין פּלאַם איז נאָך גרויס,
און דיין אויג איז נאָך קלאָר,
שטיל לאָז איבער דיין הויז
פאַר דעם קומענדן דור.

לייג אַנידער דיין קאָפּ
ערגעץ־וואו אויף אַ שטיין,
און פון אַלץ זאָג זיך אָפּ
אָן פאַרדראָס, אָן געוויין.

# עס טריפט אַרויס

עס טריפט אַרויס פון דיינע אויגן
דער שטילער עלנד פון דיין וועלט,
ווי ביי אַ הילפלאָזיקן פויגל
וואָס איז פאַרלאָזן אויף אַ פעלד...

מיר וועלן שוין אַזוי באַזונדער
אין אומעט דורכגיין אונדזער וועג:
אַן אַנדערער האָט דיך פאַרבונדן
און האָט פאַרפּלאָנטערט דיינע טעג.

אַ יע, איך ווייס, איך ווייס די ווייטקייט
וואָס טיילט אונדז ביידן איצטער אָפּ,
דאָך ווילט זיך מיר מיט גרויס געטרייקייט
ארומנעמען דיין פרומען קאָפּ...

און מיט אַ שטראָם פון טרערן קלאָרע
צעוויינען זיך אויף דיינע הענט, —
אויף דעם וואָס איך האָב דיך פאַרלאָרן
נאָך איידער איך האָב דיך געקענט...

# צום פויגל

— אוי פויגל דו ליבער,
דו פויגל פאַרטראַכטער,
וואָס זיצסטו אַ טריבער,
די אויגן פאַרמאַכטע?

— דער טאָג איז אַריבער,
אַריבער, פאַרשוואומען...
און מיר איז פאַרבליבן
די נאַכט און דער אומעט.

— אוי, פויגל, דו יונגער,
וואָס ביסטו אַנטשוויגן?
דו האָסט דאָך געזונגען
פון גאָלדענע גליקן!

— די גליקן צערונען,
דער חלום אַריבער...
און טיף אין מיר שטומען
אַצינד מיינע לידער.

# אַ רייטער אויפֿן וועג

כ'בין שיינע פעלדער דורכגעגאַנגען
און האָב פאַרגעסן לאַנג אַן זיי...
איצט שווימען פּאָסטיקייטן אַנטקעגן,
און בוימער וויינען ביי די וועגן.
אָ, ווייט-געוואָרענע געזאַנגען
אין שטילער לויטערקייט פון ווי!...
כ'בין שיינע פעלדער דורכגעגאַנגען
און האָב פאַרגעסן לאַנג אַן זיי.

איך ווייס, די מאָרגנס וועלן קומען
ווי רויבער אויף אַ רייכן הויף,
און אָפּגיין מיט מיין גוטס באַלאָדן...
דאָך פלאַנטער איך נאָך קאַראַהאָדן, —
נאָר מיינע אויגן פול מיט אומעט
צום הימל אָפּטמאָל הויב איך אויף...
איך ווייס, איך ווייס... די מאָרגנס קומען
ווי רויבער אויף אַ רייכן הויף.

נאָר אפשר בין איך נאָר אַ רייטער,
וואָס פירט אַ שליחות אויס געטריי!
און קומען דאַרף איך צו דעם טויער
אַן צער, אַן פרייד, און אַן באַדויער...
דעריבער טראָג איך זיך אַלץ ווייטער
און מעסט די וויסטעניש פון פריי,
ווייל אפשר בין איך נאָר דער רייטער,
וואָס פירט זיין שליחות אויס געטריי.

## צו אַ חבר

באַקליידסט דיין ליכטיקייט אין שוואַרצן
און אין די סמען זוכסטו פרייד, —
מיין חבר, מיט דער שלאַנג אין האַרצן,
ניטאָ צום חלום קיין באַשייד!...

אַזויפיל פאַרב אין רעגנבויגן, — און טוליעסט שאָטנס
אין דיין שוים!...
אַ פויגל איז פאַרבייגעפלויגן,
אַ יעגער איז נאָך אים אַרוים...

## זכרונות שטייען אויף

זכרונות שטייען אויף — דאָס נאָענטע אין ווייטן, —
ווי דימענטן פון אונטערן אַלטן דיקן שטויב.
עס צאַפּלט זיך דאָס האַרץ ווי אַ געכאַפּטע טויב,
און נאָגט און רייסט זיך נאָך דער נאָענטקייט אין ווייטן;
און עפּעס בענקט זיך נאָך די שיינענדיקע צייטן,
ווי נאָך דעם הויך פון פראָסט-געמעלן אויף אַ שויב.
זכרונות שטייען אויף — דאָס נאָענטע אין ווייטן, —
ווי דימענטן פון אונטערן אַלטן דיקן שטויב.

# אין אָרעמקייט

טומ זיך אָפּ די פרייד פון מיר,
נאַקעט בלייבט מיין לעבן...
הונגעריקע ביי דער טיר,
וואָס זאָל איך זיי געבן?

ווייגען קינדער שטילערהייט,
ווארטן אויף די וועגן —
כ׳זאָל מיט אָרעמס אָפן ברייט
קומען זיי אנטקעגן.

קינדערלעך, פאַרלאָרענע,
כ׳קען אייך גאָרניט געבן.
כ׳בין אליין אַן אָרעמער,
און מיד בין איך פון לעבן.

# אַ באַגעגעניש

מען קאָן ניט זען די שיינקייט פון די קווייטן
אין אָונטט שפּעט...
איך האָב זי היינט באַגעגנט מיט אַ צווייטן,
זי האָט צו מיר גערעדט...

איך האָב געוואוסט, אַז אַלץ איז שוין פאַרפאַלן,
איך האָב דערפילט...
אין פוסטקייט פון ניט-באַלעבטע זאַלן
האָט מיין נשמה זיך פאַרהילט.

ווער קאָן פאַרשטיין די שיינקייטן פון קווייטן
אין אָוונט-שיין?...
איך האָב זי היינט באַגעגנט מיט אַ צווייטן
און גאָט געבעטן זי זאָל גליקלעך זיין.

## שווער

שווער איז טומל עלנט צו פֿאַרבלייבן,
זיין אַליין...
זאָל איך גיין ווי אַלע ברעקלעך קלייבן,
זאָל איך גיין?

זאָל איך אויך אַזוי ווי זיי פֿאַרבלענדן
זיך אַליין,
און מיין גרויסן, גרויסן צער פֿאַרשווענדן
פֿאַר אַ ביין?

זע איך זיי פֿון וויטן... אַט... זיי גייען —
גרויס און קליין.
זאָגט מיין האַרץ: דיך וועט קיין זאַך ניט פֿרייען
בלייב אַליין!

## וועלטן

וועלטן, וועלטן ליכטיק-ברייטע,
וועלטן פֿיל,
ליגן אין מיין האַרץ געטויטע,
רוען שטיל.

זון-חלומות ניט דערוועבטע,
העלע פֿרייד,
יונגע לעבנס ניט דערלעבטע, —
ליגן טויט...

# וויפל מאָל

וויפל מאָל האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט:
ניט גיב זיך איבער דעם געפיל אינגאַנצן!
וויפל מאָל האָב איך אויף זיך אַליין געקלאָגט,
און באַלד געגאַנגען פאַר דעם אָפּגאָט טאַנצן.

וויפל מאָל האָב איך געלאַכט פון זיך אַליין,
און אָן רחמנות אויף מיין ווײַ געטראָטן;
וויפל מאָל, מיט אַ באַהאַלטענעם געוויין,
האָב איך די דימענטן מיט אַש פאַרשאָטן...

וויפל מאָל האָב איך, געוואַגטערהייט, מיין האַנט
געשטרעקט אין נעסט פון ברענעדיקע שלאַנגען;
וויפל מאָל בין איך אין שײַנענדיקן לאַנד,
מיט פרעמדן ווײַ אין הארצן אומגעגאַנגען.

וויפל מאָל, ווער ווייס, וועט מען נאָך אויף ווייטער אויך
דעם שיין פון מינדסטן געפיל באַצווינגען;
וויפל מאָל, ווער ווייס, וועל איך באַגייסטערט, הויך
אַ לויב־געזאַנג צו נייע געצן זינגען...

## אין דער וועלט

וועגן — שטיין; שווער דער טראָט, —
ליידיקער די לאָגלען...
דאָרף נאָך דאָרף, שטאָט נאָך שטאָט, —
וואָגלען מוזט דו, וואָגלען!

גיי פאַרביי, הער ניט צו
ווי די לייבן ברומען!...
צו דיין סוף, צו דיין רו —
קומען וועסט דו, קומען...

האָ? דו וויינסט? וויין ניט, נאַר,
אין די מדבר־שטויבן...
הערסט? מען לאַכט פון דיין צער,
קיינער וויל ניט גלויבן...

## איך זע

איך זע ווי דיין שמייכל אַ רגע נאָר פלאַטערט,
און זע ווי עס וויינען די אויגן ביי דיר...
נאָר דאָס וואָס דיך פייניקט און דאָס וואָס דיך מאַטערט —
אוי זאָג ניט, אוי זאָג ניט — דערצייל ניט פאַר מיר!

איך פיל דיין געפיל, און איך וויים דיינעליידן,
דאָך טראָג איך מיין חלום פאַר זיך נאָר — און שווייג, —
ווי קענען דען הערצער פאַרגליווערטע ריידן?
ווי קען דען אַ פויגל צעבערעכן זיין שטייג?

# פ ר י י ד

אַט האָט אונדז גאָט אַ גוטע שעה געבראַכט!
ס׳איז היימלעך אונדז געווען אין דעם גערויש;
איך האָב די אויגן דיינע לאַנג באַטראַכט,
די אויגן דיינע — קאַרשן אין אַ קויש
מיט עפּל און מאַרעלן.
— — — — — — — — — — — — — — — —
און ס׳האָט די פרייד געקוועלט פון אַלע שוועלן — — —

# דער אָפּקלאַנג

באַשיינט מיט אַלע פאַרבן פון דעם רעגנבויגן,
איז אין דיין בליק פאַר מיר די גאַנצע וועלט געווען!
און היינט, ווען כ׳האָב אַריינגעקוקט אין דיינע אויגן,
האָב איך אין זיי שוין מער מיין לעבן נים געזען.

ווען איך האָב היינט אַריינגעקוקט אין דיינע אויגן,
האָב איך שוין נים דערפילט די בענקעניש נאָך דיר, —
נאָר אַ געשריי פון אַ פאַרלאָזטן ווילדן פויגל
האָט ווי אַ וויטער אָפּקלאַנג אָפּגעהילכט אין מיר.

# אַ ליד

גאָרבן, גאָרבן,
ווער וועט אָרבן
מיינע גאָרבן
נאָך מיין טויט?
— קינד און קייט.

און די קווייטן
פון די בייטן
קווייטן, קווייטן
צונטער־רויט?
— קינד און קייט.

ווּעמען פרייען
מיינע ווייען,
מיינע ווייען —
ווי מיין פרייד?
— קינד און קייט.

# נאָך ניט אויסגעלעבט

נאָך ניט אויסגעלעבט,
נאָך ניט אויסגעשעפּט.
נאָך ניט אויסגעשפּילט,
נאָך ניט איינגעשטילט,

רגעס בלענדיקע,
מיינע טייערע,
איך בין אייערער,
איך בין אייערער...

# ווי אומעטיק!

ווי אומעטיק עס איז!... איך דאַרף זיך שוין דערמאָנען,
אַז ס'איז מיין וועלט געווען אַנגעקניפּט אָן דיר...
נאָר ס'טוט נאָך אַלץ דאָס האַרץ אַ ציטער ביי דיין נאָמען,
ווי גראָז, ווען עס דערפילט פון פייער דעם באַריר.

אַזוי — אין גרויען האַרבסט שטייט־אויף ווען פאַר די אויגן
די קלאַרקייט פון אַ שיינעם זומערדיקן טאָג,
און מיט אַ מילדן טרויער ווערט דער בליק באַצויגן,
ווען ס'טוט אַ פרישע גרינקייט זיך פאַרביי אַ יאָג...

די דורכגעלעבטע טעג!... עס וואַכט נאָר דער זכרון...
און אין אַ רגע ברענגט ער פון דער ווייט צוריק
די אַלע שטורעמס פון די דורכגעלעבטע יאָרן,
און אַלע רעגנבויגנס פון דורכגעלעבטן גליק...

די זון שיינט אויך אַרויס אויף אויסגעברענטע וועלדער,
און אויף דעם גרויען אַש אַ נייער טאָג שטייט־אָן...
ווען אין דער ווייט נאָך ציט זיך הויך איבער די פעלדער
דער וואָלקן רויך פון שׂרפה, וואָס דאָרט גייט נאָך־אָן.

# דו און איך

מיט פייערדיקע אויגן קוקסטו אויף דער וועלט,
פארפלאָנטערט אין דער נעץ פון ליידן און באַגערן;
דעם גרונט, וואו דיין פוס איז צופעליק געשטעלט,
קענסטו אליין ניט אונטערגראָבן און צעשטערן...
דו מערסט זיך פון דעם שטראָם וואָס ברויזט אין דיר און קוועלט,
און ווייסט — דו וועסט אין אים אליין דערטרונקען ווערן.

דו פילסט די שטילע פרייד פון וואַקסנדיקן גראָז,
פארוויקלט אין דעם צער פון וועלקנדיקן לעבן;
און קענסט ניט אויסמיידן און אָפּווענדן דעם כוס,
וואָס עמעצער האָט דיר פארבייגייענדיק געגעבן...
דו ווייסט — ס'איז צייט און רוים אָן גרענעץ און אָן מאָס, —
דאָך מוזטו רגעווייז אליין אין תהו זיך פארוועבן.

דו ווייסט ניט וואָס איז נײַ אין דיר און וואָס איז אַלט —
דו פילסט, אין דיר איז אַלץ צוזאַמען אויסגעבונדן;
דו שמייכלסט צו אַ נײַ־געבוירענעם געשטאַלט,
און טראָגסט אין זיך דעם וויי פון אַלץ וואָס איז פארשוואונדן...
דו ביסט אליין דער בוים וואָס וואַקסט אין טיפן וואַלד,
און ביסט אליין דער בליץ וואָס האָט אים אָנגעצונדן!

# אין גרויסן צער

אין גרויסן צער בין איך געשטאַנען ביי דיין טיר,
אַזוי ווי איוב פלוכנדיק מיין לעבן.
דיין האַרץ האָט ניט דערפילט דעם איבערבראָך אין מיר;
אין גרויסן צער בין איך געשטאַנען ביי דיין טיר...
איך ווייס — די צייט מיט איר גלייכגילטיקן באַריר
וועט אויך מיין ווי אין איר געוועב פאַרוועבן...
אין גרויסן צער בין איך געשטאַנען ביי דיין טיר,
אַזוי ווי איוב פלוכנדיק מיין לעבן.

# וואָס זאָל איך טאָן

איז וואָס זאָל איך טאָן, אַז דער שיין פון לבנה
פאַרכישופט נאָך אַלץ מיך, — איז וואָס זאָל איך טאָן?
אַז בוימער פאַרקלערטע ביינאַכט מיר דערמאָנען
אויף וועלט פון אומעט — איז וואָס זאָל איך טאָן?
און וואָס זאָל איך טאָן, אַז פון וואָלקנס דער וואַנדער
אַ בענקשאַפט און אומרו אין האַרצן יאָגט־אָן,
אַז בלימעלעך בלויע וואָס בליען פונאַנדער
דערפרייען מיין לעבן... איז וואָס זאָל איך טאָן?
און וואָס זאָל איך טאָן, אַז אין שמייכל דורך טרערן
צום גרעזל, צום שטיין און צום ווינט וואָס לויפט־אָן,
און כ׳קען זיך ניט העלפן און קען זיך ניט ווערן —
איז וואָס זאָל איך טאָן?

# בלעטער

וואַלגערן זיך געלע בלעטער אויפן גראָז,
היט מיך אוים, באַשיצער, פון דעם כוס,
מענטשן זאָגן אַזוי איינפאַך: האַרבסט, באַשערט...
און די בלעטער — פאַלן אויף דער ערד.

# אין געלאַף

איך לאַך און וויין,
איך וויין און לאַך...
דערווייל אין שרעק
פאַרשווינדן טעג
אַ סך, אַ סך...
אַ וועלט פאַרגייט...
און איך? איך וואַך,
וואו איז מיין פרייד?
מיין זון פאַרגייט,
מיין וועלט פאַרשוועכט,
און איך — דער קנעכט —
דערוואַרט מיין פרייד
צו יעדער שעה...
מיין פרייד, מיין פרייד,
וואָס איז נישטאָ...

## די רגע

זיך נאָכאַמאָל געטראָפֿן — און די רגע
האָט ווי אַ פֿייערדיקע קווייט
זיך אויפֿגעעפֿנט שטילערהייט
דער נאַכט אַנטקעגן.

מיר צוימען דעם געפֿיל... צייט יאָרן, —
און וואָס?
אַ שטורעמווינט אויף גראָז...
ווי אויפֿגעציטערט זיינען מיר געוואָרן
און ווי אַנטציקט,
ווען דאָס געפֿיל האָט ווידער אונדז באַזיגט.

## ביי ווען...

ביי ווען ס'איז דער טראָט געמאָסן און געוואויגן,
ביי ווען ס'איז דער דלות יום־טובדיק געקליידט, —
און אָט אַזוי־אָ בעטלט מען מיט טרערן אין די אויגן,
אַזוי־אָ וויינט מען אויס דעם קאַרגן טראָפֿן פֿרייד...
נאָר פֿון אַ פֿרייד אַזאַ — איז מיר מיין אומעט ליבער!
מיין גרויסער צער וואָס רוט ניט ווי דער ים...
איך דאַרף ניט קיין גענאַד! מיין בעכער שוימט אַריבער
אין הייסן גאָלד פֿון אָוונטיקן שיין!

# פאַרוואָס

פאַרוואָס? ניט פרעג מיך, טייערע, איך קאָן דיר גאָרניט זאָגן
ווייס דער געלער בלאַט פאַרוואָס דער ווינט האָט אים פאַרטראָגן
און האָט אים צעגעטוליעט ערגעץ צו אַ פרעמדן צווייג?

און ווייס דען דער אַנטשטומטער אַלטער דראָסל אין זיין שטייג,
פאַרוואָס ער מוז אין זיך אַ לעבן־לאַנג זיין בענקשאַפט טראָגן?
פאַרוואָס? ניט פרעג מיך, טייערע, איך קאָן דיר גאָרניט זאָגן.

דו זאָגסט, אַז איצטער איז דאָס לעבן דיר שוין מער ניט טייער;
געוויס; וואָס טויג אַ ליידיק האַרץ? נאָר שולדיק איז דער פייער
אין דעם וואָס זילבער־פּלאַטערלעך פאַרברענט ער אין זיין שוים
צי ווען אַ נאַקעט ריטל בלייבט נאָר איבער פון דער רויז,
איז שולדיק דען דער ווינט, דער אייביק־עלנטער און פרייער?
אַ יע, איך ווייס, — דיין לעבן איז דיר איצטער שוין ניט טייער...

באַשערט אַזוי: איין רגע פרייד פאַר לאַנגע יאָרן ליידן;
באַדויערסט וואָס דער צופאַל האָט צונויפגעפירט אונדזביידן,
ווי גראָז פון ווינט וואָס פאַלן הילפלאָז איינס צום צווייטן צו —
און בלייבן נאָכדעם ווידער פרעמד אַזוי ווי איך און דו...
דו זאָגסט, מיין האַרץ האָט אָפּגעקילט און וויל צו דיר ניט ריידן,
באַשערט אַזוי! — איין רגע פרייד פאַר לאַנגע יאָרן ליידן!

# דער כּישוף

אַט בין איך מיט דיר איצט צוזאַמען,
איך שמייכל צו דיר און איך רייד, —
דאָך גרייכן דיך ניט מיינע פלאַמען
פון הייסער, צעפלאַקערטער פרייד.

דיין האַרץ איז נאָך קאַלט ניט געוואָרן,
אַ האַרץ ווערט דאָך קיינמאָל ניט קאַלט...
דעם צויבער־שפּרוך האָב איך פאַרלאָרן,
און אַט אַ דער כּישוף צעפאַלט.

און דו — האָסט פאַרלאָרן די וועגן
צו יענעם פאַרבאָרגענעם לאַנד...
אַ, גילדענע שעהן און רגעס
פון ריידן און שווייגן באַנאַנד!

צעפאַלן דער כּישוף, צעפאַלן...
איך שטיי מיט דיר איצטער און רייד,
דאָך גרייכן דיך ניט מיינע שטראַלן
פון הייסער, צעפלאַקערטער פרייד.

## אין צער

געשטאַנען בין איך ביי דיין פענצטער שטיל,
געבויגן ווי אַ בוים מיט פּירות שווער באַלאַדן;
אַזוי ווי אויפן ים דער פייער־שפּיל,
האָט דער געדאַנק געפלאָנטערט ווילדע קאַראַהאָדן.

איך האָב געוואוסט — דיין טיר וועט זיין פאַרמאַכט,
דיין פענצטער־פאָרהאַנגל ניט אויפהייבן וועט קיינער, —
נאָר ס׳האָט מיין אומרו מיך צו דיר געבראַכט,
אַזוי ווי ס׳ברענגט דער הונט אַ פויגל אין די ציינער.

## באַנאַנד

געווען דאָרט זיינען מענטשן פיל,
און דאָך — ניט מער ווי מיר באַנאַנד
אַהינטער אונדזער פייערדיקער וואַנט;
און אונדזער פרייד באַשיידן,
געבליט האָט אין דער שטיל;
און צווישן אַלעמען — נאָר מיר באַנאַנד
געווען זיינען אין דעם וואונדערלאַנד
פון אויסגעבענקטער פרייד און העלע ליידן...

## עפּיגראַם

די פרייד וואָס זײַ וועט פרייען
וועט מיך פאַרטרייבן:
וואו די בהמות גייען
וואָס קאָן פאַרבלייבן?

## אָפּטמאָל טראַכט איך...

אָפּטמאָל טראַכט איך,
אַז דער וועג אויף וועלכן איך בין ניט געגאַנגען,
איז פאַר מיר געגרייט...
נאָר דער אומעט פון די שרעקלעכע געדאַנקען
איז מײַן פרייד.

היי, נאַראָנים!
ווײ צו אײַך, — איר קאָנט דאָך קיינמאָל ניט געניסן
פון דער טיפסטער פרייד!...
וואויל איז, אָבער, אײַך: בלויז איינמאָל וועט איר וויסן
וואָס איז טויט...

# טיפקייטן

טיפקייטן פון אַ נשמה
קאָן מען ניט דערגיין;
נאָר איך טראָג ניט קיין נקמה
און מיין האַרץ איז ריין.

כ׳קאָן דעם נישטיקסטן פאַרגינען,
כ׳האָב נישט קיינעם פיינט;
כ׳טראָג אפילו ניט קיין שנאה
אויף די גוטע פריינד...

קלוג צי נאַריש איז מיין לעבן
איז מיר ניט באַוואוסט...
אָבער אומעט און פאַרגעבונג
טראָג איך אין מיין ברוסט.

# סאָנעט

פון דיר אַליין נאָר טרוים איך און איך טראַכט,
און דו אַליין ביזט שטענדיק מיר אין זינען;
איך גיי אַרום אַזוי פאַרבענקט, פאַרשמאַכט,
און קאָן אָן דיר קיין אָפּרו ניט געפינען;
איך זע שוין מער ניט קיין זאַך אויף מיין וועג,
און אויסער דיר איז קיין זאַך מיר ניט טייער;
פאַרוואָס האָסטו דו געפאַנגען מיינע טעג,
און אויפגעפלאַמט אין מיר דעם גרויסן פייער?
איך וויים ניט, וואָס עס האָט פאַסירט מיט מיר,
אינגאַנצן אַנדערש בין איך גאָר געוואָרן,
איך וואונדער זיך נאָר ווי אַזוי אָן דיר
געלעבט האָב איך אַזויפיל לאַנגע יאָרן.

דאָך הינטער אַלע שלייערן פון פרייד,
ווי אָפט עס וויינט דאָס האַרץ פאַרבענקטערהייט.

# אין פאָרדיכט

צו זעטיקן דאָס גרינע גראָז איז ליב דעם טוי אַליין;
נאָר ווי און ווי איז יענעם טוי, וואָס פאַלט אויף האַרטן שטיין...
איז דיין געפיל פון יונגן האַרץ ניט אַלעמען פאַרטרוי,
אויף שטיינער האַרטע, טרוקענע, ניט פאַלן זאָל דיין טוי!
דען ווי אַ ברייטע וויסטעניש, וואָס איז מיט זאַלץ פאַרזייט,
פאַרבלייבט די ערד אַ דאָרשטיקע, ביז אייביק ניט דערפרייט;
דאָרט טראָגט זיך דורך נאָר ווען-ניט-ווען אַ טרוקן-הייסער ווינט...
מיט דיין געפיל פון יונגן האַרץ זיי אָפּגעהיט, מיין קינד!

# חלומות

די טעג ניט צעבליטע פאַרוויאַנען,
די נעכט אין אַ נעפּל צעשוואומען, —
חלומות, די זילבערנע שוואַנען,
זיי ווילן ניט מער צו מיר קומען...

אַ, שוואַנען, אויף וואַסערן-שפּיגלען,
וואו זייט איר, וואו זייט איר פאַרשוואונדן?
ווער האָט אייך די זילבערנע פליגלען,
די זילבערנע פליגלען געבונדן?!...

# אַנטוישונג

מיר דריקן ווערטער שווערע, ביטערע ווי גאַל:
כ'האָב צופיל צער אומזיסט אין זיך געטראָגן,
דאָך וועל איך דיר קיין בייזן וואָרט ניט זאָגן.
אַ שטראַל
וואָס שיינט אַריין אין די פאַרצווייגטע וועלדער,
לאָזט איבער דאָרט דעם חושך פינצטערער און קעלטער
ווען ער פאַרשווינדט דערנאָך, —
און דאָך...

* * *

ווי אַנדערש האָב איך געקאָנט פאַרברענגען
די אַלע מיינע טעג,
וואָס זיינען מיר אין בענקעניש נאָך דיר אַוועק?
מיר איז דאָך ליב געווען נאָך דיר צו בענקען!
און איבער אַלעליידן פילן יעדע שעה
די וואונדערלעכע פרייד פון דעם וואָס דו ביזט דאָ.

* * *

דיין טרויער האָב איך אין מיין האַרצן שטיל געטראָגן
און ס'האָט דיין צער באַצויגן מיינע טעג...
כ'האָב מער פון דיר געפילט די שווערקייט פון דיין וועג,
און ס'וויסן נאָר די כמורנע, גרויאיקע פאַרטאָגן
ווי היים געוואַקסט עס האָט אין מיר דיין פּיין, —
אַ, וויין ניט, האַרץ מיינס — ס'דאַרף דאָך אַזוי זיין!...

* * *

איין גרענעץ איז פאַר מיר געווען — דער טויט.
ווייל נאָר צו דיר געפירט מיך האָבן אַלע וועגן;
מיין בלינדע ליבשאַפט האָט געזונגען דיר אַנטקעגן
אין דאַנקבאַרקייט וואָס דו האָסט מיר דיין האַרץ פאַרטרויט...
געזאָגנגען ליכטיקע געזונגענע דורך טרערן,
אין נעפלען שיכורע פון ברוזיקן געפיל!
געזאָנגען ליכטיקע, איך וועל אייך מער ניט הערן,
נאָר אפשר לויערט איר אין מיר נאָך אין דער שטיל.

* * *

די וואונדערלעכע טעג, די טעג מיט דיר צוזאַמען!
אַ, סאַמעטענע פּלאַטערלעך אויף שיינענדיקע לאַנען,
און פאַרבן רויטלעכע פון רואיקן פאַרנאַכט!
אַ, קלאָרע וואַסערן מיט דרימלענדיקע שוואַנען,
פון אַ פאַרטראַכטער בוימער־וועלט באַוואַכט,
ניט אייך, ניט אייך באַזינג איך ווידער
אין מיינע אומעטיקע לידער,
נאָר דעם געפיל וואָס האָט אין מיר געוואַכט,
און אייער צויבער מיר אין האַרץ געבראַכט.

* * *

ווי מאָדנע ס'קומט מיר אויס...די ווערטער מיינע שטראָמען
אַזוי ווי איך וואָלט זיך נאָך אַלץ צו דיר געווענדט...
נאָר ניט פאַר דיר אַנטפּלעק איך איצטער מיין נשמה
און זינג אַרויס פון מיינע אָרעמע פיר ווענט.
אַ דיכטער זינגט אַרויס זיין פרייד און זיינע ליידן,
די תפילות זיינע וואָס ער פליסטערט אין דער שטיל
און צוליב וואָס? דאָס קאָן ער ניט באַשיידן,
ער ווערט פאַרפלייצט אין שטראָם פון זיין געפיל.

* * *

דו ביסט געווען אַלץ פאַר מיר.
פאַר דיר
האָב איך אַנטפלעקט מיין שווערן עלנט,
מיין פרייקייט פון אַ ווינט אין פעלד,
אָן זיכערקייט, אָן אָנהאַלט אויף דער וועלט...
איך האָב מיין הילפלאָזע פרייד געבראַכט צו דיינע שוועלן,
די פרייד וואָס ווערט פון פרעמדן וואָרט און בליק פאַרשוועכט, —
און דו? — נאָר וויי, ווי שווער עס איז צו זיין גערעכט!...

* * *

איך ווים די היימלעכקייט, די ווארעמקייט די שטילע
פון קוילן אונטער אש וואס גליען שטילערהייט,
נאר ליב איז מיר די פארב, דער יום-טוב פון געפילן,
דער שוואונג און אויפריים פון דער פייערדיקער פרייד.
און ניט געקאנט האב איך מיין פרייד אין זיך פארשטיקן
און אויסלעשן די ליבשאפט פון מיין בליק,
עס האט מיך ניט געארט וואס ס׳ברענען מיינע בריקן:
פאר מיר איז סיי-ווי ניט געווען קיין וועג צוריק...

* * *

און וואס האסט דו געוואלט? — האסט מיך דערווייל פארשטויסן,
און מיך, קאן זיין ניט ווילנדיק, דערווייטערט פון דיין וועלט,
און זע — עס פאלן בלעטער, הארבסט איז שוין אין דרויסן,
און טרויעריק איז אויפן פוסטן פעלד.
און הער — אין סאד די בוימער ציטערן און רוישן,
מיט זיינע קאלטע פינגער האט זיי דער הארבסט באַרירט,
דאך, אין די קעלערס ערגעץ שמייכלען אין די קוישן
די דופטנדיקע עפל וואס האבן זיי באַצירט...
אָ, הארבסט, מיין שווערער הארבסט, אָן שטראַליקע זכרונות
און אָן אָן איבערבלייב פון זומערדיקע טעג!
מיין טרויעריקער הארבסט און מיינע ביטערע רעיונות,
ווי שרייענדיקע ראבן איבער ויסטן וועג!...

# קומען מאָרגנס...

קומען מאָרגנס און מאָרגנס אנטקעגן
און איך ווייס: ס'וועט קיין נס ניט געשען.
וואָלט איך דיך אויף מיין וועג ניט באַגעגנט,
וואָלט דאָך אפשר מיר גרינגער געווען.

אָבער ניין! דאַנקען גאָט פאַר דעם צופאַל,
פאַר די רגעס פון שטראַליקן גליק!
מיר איז גוט שוין דיין נאָמען צו רופן,
צו דערמאָנען זיך בלויז אויף דיין בליק.

מיר איז ליב אין דעם אומעט פון אָוונט
מיט אַ ציטער צו טראַכטן פון דיר,
צו באַנעמען, אַז דו ביסט מיר נאָענט
און דערפילן דיין בענקשאַפט נאָך מיר.

זאָלן קומען די מאָרגנס אנטקעגן,
זאָל געשען וואָס מיט מיר דאַרף געשען...
מיר איז גוט, וואָס איך האָב דיך באַגעגנט
און דיין ליכטיקן פנים געזען.

## צו אַ קינד

איך האָב זיך צוגעהערט צו דיינע רייד,
נאָר ניט געהערט די ווערטער דיינע, —
כ'האָב נאָר געזען — די אויגן דיינע שיינען!
איך האָב זיך צוגעהערט צו דיינע רייד,
און, ווי אַ שטראַל, דיין לעבעדיקע פרייד
באַלויכטן האָט די טיפענישן מיינע...
איך האָב זיך צוגעהערט צו דיינע רייד,
און ניט געהערט די ווערטער דיינע.

## צום דיכטער

דיינע אויגן נעמען איין די וועלט;
ווי אַ ים אַ רוישיקער — דיין בלוט;
דיין געדאַנק —
אַ פויגל איבער טיפן ים.
ס'איז די וועלט פאַר דיר
אַ פריילעך-לעבעדיקע פוסטקייט.
און דיינע טעג —
אוי וויי, ווי עלנט זיינען דיינע טעג!

# צו די ווילדע

קוקט אויף מיר ניט ווילדע גראָזן מיט די אויגן-בלומען!
וואונדערט זיך אויף מיר ניט וואָס איך בין צו אייך געקומען...
ליבע פלאַנצן, ווילד-געוויקסן פון דעם גרינעם פעלד,
איך בין אויך, ווי איר — אַ גרעזל פון דער גרויסער וועלט;
איך בין אויך, ווי איר, אַ ווילדער — נאָר איך בלי ניט מער:
שטיינער, קאַלטע שטיינער האָבן צוגעדריקט מיך שווער!
צוגעשלאָסן ערד און הימל האָבן זיך פאַר מיר,—
דאָך בין איך אַ גראָז אַ ווילדער אויך אַזוי ווי איר!

קורץ איז אייער לעבן, פלאַנצן ווילדע, ניט געזייטע,
אָרעם זיינען אויך די קווייטן אייערע די רויטע,—
דאָך באַצירן זיי אין יוגנט אייער גרינעם קאָפּ,
ביז זיי פאַלן שטיל, פאַרדאַרטע, אויף דער ערד אַראָפּ...
נאָר די גרויסע פרייד פון בליען איז מיר ניט באַוואוסט!
רוען אויך איז ניט באַשערט מיר אויף דער מוטערס ברוסט;
בלויז דער צער פון לאַנגזאַם וועלקן איז פאַרבליבן מיר,—
דאָך בין איך אַ גראָז אַ ווילדער אויך אַזוי ווי איר!

וואַקסט איר, בליט איר און איר חלומט, אונטער זון און רעגן;
אין די וועלדער, אויף די פעלדער, ביי די פרייע וועגן;
איר באַצירט ניט קיינעם — נאָר איר וואַקסט פאַר זיך אַליין,
איינגעהילט אין אייער שטילן אומעטיקן חן...
וואַקסט איר, בליט איר ביז עס שפּייזט אייך נאָר די גוטע ערד,
נאָר פאַר זיך אַליין צו בליען איז מיר ניט באַשערט,
און די רו פון שטילן לעבן איז פאַרדעקט פון מיר —
דאָך בין איך אַ גראָז אַ ווילדער אויך אַזוי ווי איר!

## אַ דענקמאָל

איך האָב פון זיך אוועקגעגעבן
פיל פרייד און אומעט אויף דער וועלט,
און נאָך אין פרילינג פון מיין לעבן
פאַר זיך אַ דענקמאָל אויפגעשטעלט.

און ס'אַרט מיך ניט, צי ס'וועט פאַרבלייבן
מיין נאָמען בלויז אַ פוסטער קלאַנג,
צי ס'וועט די אייביקייט פאַרשרייבן
מיך אין דעם אוצר פון געזאַנג...

כ'האָב מיינס געטאָן — און אָפּגעגעבן
פון זיך דאָס בעסטע פאַר דער וועלט,
און נאָך אין פרילינג פון מיין לעבן
פאַר זיך אַ דענקמאָל אויפגעשטעלט.

## טעג אין ווייסן

טעג אין ווייסן, טעג אין גאָלד,
ווערט ניט שנעל צעשוואומען!
וואָס געגאַרט און וואָס געוואָלט
האָב איך ניט געפונען.

וואָס געוואָלט און וואָס געגאַרט
האָב איך שוין פאַרגעסן...
אוי, מיין מזל איז פאַרשפּאַרט
הינטער זיבן שלעסער.

וואָס געוואַרט און וואָס געוואָלט
האָב איך ניט באַקומען...
טעג אין ווייסן, טעג אין גאָלד,
ווערט ניט שנעל צעשוואומען.

# איך בין ניט שטאָלץ

**(סאָנעט)**

איך בין ניט שטאָלץ גענוג פאַר דיר זיך צו פאַרנויגן,
און מיט אַ שמייכל דיר באַדאַנקען פאַר דער צייט,
וואָס איז מיר ווי אַ טאָג פון פרילינג דורכגעפלויגן.
איך בין שוין אַלט גענוג — נאָר אַלץ נאָך ניט געשייט
אום קאָנען מיט אַ שטילן שמייכל איינצוהאַלטן
די הייסע שטראָמען פון מיין שטורמיקן געפיל;
איך קאָן נאָך אַלץ מיין גרויסע ליבשאַפט ניט באַהאַלטן,
און קאָן צו דיר ניט שמייכלען איינגעהאַלטן, שטיל...
און דאָך — וועל איך זיך ניט באַקלאָגן, כ'וועל ניט ריידן
און ניט דערציילן דיר דעם צער פון מיינע טעג:
דיר זיינען פרעמד און ניט פאַרשטענדלעך מיינע ליידן
און אומבאַוואוסט אינגאַנצן איז פאַר דיר מיין וועג.

נאָר ס'האָט דער מזל דיך געבראַכט צו מיר אַנטקעגן,
וועל איך אין פייער גיין און וועל קיין זאַך ניט פרעגן.

# זומערדיק

שפּילן וואַסערן אין שטראַלן,
שמייכלען בלימעלעך אין גראָז, —
ניין, ניט אַלץ איז נאָך פאַרפאַלן,
פול איז נאָך פאַר מיר דער כוס!

נאָך אין הארצן גליט אַ טרויער,
ס'ציט נאָך אַלץ מיך ווייט אַהין...
און דער הימל איז אַ בלויער,
און די גראָזן אַזוי גרין...

ניין, ניט אַלץ איז נאָך פאַרפאַלן,
פול איז נאָך פאַר מיר דער כוס!
פינקלען וואַסערן אין שטראַלן,
שמייכלען בלימעלעך אין גראָז...

## גערֿאַנגל

דיין נשמה ווי דיין גוף
זיינען ווילד און רייצנד;
שטייען טיפענישן אויף,
ווילן דיך פֿאַרפלייצן...

זינקסטו — אַט אין גרויסער פרייד,
אַט — אין טיפן אומעט:
אויסגעקניפּלט און צעדרייט
הייליקייט און טומאה...

שטייגן כוואַליעס הויך אַרום,
שטייסטו אין דער מיטן...
און דו טוליעסט צו זיך פרום
רויזן רויט־צעבליטע.

## מיט דיר...

איך בין מיט דיר, איך בין מיט דיר!...
דו האָסט מיך פון דיין וועלט פֿאַרטריבן
און מיך פֿאַרשטויסן פון דיין טיר, —
דאָך איז דיין בליק אויף מיר פֿאַרבליבן,
דיין שמייכל שוועבט נאָך אַרום מיר, —
איך בין מיט דיר, איך בין מיט דיר!...

איך בין מיט דיר, איך בין מיט דיר!...
זיי זאָגן — כ'האָב מיין פרייד פֿאַרלוירן,
אַז איך פֿאַרוועלק פון דיין באַריר, —
זיי ווייסן ניט אַז צוליב דיר
איז אויך מיין אומעט פרייד געוואָרן.
איך בין מיט דיר, איך בין מיט דיר!...

## ה ו י ך ...

הויך און גאוההדיק זיינען מיינע רייד,
נאָר מיין תפילה שטראָמט א ריינע שטילערהייט.

ווי א ים-פויגל אין שטורעמווינט,
שוועב איך איבער תהומען — און פארשווינד.

## איך בין שווער פאר דער וועלט

איך בין שווער פאר דער וועלט, און איך האָב ווייניק פריינט —
איך זאָל ווייסן אז איך בין זיי טייער...
נאָר איך קלער ניט פון מאָרגן, און שמייכל צום היינט,
און איך לעב ווי א פויגל א פרייער!

האָבן מענטשן ניט ליב אז מען לעבט אָן א צאַם,
אַלץ געמאָסטן דאַרף זיין און געוואויגן!
נאָר איך קען דאָך ניט מעסטן פון הארצן דעם פלאַם,
אָדער צאַמען דעם שיין פון די אויגן!

ניין, איך מעסט ניט געפילן אין זיך וואָס איך טראָג
מיט מיין פּראָסטן און אָרעמען שכל!
גיב איך אָפּטמאָל א וואָרט, וואָס עס פּאַסט ניט, א זאָג
און איך טו, ווען מען דאַרף ניט, א שמייכל...

און איך ווייס, איך פארליר, און קען זיין, אז איך לייד...
נאָר איך לעב ווי א פויגל א פרייער;
בין איך שווער פאר דער וועלט, און איך האָב ווייניק פריינט,
איך זאָל ווייסן, אז איך בין זיי טייער.

# שפּריצלעך ליכט

צום מאָרגנשטערן זינגען דאָך אויך פֿויגלען אין די שטייגן!
אַ שמייכל שיינט־אַרויס אויך אויף אַ העסלעכן געזיכט...
און שעמעוודיק צעשפּילן זיך אין וואַלד די שפּריצלעך ליכט
פֿון שטראַל, וואָס דרינגט אַריין דורך דער געדיכטעניש פֿון צווייגן.

און דו... ווען אין דיין וואַלד פֿון אומעט איז דאָס ליכט פֿאַרפֿלויגן,
און ס'קייקלען זיך די שעהן דיינע פּוסט און אָן אַ ציל —
גייסטו אַרום פֿאַרבענקטערהייט, און האָפּסט נאָך אין דער שטיל...
אַ קינד וואָס זוכט די אָפּגעמעקטע פֿאַרב פֿון רעגנבויגן.

# דיין בליק

ווי זיבן זילבערנע זיגזאַגן
פֿון ווייטע בליצן אין דער נאַכט,
האָט מיך דיין בליק פֿאַרבלענדט!

דער אומעט פֿון די אַלטע זאָגן
האָט פֿון דאָס ניי אין מיר דערוואַכט,
ווען איך האָב דיך דערקענט.

## מיינע זיילן

מיינע זיילן וועלן ניט פאַלן,
מיינע זיילן זיינען שטאַרק;
וועלן זיי אין אויפגאַנג שטראַלן,
ווי אַ בנין אויף אַ באַרג.

אין דער ווייטעניש פאַרשווינדן
וועלן דורות ווי אַ רויך,
מיינע זיילן וועלן זיך צינדן,
וועלן גליען אין דער הויך.

מיינע זיילן וועלן ניט פאַלן —
גאָט האָט זיי מיט מיר געבויט;
וועלן זיי שיינען, וועלן זיי שטראַלן
אין דעם חושך פון מיין טויט.

## דיינע לידער

דיינע לידער שיינע, אויסגעזונגענע,
דיינע לידער פול מיט וויי —
ווי געוויין פון קלאַגמוטערס געדונגענע,
פּוסטע, פאַלשע זיינען זיי.

נאָר איך זע דאָס גרויסע, ניט דערטראַגענע
און דאָס שווייגן טיף אין דיר,
און איך זע אַ העלע יוגנט אַ דערשלאַגענע
וויינט אַ שטילע ביי דיין טיר.

# פ ע ר ל

האָסט געהאָפט — אין רייכקייט וועלן
דורכגיין דיינע טעג;
איצט וואָלטסו כאָטש מויערקעפּלעך
אויפקלייבןביים ברעג.

דיינע פּערל, דיינע טרערן,
האָסטו לאַנג פאַרשוועגדט —
איידער דו האָסט נאָך דעם לעבן
און די וועלט דערקענט...

# איך שעם זיך

אוי, איך שעם זיך שוין אַליין פאַר מיינע ווייען,
נאָר איך קאָן ניט ליידן שטום;
שוואַרצע חופות, שופרות און געשרייען
רינגלען מיינע טעג אַרום.

און ווי פידלען דאַרפן זינגען מיינע ליידן,
ווי אַ דימענט ניט צערינען דאַרף מיין טרער,
און אין פורפלוואָל מיט גאָלד דאַרף איך באַקליידן
מיין אַלטעגלעכן, מיין הייליקסטן באַגער.

און איך שעם זיך שוין אַליין פאַר מיינע ווייען!
נאָר איך קאָן ניט ליידן שטום...
שוואַרצע חופות, שופרות און געשרייען
רינגלען מיינע טעג אַרום.

## דערנער...

האָסט דערנער נאָר געשפּרייט פאַר מיינע טריט,
און איצטער ווילסטו איך זאָל דיר פאַרגעבן...
ווי ווייניק האָט באַדייט פאַר דיר מיין לעבן!
האָסט דערנער נאָר געשפּרייט פאַר מיינע טריט.
און איצטער ווען זיי האָבן זיך צעבליט,
ווי קאָן איך דיר פון מיינע רויזן געבן?
האָסט דערנער נאָר געשפּרייט פאַר מיינע טריט,
און איצטער ווילסטו איך זאָל דיר פאַרגעבן.

## וואַנזין

לאַכן וועל איך, ברויזן, ברענען, לאַכן בייז און בלינד,
אַז מיין יאוש ניט דערקענען זאָלן זאַטע הינט;
מיט געלעכטער וועל איך שפּייען — פלוכן מיט מיין שפּאַס,
אַז מיין וואַנזין זאָל ניט שרייען אויפן מיטן גאַס.

בין איך אויף דער וועלט געקומען — דאַרף איך האָבן פרייד,
וויל איך ווערן אויפגענומען ניט געקאַרגטערהייט,
טויזנט זונען זאָלן שטראַלן אויף מיין יעדער טראָט,
עפענען זיך זאָלן קוואַלן, ווייזן זאָל זיך גאָט!...

האָט מען מיך אַהער פאַרשליידערט אָן אַ זין און צוועק,
פון דער אייביקייט דערוווייטערט, אויסגעציילט מיר טעג,
וואָלט אַ צייכן זיך באַוויזן און דעם סוד דערקלערט,
צוליב וואָס מיר, בלינדע ריזן, זעטיקן די ערד.

ווערן קינדערלעך געבאָרן, ווי קרבנות-שאָף...
אומצוקומען אין דעם צאָרן, אייביק אָן אַ סוף!
מיט געלעכטער וועל איך שפּייען, פלוכן מיט מיין שפּאַס,
אַז מיין וואַנזין זאָל ניט שרייען אויפן מיטן גאַס.

# פ אַ ר נ אַ כ ט י ק

פאַרגייען מײַנע טעג אָן פרייד און אָן חלומות,
אַ רעגנבויגן פאַרביק נעמט אַרום די וועלט...
און שטילע, מאָדנע פייגל פלאַטערן אין רוימען,
און אומעטיקע קווייטן בליען אויפן פעלד.

און ווייט בין איך! אַנטקעגן — בערג פאַרטראַכטע,
און שטילע ווייטקייטן אין אָוונטיקער רו,
און אַלץ אַרום איז אַזוי דורכזיכטיק, פאַרנאַכטיק —
בלויז אין דער שטיל אַ וואַסער זינגט נאָר ערגעץ־וואו.
און אָט אַזוי, פאַרקלערט, דערווייטערט און דערהויבן
גיי איך אַרום אַליין אַ שומר פון מײַן וועלט...
און קוק ווי שטילע פייגל פלאַטערן פון אויבן,
ווי אומעטיקע קווייטן בליען אויפן פעלד.

# וואָס איז דער כישוף?

וואָס איז דער כישוף פון די פרילינגדיקע טויבן,
דער סוד פון אויפריכטיקער, קינדערישער פרייד,
ווען הימלען לויטערע צעעפענען זיך אויבן,
און אין די לאַנען שמייכלען בלימלעך שטילערהייט?

פאַרוואָס, ווען איך דערזע עס ווערט דער הימל בלויער
און מיט אַ פייכטן אָטעם כאַפּט זיך אויף די ערד,
צעשווימט זיך מיט די לייכטע וואָלקנדלעך מײַן טרויער,
און די געוויינען ווערן אין מײַן האַרץ פאַרצערט?

און איך פאַרגעס זיך גאָר... און ווי אַ יונגער טרוימער
צעשמייכל איך זיך צו דעם הימל־בלוי אַרויף...
אַז אומעטום אין גרינקייט קרויזלען זיך די בוימער
און נײַע בלימלעך וואַקסן יעדע רגע אויף.

וואָס איז דער כישוף פון די פרילינגדיקע טויבן,
דער סוד פון אויפריכטיקער קינדערישער פרייד,
ווען הימלען אָפענע צעשפּרייטן זיך פון אויבן,
און אין די לאַנען בלימלעך שמייכלען שטילערהייט...

# מען זאָגט

מען זאָגט: — די שיינע, יונגע טעג,
וואָס זיינען ערגעץ ווייט אוועק...
פון ערשטער ביז דער לעצטער טיר,
איז אַלץ דער זעלבער טאָג פאַר מיר.

דער זעלבער טאָג... זינט מיין פאַרשטאַנד
דערגרייכט האָט ביז צום לעצטן ראַנד,
זינט ס'האָט צום ערשטן מאָל מיין בליק
דערזען דעם וועג, וואָס פירט צוריק.

אַ פלאַטערל פליט דורך אין פעלד,
ווי וואונדערלעך איז אויף דער וועלט!
אין שטילער זעליקייט און שיין —
ווי גוט איז אויף דער וועלט צו זיין!

און אָט דער הארבסט, די גרויע טעג,
די פויגל פליען שוין אוועק...
אַזויפיל צער, אַזויפיל וויי
אין זייער הילפלאָזן געשריי!

און קיינמאָל וועל איך מיד ניט זיין
פון גרויסער פרייד, פון טיפן פיין;
דער צער אויך מיר איז אַ געשאַנק:
פון וויטער פרייד דער ווידערקלאַנג.

און איצטער אויך נאָך ווי אַ קינד
אין פעלד זיך יאָג איך נאָך דעם ווינט
און ווי אַ קינד נאָך איצטער אויך
צעשמייכל איך זיך צו דער הויך.

פון ערשטער ביז דער לעצטער טיר
איז אַלץ דער זעלבער טאָג פאַר מיר;
די זון גייט אויף, די זון פאַרגייט —
דאָס זיינען יונגע טעג פון פרייד.

## מיין אומרו

עס וואַכט אין מיר מיין גרויסער אומרו, וואַכט און וואַכט!
עס ברענט אין מיר אַ העליש פייער טאָג ווי נאַכט,
און ס'צאַפּלט זיך מיין האַרץ אין זיינע ברייטע צונגען.
אָט האָבן מחנות פייגל זיך אין מיר צעזונגען,
אָט האָבן ווידער שדים זיך אין מיר צעלאַכט...
עס וואַכט אין מיר מיין גרויסער אומרו, וואַכט און וואַכט!

און ענג פאַר די געדאַנקען איז מיין מידער קאָפּ!
זיי הייבן מיך אַרויף, — און שליידערן אַראָפּ
אַהינטער יענעם לאַנד, וואו שווארצע שטיינער פאַלן;
אָט קומט דער ווינט און זיפּט אין ים די זונען־שטראַלן,
און אָט, — אַן אומבאַוואוסטער כח שטעלט אים אָפּ...
און ענג פאַר די געדאַנקען איז מיין מידער קאָפּ!

רויט־פייערדיקע צייכנס ווינקען מיר פאַרשייט,
און שטילע קברים־בערגלעך שטומען ביי דער זייט;
נאַר דאַרשטיק־אָפן זיינען שטענדיק מיינע אויגן!
אָט ווערט אַ שווערער נעפּל איבער זיי פאַרצויגן,
און אָט — באַמערקן זיי אַ שיין פאַר מיילן ווייט...
רויט־פייערדיקע צייכנס ווינקען מיר פאַרשייט!

## פּאָלעמיש

ווי קאָנען זיך פּיגמייען אָנזען קעגן ריזן!
איך האָב פאַר אייך מיין קראַפט ביז איצט נאָך ניט באַוויזן!
איר זייט פאַר מיר ווי ווערעם און ווי שטויב פון גאַס,
צו נישטיק און צו קליינלעך זייט איר פאַר מיין האַס.

אויך איצטער בין איך בייז אויף אייך נאָך ניט געוואָרן:
איר, טמאים, ניט פאַרדינט האָט נאָך דערווייל מיין צאָרן,
און אייער גיפט האָט איר אומזיסט אויף מיר פאַרשוועגדט, —
ווייל מיינע ליפּן שמייכלען ווען מיין ווייטיק ברענט.

## ווי אַ געשטאַלט

ווי אַ געשטאַלט אין שפּיגל שפּעט ביינאַכט,
האָט דורכגעשוועבט מיין וועלט:
האַלב ווילד און האַלב פאַרטראַכט...
און שאָטנס ציען זיך, דער הימל נאַכטיק-בלוי
און אומעטיק אַזוי.

מיין אָטעם, איינגעהאַלטן, שטום געוויין...
און פלייטן זינגען אין מיין אויער: ניין, און ניין!
און דאָך — אַ שאַרפע פרייד בליצט-דורך די טעג,
וואָס ברענגען מיך אַלץ נענטער צום ברעג.

## אין אַלטן שטייגער

מיין האַרץ, מיין האַרץ! דו האָסט מיך שווער געפאַנגען!
ניט שטענדיק שיינט די זומערדיקע זון...
און דו? דו ווילסט ניט וויסן גאָר דערפון,
און לעבסט מיט דעם וואָס איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען.

מיין האַרץ, מיין האַרץ, דו ווילסט קיין זאַך ניט וויסן!
פאַרנעמען ווילסט דו ניט דעם אָוונט-קלאַנג...
נאָך אַלץ אין הויכן פלאַטערט דער געדאַנק —
מיין האַרץ, מיין האַרץ, דו ווערסט אין מיר צעריסן.

# אין גאַנג פון טעג

נאָקעט בין איך אויף דער וועלט געקומען,
און אַ הילפלאָזער אין שטילקייט גיי איך אָפּ;
קיינעם ניט באַזיגט און קיין זאַך ניט פאַרנומען —
און ניט פאַרקויפט די בכורה פאַר אַ לינזן־טאָפּ.

און די אַלע פינקלדיקע קרוינען
ניט באַצוואונגען האָבן מיך מיט זייער פּראַכט...
ניט פאַראַנען איז קיין שום באַלוינונג
אין צוריק־גאַנג — ביי די שוועלן פון דער נאַכט?

כ׳האָב אַליין מיין אייגן לעבן ניט געפורעמט,
ניט געווען ביי זיך אַליין דער שומר אויף דער וואַך,
נאָר מיט אימפּעט זיך דורך מערק געטראָגן ווי אַ שטורעם
און געאיינזאַמט ווי אַ פויגל אויפן דאַך.
אויך די קלוגשאַפט, וואָס איך האָב דערווייל אין גאַנג
געפונען,
לאָז איך הפקר פאַר די ווינטן אויפן פעלד...
נאָקעט בין איך אויף דער וועלט געקומען,
און אַ הילפלאָזער פאַרגיי איך פון דער וועלט!

# יאָרן

איך האָב אַן אָונט לאַנג געטראַכט
פון מיינע דורכגעלעבטע שווערע יאָרן,
און ווידער האָב איך איינציקווייז פאַרלאָרן
די טעג פון וועלכע כ׳האָב געטראַכט...
אָ, ווייטע טעג אין דרימל פון פאַרנאַכט,
ווי ליב און נאָענט איר זייט מיר געוואָרן!
ווען כ׳האָב אַן אָונט לאַנג געטראַכט
פון מיינע דורכגעלעבטע שווערע יאָרן.

# ווען אין מיר

ווען אין מיר די טריבע קוואַלן
וועלן אויסגעלייטערט ווערן,
און פון אויג וועלן ניט פאַלן
מער קיין גאווהדיקע טרערן —
וועל איך גאָט מיט ווערטער שטילע
פאַר דעם גרויסן חסד בענטשן!
און וועל אויסלערנען מיין תפילה
אַלע אומעטיקע מענטשן.

# פון אַ בריוו

קאָן זיין איך וועל נאָך דיר ניט אויפהערן צו בענקען,
נאָר כ׳וויל דיך מער ניט זען, און וויל דיין שקלאַף ניט זיין,
און וויל ניט, אַז דו זאָלסט דיין מיטגעפיל מיר שענקען,
ווען דו וועסט זען ווי איך, אַן עלנטער, גיי איין.

עס האָט דאָס לעבן מיך אין דרייען שוין געבויגן,
און פון מיין שטאָלצקייט פאַרבליבן איז ניט פיל...
דאָך וועלן דיינע מאָדנע, וואונדערלעכע אויגן
שוין מער ניט אויפוועקן מיין האַרץ און מיין געפיל.

דו האָסט מיך ניט באַטריבט, — נאָר אין מיין גרויסן אומעט
זיך צוגעטוליעט האָט מיין עלנט האַרץ צו דיר,
נאָר איך האָב ניט באַגריפן, איך האָב ניט באַנומען
אויף וויפל אָפּגעשיידט און פרעמד דו ביסט פון מיר.

איך האָב פאַרלוירן פיל, און נאָך מער אויפגעגעבן, —
און פול איז שוין סיי־ווי דער בעכער פון מיין פיין...
און כ׳ווייס ווי פוסט אָן דיר וועט זיין פאַר מיר דאָס לעבן,
נאָר כ׳וויל דיך מער ניט זען, און אויך דיין שקלאַף ניט זיין.

# אין אומעטיקער שעה

ווען דאָס האַרץ ווערט פול מיט אומעט,
און דער צער וואַכט־אויף אין מיר,
אַ פאַרלאָרענער, אַ שטילער,
גיי איך אום פון טיר צו טיר...

לאַכט מען, גיב איך אויך אַ שמייכל,
אָדער כ׳הער אוים קלוגע רייד, —
נאָר איך קען אַלץ ניט געפינען,
כ׳קען ניט אויפזוכן מיין פרייד!

דוכט זיך מיר, ס׳איז פוסט דאָס לעבן,
אַז קיין אמת איז ניטאָ...
וואַנדער איך מיר אַ צעקלעמטער
אין מיין אומעטיקער שעה.

# מ י ד

מיד בין איך און איינגעשרומפן,
אומעטום נאָר זומפן, זומפן...
מיט אַ טרויערשאַפט באַצויגן
זיינען מיינע אויגן.

פרעמדע מערק און פרעמדע הויפן,
אַלץ צום קויפן, צום פאַרקויפן...
מיד בין איך און איינגעשרומפן —
זומפן, זומפן!

טריפן טעג און יאָרן שווימען,
לאַכט דער נאָר אויף טויזנט שטימען...
מיט אַ טרויערשאַפט באַצויגן
זיינען מיינע אויגן.

## ווי בלעטער

ווי בלעטער אויפן ווינט,
אַן סדר זיינען דיינע טעג צעפלויגן;
און דו, פאַרוואונדערט ווי אַ קינד,
קוקסט-נאָך מיט בענקענדיקע אויגן
די בלעטער אויפן ווינט.

די שעה גייט-אויס:
געוועזן,
פאַרשוואונדן און פאַרגעסן.
און דאָך נעמסטו מיט זיך אין וועג
אַ גאַנצע וועלט אַוועק —
אַ גאַנצע וועלט!

## אַ פראַגע

מיינע לידער! זייט איר ווערט די שעהן לעבן
וואָס איך האָב אויף אייך אַוועקגעגעבן?
זייט איר אַזוי הייליק, אַזוי טייער
ווי מיין האַרץ, וואָס האָט געברענט ווי פייער,
ווען איך האָב אין תהום פון ווייטיק זיך געפונען
און פון ווערטער-כאַאָס אויסגעשפונען?...

## פערזן

איך האָב פיל מיטן שכל דערגאַנגען,
נאָר מיין האַרץ נאָך פאַרבליבן איז ריין;
לאָך איך אויס מיינע טויזנט געזאַנגען,
און איך זיץ אין אַ ווינקל און וויין.

און איך פיל וואָס וועט זיין, וואָס וועט ווערן,
און איך וויים וואָס דער חלום איז ווערט...
נאָר עס אַרט, עס פאַרדריסט מיך ביז טרערן,
וואָס די גרינקייט פאַרשווינדט פון דער ערד.

נאָר די בייזקייט, דעם אומזין פון לעבן,
און די שלעכטס פון אַ וועלט, וואָס איז בלינד
קאָן איך אָפּטמאָל אינגאַנצן פאַרגעבן,
ווען איך זע ווי עס שמייכלט אַ קינד.

## ווי דער שוועבנדיקער חן

ווי דער שוועבנדיקער חן
אין דעם שמייכל פון אַ קינד, —
איז מיין לעבן.

ווי דער אומעטיקער סוד
פון דעם אָוונטיקן ווינט, —
איז מיין לעבן.

ווי דער שיינענדיקער שטויב
פון דעם ברענענדיקן פלאַם, —
איז מיין לעבן.

ווי דער בעטנדיקער רוף
פון די שיפן אויפן ים, —
איז מיין לעבן.

# צווייפל

איך פיל,
אַז עפּעס ענדערט זיך אין מיר
און אין דער שטיל
אַן אַנדער א י ך  שטייט אויף אין מיר.

פאַרגליווערט שטייען מויערן פון שרעק;
אין זיי — דער רויטער שטויב פון מיינע טעג,
אַהינטער זיי — אַן אומבאַשטימטער סוף,
וואָס ציט מיר ווי אַ מידן קינד צום שלאָף.

עס ברענט די וועלט!
און איך פאַרגיי
אין קעלט
און נעפּלדיקן ווײ.

און אפשר זאָל איך גלויבן?
און אפשר דאַרף דאָס אַזוי זיין?
די לעצטע שעה פון שיין
מאַכט רייף די טרויבן,
און גאָלדיקער דעם וויין?...

און אפשר זאָל איך גלויבן:
מיין פּיין וועט מיר דערהויבן,
און מיט דעם קלאָרן בליק
וועל איך דערזען די וואונדער פון דעם שעפערס האַנט,
און זען ווי ער טיילט אָפּ דעם צער פון גליק,
און שמייכלט שטיל
באַשטימענדיק דעם מענטשנס ציל?...

נאָר קאָן איך גלויבן, אַז איך וועל פאַרשטיין
די אומפאַרמיידלעכקייט פון מיינע טעג? —
פון איינזאַמקייט אַלץ האַרטער ווערט דער שטיין
ביים וועג.

איך ווייס ניט...נאָר איך פיל,
אַז עפּעס ענדערט זיך אין מיר
און אין דער שטיל
אַ נייער א י ך  שטייט אויף אין מיר.

# אויבערמענטשן

וועד זיינען זיי, די שטאָלצע ריזן,
מיט הערצער אויסגעשמידט פון שטאָל,
מיט אויגן שאַרפע, קאַלטע שפּיזן,
וואָס גיבן ניט אַ וויין קיינמאָל ?

איך גלויב ניט אַז ס׳איז דאָ אַ גבור,
און אַז ס׳געפינט זיך אַזאַ העלד,
וואָס שפּרייזט דעם ים פון בלוט אַריבער
און שמייכלט אויף דעם טויטן-פעלד !

— — — — — — — — —

דער עכאָ אונטער די געוועלבן
כאַפּט אויף מיט חוזק אונדזער קול,
און ברענגט אים אונדז צוריק דעם זעלבן
פאַרגרעסערט נאָר אַ פולע מאָל.

# אפשר

אפשר וועט דער ווינט דער בייזער
ברענגען פרייד?
זאָל שוין קומען מיין דערלייזער,
איך בין גרייט!

אפשר וועלן אויפשטיין וועלטן
וואונדער-שיין,
ווען די ווערעם וועלן שעלטן
מיין געביין?

אפשר וועלן זונען גליען
ליכטיק, רויט,
און עס וועט דאָס לעבן בליען
נאָך מיין טויט?

זאָל זיך שפינען, זאָל זיך וועבן
לעבן-שיין...
מיר איז טייערער פון לעבן
דאָס ניט-זיין.

## בענקעניש

איך וויל דיך אינגאַנצן פאַרגעסן,
ניט טרוימען, ניט טראַכטן פון דיר;
אין שטורמישן ים ניט געוועזן,
ביסט דו דאָך דער אָנהאַלט פאַר מיר.

דו ביסט ניט געוועזן דער אינדזל
נאָך וועלכן כ׳האָב טויטלעך געגאַרט;
עס האָבן מיר בוימער און גרינסן
פון מיינע חלומות געגאַרט.

צו וואָס זאָל איך שטענדיק געדענקען
חלומות וואָס פליען אַוועק?
דאָך הער איך ניט אויף אַלץ צו בענקען
און טראַכטן פון דיר גאַנצע טעג.

## עס בענקט אין דיר...

עס בענקט אין דיר אַ וועלט פון פרייד און פאַרגעניגן,
און יוגענטלעכקייט שיינט אין דיינע גרויע האָר;
דו ראַנגלסט זיך און ווילסט נאָך זיך אַליין באַזיגן —
צו וואָס? עס איז דאָך גוט צו טרוימען אויפן וואָר!

עס איז דאָך אַזוי גוט דעם אומרו צו באַוועבן
מיט קווייטן גילדענע פון פלאַמיקן געפיל,
עס איז דאָך אַזוי גוט צו לאַכן פונעם לעבן,
און ס׳איז דאָך אַזוי גוט צו זיפצן אין דער שטיל!...

אַ, קינד! דו וועסט זיך קיינמאָל, קיינמאָל, ניט באַזיגן,
און שטענדיק וועסטו טראָגן חלום דורכן וואָר...
עס בענקט אין דיר אַ וועלט פון פרייד און פאַרגעניגן
און יוגנטלעכקייט שיינט אין דיינע גרויע האָר.

# אַזוי איז דאָס

ווי אויף אַ בוים, שוין האַלב-צעשויבערט, אַרום וועלכן
זיינע בלעטער ליגן,
אַזוי האָסטו דו געקוקט אויף מיר, געשמייכלט ווי
פאַרלאָרן און געשוויגן;
מען זאָגט דער אמת שיינט, נאָר איך האָב ניט געקאָנט
זיין בלענדיקייט פאַרטראָגן...
נאָר וואָס האָב איך געקאָנט דיר זאָגן, האָב איך
דיר געהאַט דען וואָס צו זאָגן?
ניט דו ביסט שולדיק און ניט איך, וואָס איז אַזוי
אונדז ביידן צוגעפאַלן, —
נאָר ווייַ איז דעם, וואָס שמייכלט אין דער ליידיקייט
פון שיינענדיקע זאַלן,
און ווייַ איז מיר, וואָס איך וועל קיינמאָל דאָך ניט קושן
דיינע גרינע אויגן,
און נאָך מער ווייַ איז מיר, וואָס פאַר מיין אומגליק וועל איך
זיך אַליין פאַרנויגן,
און שלום מאַכן מיט די קומענדיקע פוסטע טעג
און גרויע יאָרן,
און רואיק אַפּזיפצן אַמאָל אויף דאָס, וואָס כ'האָב פאַרלאָרן...

# עס קאָן ניט זיין

עס קאָן ניט זיין, אַז איך, אַ וואַנדערער אַ פרייער,
זאָל צוליב דיר זיך אָפּווענדן פון וועג,
און זיך דערווייטערן פון דעם וואָס מיר איז טייער,
פאַרגעסן זיך און בלינד נאָך דיר אַוועק.

איך, וואָס האָב אַזוי ליב די לויכטנדיקע ווייטן,
די פרייע וועגן און די בוימער אויפן פעלד, —
עס קאָן ניט זיין איך זאָל דאָס וועלן אַלץ פאַרבייטן
און פאַר דיין שמייכל אויפגעבן אַ וועלט!

און אויב איך האָב געמיינט, אַז כ'האָב אין דיר געפונען
דעם פייער וואָס האָט שטענדיק אָפּגעשיינט אין מיר,
און אויב מיין הארץ האָט דיך מיט שמחה אויפגענומען
און מיינע טעג געוואָרן זיינען פול מיט דיר,

האָב איך ניט צוליב דיר מיין ברייטן וועג פאַרלאָרן,
ניט דו האָסט די פאַרוויסטונג אין מיין הארץ געבראַכט, —
בלויז נאָך אַ חלום מיינעם האָב איך אָנגעוואָרן,
און נאָך אַ דמיון איז פאַרשוואונדן אין דער נאַכט.

# איך האָב ליב

איך האָב ליב די חוזק-קלאַנגען
פון דעם עכאָ אין די בערג;
און מיך מונטערן, מיך פרייען
די פולשטימיקע געשרייען
פון די הענדלער אויף די מערק.

איך האָב ליב דעם ווילדן מדבר,
וואו דער דאָרן איז אַ קווייט,
און האָב ליב די גרינע וועלדער
און די בליענדיקע פעלדער,
פול מיט בענטשונג, פול מיט פרייד.

אַלץ איז שיינקייט, אַלץ איז וואונדער!
פרייד און לעבן אומעטום...
ווי אין לויכטנדיקן חלום
דורך מדבריות בערג און טאָלן
גיי איך זינגענדיק אַרום.

# אַ שטימונג

אוי, איך קאָן דיר מיינע ווערטער מער ניט זאָגן,
ווייל איך ווייס ניט צי דו גלויבסט אין מיינע רייד.
וועל איך שטיינער אין דער מדבר פאַר דיר שלאָגן,
דיר צו ברענגען קוואַלן שיינענדיקע פרייד.

זאָלן אויפברויזן די קוואַלן און פאַרשווענקען
דיינע ליידן און דיין יאושדיקן פיין...
און מיר אַרט שוין ניט אַ לעבן־לאַנג צו בענקען,
און אַ לעבן־לאַנג דערווייטערט פון דיר זיין.

איך וועל טאָן וואָס דו וועסט הייסן און באַגערן,
שקלאַפיש צוהערן וועל איך זיך צו דיין קול, —
נאָר איך וויל בלויז אַז דיין האַרץ זאָל מיך דערהערן
אין דער ווילע וואָס מיר זיינען דאָ אין טאָל.

# דער ליגן

איך זינג איצט אַן אָדע צום געטלעכן נאַר,
וואָס קומט און פאַרגרינגערט דעם מענטשלעכן צער.

דעם ליגן, דעם ליגן וואָס הערשט אויף דער וועלט
און האָט נאָך פון אָנהייב דאָס לעבן באַהעלט...

דעם ליגן וואָס שמייכלט און טרייסט שטילערהייט,
און ברענגט אין פאַראומערטע הערצער אַ פרייד.

דעם ליגן, דעם ליגן, דעם געטלעכן נאַר
וואָס מונטערט און מוטיקט דעם שקלאַף און דעם האַר!

# ניין און ניין

ניין און ניין! איך גיב זיך נאָך דערווייל ניט אונטער,
צו דער ערד מיין קאָפּ וועל איך נאָך אַלץ ניט בויגן!
ווען ס'קומט דער שטורעם, בלייב איך וואַך און מונטער,
ניט פאַרשליסן וועל איך מיינע מידע אויגן.

זאָלן מיינע אויגן ברייטער זיין צעעפנט,
שטיין זאָל די געפאַר געבלויזט פאַר מיינע בליקן:
אויב מיר איז באַשערט פון שטורעם אומצוקומען —
וועל איך אויך אין זיך מיין לעצטן זיפץ דערשטיקן.

איך בין דרייסט גענוג, און בין גענוג דערמוטיקט
אויף מיין אונטערגאַנג אַליין מיט שטאָלץ צו קוקן...
מעג אין מיר מיין האַרץ פון עלנט זיין פאַרבלוטיקט —
נאָר צו פרעמדע געצן וועל איך זיך ניט בוקן!

ניין און ניין! איך גיב זיך נאָך דערווייל ניט אונטער,
און מיין צער וועל איך אַליין אויף זיך פאַרטראָגן.
קוקן קעגן שטורעם וועל איך וואַך און מונטער,
ביז עס וועט פאַר מיר מיין לעצטע רגע שלאָגן.

# אין די פֿאַרנאַכטן

פֿיל פֿאַרגעסן האָסטו דו פֿון דיין צער און דיין פֿרייד
דורך די יאָרן וואָס זיינען צעשוואָומען,
נאָר פֿאַרנאַכט, ווען עס איז, וואַכט נאָך אויף שטילערהייט
דיין פֿאַרגעסענער לויטערער אומעט.

טוט אַ ציטער דיין האַרץ מיט דעם ציטער פֿון בוים,
דו דערפֿילסט פֿון די גראָזן דעם טרויער,
און דו קוקסט מיט אַ צער אויף דעם רויטלעכן זוים
פֿון פֿאַרנאַכטיקן הימל דעם בלויען.

און דו קוקסט אויף דעם פֿויגל, וואָס איילט זיך אויף גיך
אין זיין נעסט מיטן אָוונט צו קומען,
אויף דעם טייך, וואָס נעמט אויף אַלע פֿאַרבן אין זיך
און פֿאַרשליסט זיי אין גלאַנציקן אומעט...

און עס רירט דיך ביז טרערן די ערדישע פּראַכט,
און דו וויינסט אויף דיין חומר דעם שלאָפֿן...
און דו פֿילסט, אַז אויך דו וואַקסט אַריין אין דער נאַכט
האַנט-אין-האַנט מיט דער גאַנצער באַשאַפֿונג.

# אַליין

ווען מיך קיינער ניט פֿאַרשטיין —
ברענט מיין פֿייער הייסער נאָך,
ברענט מיין פֿייער העלער דאָך
ווען איך בין אַליין.

בין איך עלנט אין מיין פּיין —
איז די גאַנצע וועלט אין מיר,
איז די גאַנצע וועלט מיט מיר,
וואו איך זאָל ניט זיין.

# מיין איינציקע

מיין איינציקע!
וויִ וואונדערלעך דו ביסט...
אומזיסט
איז מיין פארלאנג
דיין צויבער צו פארשטיין:
פארלאָרן הילפלאָזיק ווערט מיין געדאנק
אין אָפּגרונט פון דיין חן.

מיין איינציקע!
איך האָב פארגעסן אַלץ.
אַ ווּיסטעניש פארזייט מיט זאַלץ
האָט אויפגעבליט אין שיינענדיקער פּראַכט,
ווען אויפגעגאנגען איז פאר מיר אין מיטן נאַכט
דאָס ליכט
פון דיין געזיכט.

מיין איינציקע!
ס'פאַרדריסט מיך איצטער אויף די טעג,
וואָס גייען אַזוי שנעל אַוועק
אין טרוימען וועגן דיר,
מיין איינציקע...

## צו אַ פרוי

ניין!
מיין הייסער אָטעם וועט דיין קערפּער ניט באַרירן
און איינזאַפּן דעם סם פון טויטלעכע געפאַרן!
וועסט מיך אין דיין געצעלט, אַ אַ מידן, ניט פאַרנאַרן,
און איבער מיר מיט דיין נצחון ניט שטאָלצירן.

איך ווייס:
דעם תהום באַדעקן שטראָמען דורכזיכטיקע, ריינע, —
דאָך קאָנען מיר זיין טיפן חושך ניט באַגרייפן:
דו וועסט ניט דורכלעכערן, יעל, מיינע שלייפן,
און אויף מיין טויטן קערפּער אָנווייזן דעם שונא!

## אַזוי ביסטו

עס טרעפט אַמאָל — אַ ווילדער ווינט לויפט־אָן אין שטאָט,
הויבט אויף דעם שטויב און איילט און יאָגט און קראַכט און ברעכט,
אַלץ וויגט זיך, רייסט זיך, טאַנצט און בראַזגעט־צו!
אַ רגע — און פאַרביי, דער שטורעם איז אַריבער...
אַזוי ביסטו.

און ס'טרעפט אַמאָל נאָך זונפאַרגאַנג אין פעלד:
די הימל־ראַנדן שמייכלען — וויאָלעט און גרין,
די וואָלקנס, — וויספּעס קופּערנע, — אין חלום...
דיווייטן — בלוי, און בלויער, שטיל און שטילער, שטילער...
אַזוי ביסטו.

# כישוף

עס פלעגן קוואַלן אין מיר אויפלעבן,
געזונגען האָט מיין האַרץ אין מיר,
ווען דיינס אַ שמייכל פלעגט פאַרביישוועבן
אין מיינע טראַכטונגען פון דיר.

איך האָב מיט פרייד געוואָלט זיך אָפּזאָגן
פון מיין איינאונאיינציקן פאַרמעג, —
איך זאָל דיר קאָנען העלפן דורכטראָגן
דעם צער פון דיינע יונגע טעג.

האָט מיין געפיל מיט פייער אויפגעשפּילט
און אָנגעצונדן מיינע טריט, —
נאָר דו מיין ליבשאַפט האָסט ניט מיטגעפילט
און מיך באַנומען האָסט דו ניט.

האָסט ניט דערזען די הויך די שטראַליקע,
וואָס מענטשן האָבן אויסגעטרוימט,
ווען מיין געפיל, אַ קראַפט אַ גוואַלדיקע,
געלעגן איז פאַר דיר געצוימט...

דו טראָגסט אין זיך געפיל פאַרשלאָסענעם,
וואָס איך האָב, זאָגסט דו, ניט דערקענט, —
ווער זעט דען טרערן ניט פאַרגאָסענע,
אַ פלאַם וואָס האָט נאָך ניט געברענט?

וואָס טויג דעם מידן אין דער וויסטעניש,
וואָס ווערט פון הייסער דאָרשט פאַרצערט,
אַז אונטער זיינע טריט, אין טיפעניש,
פאַראַן איז וואַסער אין דער ערד?

אויך איצט האָט נאָך מיין האַרץ ניט אָפּגעקילט,
דיין כישוף האַלט זיך נאָך אין מיר...
דאָך — וואָס כ'האָב איצט מיט ווייטאָג דורכגעפילט
שוין ניט געהערן ווערט צו דיר.

## פלאַטערלעך

איך פיל ווי עס פליען איצט פלאַטערלעך אום אין מיין האַרצן:
דערוואַכטע געפילן און ליכטיקע זעאונגען שוועבן...
איך זע איצט דיין לויטערן פנים, דיין ליכטיקן שמייכל,
וואָס רירט מיך נאָך מער ווי דאָס הילפלאָז געוויין פון אַ קינד.

איך פיל אויף זיך איצטער דעם טיפן, ניט־ערדישן צויבער
פון דיינע געהיימע, פאַרבענקטע, ברייט־אָפענע אויגן —
די גרינלעכע סודות פון באַכן און אוראַלטע וועלדער,
וואָס ציען מיט זייער פאַרבאַרגענעם כישוף צו זיך.

איך פיל ווי עס פליען איצט פלאַטערלעך אום אין מיין האַרצן.
פילפאַרביקע, צאַרטע און שטילע, ווי ליכטיקע קוויטן —
און איך ווי אַ פעלד אין דעם יום־טוב פון זונשיין און פאַרבן
האָב אויפגעלעבט ווידער אין מיינע רעיונות פון דיר.

## נאַרישקייטן

פרעמדע שמחות צו באַשיינען,
אויף אַ פרעמדן אומגליק וויינען,
און פאַרנעמען יענעמס צער —
איז דער גורל פון אַ נאַר.

לאָזן זיך דורך ווינט און רעגן
צו די מידע אויף די וועגן,
און ניט טראַכטן פון געפאַר —
איז דער גורל פון אַ נאַר.

קלוגע לייט, דאָס איז אַלץ ריכטיק,
נאָר פאַר מיר איז דאָס ניט וויכטיק,
און איך שרעק זיך ניט דערפאַר:
מיר איז ליב צו זיין אַ נאַר!

## פ ע ר ל

מיר זיינען קינדער צוויי געווען —
פריידיק, פריי!
און יעדער טאָג האָט אונדז געשמייכלט
פון דאָס ניי.

ביים ברעג פון ים געשפּילט זיךביידע
דורך די טעג —
געהאָפט דער ים אונדז פּערל ברענגען
וועט צום ברעג.

נאָר פּערל רוען אין דעם אָפּגרונט
טיף פאַרהילט...
האָבן מיר מיט מויערקעפּלער
זיך פאַרשפּילט.

און ס'האָבן טעג צו אונדז געשמייכלט
פון דאָס ניי...
מיר זיינען קינדער צוויי געווען
פריידיק פריי.

## עס מאַכט ניט אויס...

עס מאַכט ניט אויס וואָס דו ווערסט אַלט,
דאָס לעבן בליט, דאָס לעבן שטראַלט!
און אַלץ וואָס דיר איז שוין פאַרביי,
בלייבט אייביק וואונדערלעך און ניי.

עס מאַכט ניט אויס וואָס דו ביסט מיד,
די וועלט איז יונג און זינגט איר ליד
אין יעדער צייט מיט נייעם שוואונג, —
די וועלט איז יונג, די וועלט איז יונג!

עס מאַכט ניט אויס וואָס דיר איז קלאָר,
אַז נאָך דעם חלום קומט די וואָר...
ווייל שטענדיק גרין איז אונדזער פעלד,
און פול מיט חלום איז די וועלט.

## ניט קוק אַריין...

ניט קוק אַריין אין טיפקייטן פון הימל,
ווען ס'איז מיט פרייד דיין לעבן ניט באַשטראַלט:
דער בלויער רוים איז אייביק ווייט און קאַלט...
ניט קוק אַריין אין טיפקייטן פון הימל,
אויב דיר איז פרעמד די שטילע פרייד פון בלימל,
וואָס וואַקסט באַשיידן נעבן ברעג פון וואַלד;
ניט קוק אַריין אין טיפקייט פון דעם הימל,
ווען ס'איז מיט פרייד דיין לעבן ניט באַשטראַלט.

## אין פאָלקס־טאָן

נעמסט דו, גזלן, צום דעם פערד,
נעם שוין אויך דעם וואָגן...
אויב מיר איז אַזוי באַשערט,
וועל איך גאָרנישט זאָגן.

נאָר כ'וועל אַזוי גיין און גיין,
ביז איך וועל אַ מידער
אונטער בערגל ביי אַ שטיין
אויסרוען די גלידער.

אויב ס'איז מיר אַזוי באַשערט,
וועל איך גאָרנישט זאָגן.
נעמסט דו, גזלן, צו דעם פערד,
נעם שוין אויך דעם וואָגן.

# קאָן זיין

קאָן זיין, אַז ביי אַ פֿאָלק אַן אַנדערן
וואָלט אַנדערש אויך געווען מיט מיר:
אַ שטאָלצער, מיטן דלות־צייכן, וואַנדערן
וואָלט איך ניט דאַרפֿן טיר צו טיר.

און מיט מיין שווערן לעבן, אַ פֿאַרצאָרנטער,
וואָלט איך זיך ראַנגלען ניט געדאַרפֿט,
און מיינע טעג, — פֿאַר מיר סיי־ווי פֿאַרלאָרענע, —
מיין ווייטאָג וואָלטן ניט פֿאַרשאַרפֿט...

אַן אַנדער פֿאָלק מיט ליבשאַפֿט וואָלט באַוואונדערן
מיין קלאָרן זילבערנעם געוועב!
און הערצער פֿון מיין פֿייער אָנגעצונדענע
זיך פֿרייען וואָלטן וואָס איך לעב.

נאָר דו, מיין פֿאָלק, ווי קאָן איך פֿון דיר פֿאָדערן
עשירות, דאַנקבאַרקייט און רו,
אַז יעדער טראָפּן בלוט אין מיינע אָדערן
איז ווידערשפּעניק פּונקט ווי דו!...

## מזל מיינער

מזל מיינער, מזל, פינצטערער און שווערער!
אויסגעוויינט שוין האָב איך אַלע מיינע טרערן.

ניט ווי יעדנס איז מיין לעבן דורכגעשוואומען,
אומגעוויינלעך וועט דער טויט אויך צו מיר קומען.

זינגען איז מיר איצטביידע: טויט און לעבן,
רעגנבויגנס לויכטן, שווארצע פליגל שוועבן!

טויזנטער געשטאלטן שטייען פאַר די אויגן,
און עס וויינט דאָס האַרץ ווי אַ פאַרבענקטער פויגל.

וואו בין איך געוועז, וואו בין איך געקומען?
אַלץ האָב איך פאַרגעסן, קיין זאַך ניט גענומען...

אויסגעוויינט שוין האָב איך אַלע מיינע טרערן —
מזל מיינער, מזל, פינצטערער און שווערער!...

## שעהן פון מיין לעבן

ווי פון שטויב און מאָיל צעפּרעסענע געוועבן
און ווי שערבלעך פון די טייערסטע געפעס,
ליגן איצט פאַר מיר די שעהן פון מיין לעבן...
דאָך, — איך וואַרט אויף אַ נס.

## פאָלקס־מאָטיוון

ניט דער ווינט טוט דאָס רוישן און יאָגן
ניט דער רעגן טוט קלאַפּן אין שויב, —
טאָג און נאַכט טו איך וויינען און קלאָגן
ווי אַן עלנט־פאַרלאָזענע טויב.

אוי, מיך האָט מיין זיס לעבן פאַרלאָזן.
און דער טאָג האָט פאַרלאָרן זיין שיין...
פון מיין אומעט פאַרוועלקן די גראָזן
און די ביימעלעך בויגן זיך איין.

טאָג און נאַכט גיי איך אום ווי אַ שאָטן —
ווי אַזוי קאָן איך לעבן אָן אים?
און איך טרעט אַוואו ער האָט געטראָטן,
און מיר דוכט זיך — איך הער נאָך זיין שטים.

וועלן ווינטן די וואָלקנס פאַרטרייבן
און די זון וועט אַרוים אין איר פּראַכט; —
נאָר אין הארצן ביי מיר וועט פאַרבלייבן,
שוין אויף אייביק די פינצטערע נאַכט.

## ווי אַ וואַסער...

ווי אַ וואַסער קייקלען זיך די טעג און יאָרן —
לויפן־דורך און מורמלען עפּעס צו,
ווי אַ רוישיק וואַסער ווערן זיי פאַרלאָרן
אין די טיפע תהומען ערגעץ־וואו...

טעג און יאָרן וועלן נאָך מיר אויך פאַרבלייבן
און דאָס וואַסער ציען וועט זיין וועג...
גאָט; אַ העלף מיר גאָט צוזאַמענקלייבן
דאָס געזאַנג פון מיינע לויפנדיקע טעג!

שוין דערוויטערט בין איך פון דער וועלט געוואָרן
אין מיין גרויסער בענקעניש נאָך רו,
ווי אַ וואַסער קייקלען זיך די טעג און יאָרן —
לויפן־דורך און מורמלען עפּעס צו...

# אומעטיק

אומעטיק איז מיר און שווער...
און איך ווייס ניט וואָס;
נאָר איך קאָן ניט טרינקען מער
מיין פאַרסמטן כוס.

שווער איז מיר מיין יעדער טראָט,
און מיין וואָרט אַ שטיין;
ערגעץ שפינט זיך אוים אַ סוד,
וואָס כ'וועל ניט פאַרשטיין.

אוי, מיין זון וועט ניט פאַרגיין
פלאַמענדיק און רויט!...
ווי אַ הענדלער — העסלעך, קליין —
קום איך צו דעם טויט.

# קומען אָן די פייגעלעך

קומען אָן די פייגעלעך
ווייס מען ניט פון וואַנען;
גייט שפּאַצירן אַ פּאָר פאָלק
בין איך זיי מקנא.

אַ ווילדער עפּלבוים,
ברענגט קיין פרייד ניט קיינעם;
זע איך קליינע קינדערלעך,
הייב איך אָן צו וויינען.

## ניט טעג...

ניט טעג, ניט וואָכן — לאַנגע יאָרן
האָסטו געזוכט פֿאַר זיך אַ וועג...
און זוכנדיק דערווייל פֿאַרלאָרן
די שענסטע שײנענדיקסטע טעג.

דעם וועג האָסטו ניט אויסגעפֿונען...
נאָר צווישן חורבות, אַש און רויך,
האָסטו דיין חלום נאָר געשפּונען,
געוואַרעמט שטיינער מיט דיין הויך.

## אָ האַרבסט

אָ האַרבסט! צעשויבערטקייט און אומעט!
ווי טיף מיך רירן דיינע טעג!
ווען שטראַלן לויטערע פֿון זומער
פֿאַרבלייבן ווי אין האַלבן וועג...

אָ, טעג מיט גאָלד און בלוי באַקרוינטע,
ווי הילפֿלאָזיק איז אייער שיין!
אַז איך, אַ פֿרוש אַ פֿאַרטרויטער,
פֿאַרגעס זיך שוין גאָר אויף מיין פּיין...

וואָס גייט מיך אָן דער האַס, וואָס פֿלאַקערט
אַהינטער מיין פֿאַרמאַכטער טיר,
ווען בוימער האַרבסטיקע, האַלב-נאַקעט,
אין אומעט נייגן זיך צו מיר!

## אין סודותדיקן וואַלד

נאָך אַ שטורעם האָט זיך דורכגעטראָגן און דערוויטערט,
און אין נאָך אַ פייער האָט דאָס האַרץ זיך דורכגעלייטערט...
דאַנקען גאָט — אַריינגעקומען בין איך ווידער
אין דעם וואונדערלעכן וואַלד פון ווערטער און פון לידער.
און ווי גוט עס איז אַרומצוגיין דאָ אַ פאַרקלערטער
אין דעם סודותדיקן וואַלד פון לידער און פון ווערטער!

## אין חלום

ווי אַ קינד, וואָס צעעפנט די אויגן,
און אין צימער איז קיינער ניטאָ,
גיי איך אום מיט צעעפנטע אויגן,
ווי אין חלום פון דאָרטן און דאָ.

און וואָס איז דאָ אַרום, — ניט אַ מדבר
מיט די טורעמס און שלעסער אין לופט?
און דען הערן מיר ניט דאָ אין מדבר,
ווי די שטילקייט דערוועקט זיך און רופט?

און איך ווייס: ניט אין פרייד, ניט אין טרויער
איז באַהאַלטן דער חסד פאַר מיר...
אַז איך טראָג דאָך די פרייד און דעם טרויער
און מיין וועג צו דער זילבערנער טיר!

גיי איך אום מיט צעעפנטע אויגן,
אין אַ חלום פון דאָרטן און דאָ...
ווי אַ קינד וואָס צעעפנט די אויגן,
און אין צימער איז קיינער ניטאָ.

## דער וואָלף

לויפט דער וואָלף געטראָפן פון אַ ווייטער קויל,
שפּאַרט ביי אים אַ רויטער שוים פון מויל...

אוי, וואָס לויפסט דו, וואָלף, און יאָגסט זיך אַזוי גיך?
טראָגסט דאָך שוין סיי־ווי די קויל, דיין סוף, אין זיך!

אוי, ווי רויט עס בלייבט אַהינטער דיר דער שניי!...
וואָלף, דו וואָלף... נאָר אפשר בין איך אויך אַזוי?

## סיזיפס אַרבעט

איך האָב אַ בוך געלייענט אין מיינע יונגע יאָרן:
פון סיזיפס שווערער אַרבעט
ווערט דאָרטן דערציילט.
פון דעמאָלט אָן האָב איך
די האָפענונג פאַרלאָרן,
פון דעמאָלט אָן האָב איך
פאַרהאַסט די גאַנצע וועלט.

## אין וועג

מיר לעבן איצטער דורך די שיינענדיקסטע טעג,
איז לאָמיר זיך פאַרזאַמען לענגער אויפן וועג.

מיר גייען און מיר ווייסן וואו מיר וועלן קומען...
און דאָ אַרום דערווייל אַזויפיל פרייד און בלומען!

אַזויפיל שיין איז דאָ אין די פאַרליבטע בליקן,
און אין דער הויך אַזויפיל שיינענדיקע בריקן...

איז לאָמיר זיך פאַרזאַמען לענגער אויפן וועג,
מיר לעבן דאָך איצט דורך די שיינענדיקסטע טעג!

# פאַרגעס מיך ניט

אַלס יינגל פלעג איך ליב האָבן אַליין
מיט דעם באַוואַלדטן ברעג פון טייך צו גיין,
און קוקן אויף די קליינע בלויע בלימעלעך
מיט געלע אומעטיקע אויגן,
וואָס פלעגן זיך צו מיר פון פייכטן גראָז פאַרנויגן —
פאַרגעס מיך ניט, פאַרגעס מיך ניט.

און שפּעטער פיל מיט יאָרן,
ווען איך בין אין דער גרויסער שטאָט געווען פאַרלאָרן,
האָט מיך אַמאָל מיין איינזאַמקייט געבראַכט
אויף אַ פאַרלאָזטן צווינטער אין אַ האַרבסטיקן פאַרנאַכט.
ווי אומעטיק איז דאָרט געווען!
אויף יעדן שטיין —
געוויין,
אויף יעדן גראָז —
פאַרדראָס...
און בלויע בלימעלעך — פאַרגעס מיך ניט,
פאַרגעס מיך ניט.

דאָס איז געווען שוין לאַנג, מיט יאָרן לאַנג צוריק...
נאָר נעכטן איז פאַר מיר אין בליק
פון דיינע בלויע אויגן
מיין לעבן בליציק-שנעל פאַרבייגעפלויגן:
די וויטע קינדהייטס-טעג,
דער טייך, די חנעוודיקע בלימעלעך ביים ברעג,
די שטאָט, מצבות, האַרבסט... און בלויע בלימעלעך —
פאַרגעס מיך ניט, פאַרגעס מיך ניט.

# צו אַ פריינד

איך פיל דיין שטילן צער נאָך מער ווי מיינע ליידן:
האָסט מער פון מיר געגלויבט, און מער פון מיר באַגערט;
און אויף דער וועלט, וואָס איז דערוויטערט פון אונדזביידן,
גייט איצטער אויף די פרייד פון פרייע יונגע פערד.

די פרייד פון יונגע פערד וואָס טראָגן זיך אָן צוימען,
און ברעכן־איין די ערד אין זייער ווילדער מאַכט!
און אונדזער פרייד, אַ שטילע, ווי די אָוונט־רוימען,
בליט־אויף אַ לויטערע אין סאַמעט פון דער נאַכט.

דער סאַמעט פון דער נאַכט, דער אָוונטיקער הימל,
די הענגענדיקע ווייטן און דער בלויער רוים...
ס'איז טייער אונדז די רו פון שלאָפנדיקן בלימל,
דאָס תפילהדיק גערויש פון בלעטל אויפן בוים.

די בלעטער און די בלימלעך — אויך ווי זיי, באַשיידן,
באַנעמען מיר דעם סוד, די שיינקייט פון דער ערד...
און אויף דער וועלט, וואָס איז דערוויטערט פון אונדז ביידן,
גייט איצטער אויף די פרייד פון פרייע יונגע פערד.

## שאָטנס

פול איז נאָך מיין וועלט
מיט די שאָטנס פון די וועגן
וועלכע האָבן מיך געבראַכט אַהער, —
און דער אָטעם
פון דעם גליענדיקן מדבר־זאַמד
שטילט די בענקעניש אין מיר.

איך באַנעם דעם צער פון שטיינער,
און דעם קלאָרן גליווערדיקן אומעט
פון די קאַלטע בערג.

פון מיין שמייכל ווערט ניט ליכטיקער די זון,
מיינע זיפצן ליידיקן מיין האַרץ ניט אויס.

ווייט בין איך!
מיינע טריט הילכן־אָפּ אין ווייטקייט,
און דער אומעט, ווי אַ שנור אַ רויטער,
ציט זיך נאָך מיין טראָט.

## ווי די אויגן פון וועלף

ווי די אויגן פון וועלף ביידערנאַכט אויף אַ וועג, —
אַזוי לייכטן פאַר מיר מיינע אייגענע טעג.

מיט אַ שיין פון דער ווייט קומען אום, קומען אום
מיינע עלנטע טעג אין דעם שניי־פעלד אַרום.

ווי די אויגן פון וועלף ביידערנאַכט אין אַ וואַלד, —
בליצט מיין לעבן מיר אויף אַזוי שיינענדיק, קאַלט...

## דיין אומעט

דיין אומעט — איז אַ ווייסע טויב
מיט פלאַטערדיקע פליגלען!
דיין שמייכל — איידל ווי דער שטויב
פון מיאַטליקס סאַמעטענע פליגלען,
און דיינע אויגן — וויי און וויי —
און לעבן קען איך ניט אַן זיי.

## אין געזאַנג

איך האָב מיין שטראַלנדיקע פרייד אַליין אין זיך געטראָגן.
וועל איך זיך איצטער אויף מיין צער פאַר קיינעם ניט באַקלאָגן.

פאַרטרויט האָב איך מיין לעבן צו די זינגענדיקע שורות,
אין זיי דערקען איך מיינע טעג פון זונשיין און פון שטורעמס.

אַ, לעבן מיין, אין לויטערע און אומעטיקע קלאַנגען,
איך בין שוין באַלד דיין וועג אינגאַנצן דורכגעגאַנגען...

# אַ גרוס

אַ גרוס דיר, מיין שטעטעלע,
אין מאָהליווער גובערניע!
אַ גרוס אייך, קליינע שטיבלעך,
צעוואָרפענע אין טאָל!

איך ווייס, דו האָסט געענדערט זיך,
די צייטן זיינען אַנדערע...
דאָך ליב ביסטו און טייער מיר,
מיין שטעטל פון אַמאָל!

די צייט איז איצט אַ שטורמישע...
און בוימער אַלטע קראַכן איצט,
און ווינטן נייע האָבן זיך
איצט אויף דער וועלט צעשפּילט.

נאָר קלערער פיל און ליכטיקער,
און שענער נאָך און לויטערער
שטייט אויף פאַר מיינע אויגן איצט
דאָס וואונדערלעכע בילד.

אַ, בילדער שיינע, ליכטיקע,
און לעבנס שטילע, ערלעכע,
און פרומע, אַלטע יידישע
ישובים פון אַמאָל!...

שוין יאָרן לאַנגע וואַנדער איך
דורך לענדער און מדבריות,
און זוך צוריק דעם וועג צו דיר,
מיין שטעטעלע אין טאָל!...

# ווילנע

דו וועלט-באַרימטע, אַלטע שטאָט!
ניט שלעסער, און ניט בריקן,
ניט גערטענער פון רויזן,
און ניט די מערק און די פאַבריקן, —
נאָר גרויסע שולן, אַלטע קלויזן
און לערנער חריפים, גרויסע לייט
דיין רום פאַרזיגלט האָבן
אין דער אייביקייט.

דורך מיטל-אַלטערדיקע פלאַמען
טוט זיך דיין יחוס שפינען.
נאָר ניט די מאַכט פון די טיראַנען,
און ניט דיין גויאישקע אָסטראַבראַמע
דיך האָבן צו דיין רום געבראַכט...
נאָר דיינע געסלעך אַלטע, קרומע,
וואו אונדזער ריינער גייסט דער פרומער
האָט אין דער פינצטערניש געוואַכט.

אָ, ווילנע, אונדזער מוטער-שטאָט!
פיל שטורעמס זיינען איבער דיר אַריבער,
נאָר אונדזער גייסט איז אין דיר גאַנץ פאַרבליבן.
ניט אַלץ וועדט אָפּגעמעקט אין גאַנג פון לעבן...
און ס'וועט אַ וואונדערלעכער שיין
אַרום דיין נאָמען שוועבן
ביז אין דער אייביקייט אַריין.

# פרייטיק צו נאַכט

## (אַ היימיש בילד)

### א.

די זון פאַרגייט, ס'ווערט פינצטערלעך;
דער טאַטע גייט אין שול אוועק.
די מאַמע איילט: ס'איז שפּעטלעך שוין
און שטעלט זיך בענטשן ליכט.

זי צינדט אָן שטיל די פייערלעך
מיט פרומקייט און מיט ערנסטקייט,
די ווייסע הענט די איידעלע
פאַרשטעלן איר געזיכט.

די ליפּן קוים באַוועגן זיך,
נאָר ווערטער הייסע גיסן זיך:
זי בעט פאַר מאַן און קינדערלעך
אַ גוטן מזל אוים...

ס'איז אַ מינוט אַ הייליקע,
אַ שטילע, אַ דערהויבענע,
מיט שבתדיקער ליכטיקייט
איז פול דאָס גאַנצע הויז.

ב.

די אַלטע קליינע שטיבעלע
איז איצטער גאָר אַן אַנדערע,
עס בלאַנקט אין יעדן ווינקעלע,
ס׳איז זויבער אַלץ און ריין.

די ציכעלעך די קלאָרינקע,
די אויסגעניייטע טישטעכלעך,
אויף אַלעם ליגט דער רואיקער —
דער שבתדיקער חן.

נאָר אַט די טיר עס עפנט זיך,
אַ פריילעכער גוט שבת אייך —
דער טאַטע מיט צוויי ייִנגעלעך
געקומען שוין פון שול.

ער רעדט פון ביידע ייִנגעלעך,
זיי לערנען גוט — נאָר פוילן זיך;
די מאַמע שמייכלט הערנדיק
מיט הייסער ליבשאַפט פול...

דער טאַטע מישט דעם סדור זיך,
און גייט צום טיש אַ פריילעכער;
און הויך דעם קידוש אָפּגעמאַכט
אויף זיסן רויטן וויין.

און אַלע שמייכלען הערנדיק,
מען ענטפערט אָמן זינגענדיק, —
ס׳איז פול דאָס קליינע שטיבעלע
מיט רואיקייט און שיין.

ג.

די שוועסטער און די ברידערלעך
געצוואָגטע און צעוואַשענע
מיט גלאַנצנדיקע פּנימלעך
צעזעצן זיך ביים טיש.

די מאַמע ווי אַ קייסערין,
אַ זויבערע, אַ רואיקע,
טיילט אוים באַזונדער יעדערן
די שבתדיקע פיש.

מיט אַלעמען זיך אויסגעטיילט
און נאָך אַ צוויי־דריי שטיקלעך,
באַזונדער אויף אַ טעלערל,
אויף מאָרגן אָפּגעשטעלט.

און אַלע עסן שווייגנדיק.
די מאַמע נאָר מיט ליבלעכקייט
פרעגט אָן באַזונדער יעדערן,
צי זאַלץ און פעפער פעלט.

עס פינקלען שוואַרצע אייגעלעך
ווי פלאַמעדיקע שטערנדלעך,
דער שבת־מאָלצייט ציט זיך לאַנג:
ניט איילנדיק, באַרוט...

דער טאַטע אַ צופרידענער,
ווי וואָרעם, וואָרעם שמייכלט ער!...
די זמירות זינגט ער אויפגעלייגט, —
ס'איז וואונדערלעך און גוט!...

ד.

אַ וואָך אַ גאַנצע אָפּקומען
מיט שוואַרצן ברויט מיט טרוקענעם, —
נאָר שבת איז קיין תירוץ ניט,
סיי אָרעם און סיי רייך.

ווי שווער עס זאָל ניט אָנקומען
דאָס שטיקל ברויט אין מיטנוואָך, —
נאָר שבת, שבת מוז מען דאָך
מיט לייטן זיין צוגלייך!...'

# פון אַ בריוו

ניטאָ ביי אונדז אין שטעטל
קיין גוטע נייס פאַר אייך;
מען גייט אויף דער מלחמה,
סיי אָרעם און סיי רייך.

אַ טויט־שרעק און אַ פּחד
אין שטוב און אויף דער גאַס,
מען גייט אַרום צעשראָקן
אַזוי ווי שאָטנס בלאַס.

פון אונדזער שטעטל יידן
אַוועק ביז הונדערט מאַן,
חלילה וועט מען דאַרפן —
איז מענטשן נאָך פאַראַן.

גענומען בני־יחידים
ביי מאַמעס פון די הענט,
און קאַליקעס און קראַנקע...
אַ קלייניקייט — עס ברענט!

— נאָר וואָס רייד איך פון יונגע
גענומען גרויע בערד!
און פּויערים, להבדיל,
צוזאַמען מיט די פערד.

אַפילו ביי די גבירים
איז אויך דער חורבן גרויס, —
די גרענעצן פאַרשלאָסן,
ניטאָ וואוהין אַרויס.

מען שלאָגט זיך, בלוט פאַרגיסט מען,
און וואָס וועט זיין דער ציל? —
אַ האַלבע וועלט איז חרוב,
און שאַ, און שווייג, און שטיל...

ב.

מיין טאָכטערס מאַן, מיין בוניעס,
איר האָט דאָך אים געקענט, —
אַ הוסטער און פון שטענדיק
געליטן אויף די הענט.

אים אויכעט אויף מלחמה
אַוועקגעשיקט, דעם העלד...
וואָס פרעגט איר? פון די ערשטע
געפאַלן אויפן פעלד...

אַ בריוו האָט זי באַקומען
פון הויכן קאָמאַנדיר:
געפאַלן ערלעך, העלדיש...
אַ גרויסע טרייסט פאַר איר!...

דערצו געקראָגן, טאַקע,
אַ צלמל נאָך אויך, —
אַ קלייניקייט צו זאָגן,
דערדינט זיך אַזוי הויך...

ג.

און זי נעבעך, מיין בוניע,
איז חושך ווי די ערד, —
פון אַלע זייטן קלעקט איר
און שריי צו גאָט... באַשערט!

זי האָט געוואוינט אין פוילן,
געהאַט אַ קרעמל דאָרט
וואו ערגעץ אַרום לאָוויטש,
פאַרגעסן שוין דאָס אָרט.

פאַרדינט אויף דער הוצאה,
געלעבט מיט לייטן גלייך!
נישקשהדיק, ניט אָרעם
און אויך ניט זייער רייך.

האָט מען געהייסן פאָרן
געהייסן ווי מען דאַרף,
און איינס און צוויי זאָל ווערן!
גאָר איינפאַך: קורץ און שאַרף.

אַ קאָזאַק הייסט... געוויינטלעך,
באַדאַרף מען טאַקע גיין;
עס העלפן ניט תּרוצים,
עס העלפט ניט קיין געוויין.

זיך קוים מיט די נפשות
דערקליבן צו דער באַן;
אָט האָט איר אייך אינגאַנצן
איר אייגנס, איר נדן...

אַ קישן ניט גענומען
צוקאָפּנס פאַר אַ קינד!
די שטוב מיט אַלע זאַכן
געלאָזן אויפן ווינט.

נאָר דאַנקען גאָט! זי האָט נאָך
געהאַט וואוהין אַראָפּ, —
ביי אַלטע טאַטע־מאַמען,
כאָטש צושפּאַרן דעם קאָפּ...

ד.

וואָס דאָרטן האָט געטאָן זיך
זאָל מען דאָס גאָרניט זען
און זאָל מען גאָר ניט הערן
וואָס דאָרטן איז געשען...

דער ייד גאָר איז אַלץ שולדיק
אין יעדער זאַך ביי זיי, —
און אויפהענגען אַ יידן
איז גאָרנישט — איינס און צוויי...

און וויפל פרויען קינדער
פאַרפייניקט און געשענדט,
אַפילו פון די שולן
אַ תל געמאַכט, פאַרברענט.

אַזוי ווי וואַסער ווערט דאָרט
פאַרגאָסן אונדזער בלוט...
און וואָס וועט דאָ זיין, מיינט איר?
ניט גוט, אוי וויי, ניט גוט!...

ה.

איך לעב דאָך, ווי איר זעט מיך,
שוין היפּשע, היפּשע יאָר, —
נאָר ווען זי נעמט דערציילן
באַנעם איך דאָס ניט גאָר.

אַזוינע גזרות האָבן
נאָך יידן ניט געהערט!
אונדז קומט אַזוי מסתמא,
מסתמא איז מען ווערט.

מיין בוניע נעמט איצט פּענסיע
ביי פינף רובל אַ וואָך,
אויף ברויט די קינדער סטייעט, —
איז וויפל דאַרף מען נאָך?

צו וואָס קאָן זי זיך נעמען
מיט עופּעלעך אין שוים?
דאָס ווייבל נעבעך חושכט
און רעדט קיין וואָרט ניט אויס.

איר קרענקט, דער אַלטער טאַטע
דאַרף שפּייזן איר געזינד...
איך זאָג דאָך אייך, אַז זי איז
אַ זעלטן איידל קינד!

נאָר מיינט איר דאָס איז גאָר שוין?
האָט איר ניט קיין באַגריף!
זי האָט נאָך אַ פּאַרבייסנס, —
איר דודלס „פּריזיוו".

ערשט אכצן יאָר געוואָרן
איר דודל אַצינד,
דעם מאַן ניט לאַנג פאַרלאָרן,
און איצט ריכט אוים אַ קינד...

אַ קוק צו טאָן אויף בוניען
איז מער ניט הויט און ביין,
קיין נפש ניט — נאָר אויגן
פאַרלאָפן פון געוויין.

דאָס הארץ ווערט מיר צעריסן
צו קוקן אויף איר צער,
פאַרשטייט איר מיך, עס ווײנט זיך...
אַ מענטש איז דאָך אַ נאַר...

ז.

מיין עלטסטן זון, מיין גדליהן,
גייט אויך ניט איי־איי־איי,
געהאַט ביי וואַלד אַ שטעלע,
ניט שלעכט פאַרדינט דערביי.

איז איצט ווער דאַרף דאָס וועלדער,
אַז חרוב איז די וועלט:
נו טוט ער איצטער גאָרנישט,
און עסט פון גרייטן געלט.

און אויך מיט אַ געזינדל —
געווים, ניט טאָרט מיט וויין...
נאָר ווייסט איר דאָך, מען טרייסט זיך:
געקאָנט נאָך ערגער זיין.

ז.

מיט מיין מיזיניק, זעט איר,
איז מיר אַ גליק געשען:
איך הויב מיך אָן דערמאָנען,
וואו וואָלט ער איצט געווען?

אַן אויסגעדינטער בחור,
אַ ליכטיקער, אַ העלד, —
זיין גוטסקייט — גאָר אַ דימענט,
און שיין, אוי, ווי די וועלט.

פאַרשטייט איר דאָך אוודאי,
ער איז פון אונדז אַוועק,
וואָס קען ער זיך דערוואַרטן?
דאָס שטעטל איז אַ העק.

און ווי מיר האָבן פאַרדראָסן,
ווען איר וואָלט נאָר געוואוסט,
ווען שלמהען האָט זיך פלוצלונג
אַמעריקע פאַרגלוסט.

זיך אויסגעדינט, אַ דאַנק גאָט,
אַ רובל נאָך געבראַכט, —
וואָס ווייטער פאָרן, וואַגלען?
אַזוי האָב איך געטראַכט...

און ווידער צו דער עלטער
דאַרף זיין אַ קינד אין שטוב,
צו וואָס זאָל מען זיך נאַרן:
ווי ווייט איז שוין די גרוב?

נו, זעט מען דאָך, אַז גאָט פּירט
זיין גרויסע וועלט אַליין,
און קאָן אַ מענטש די וועגן
פון אייבערשטן פאַרשטיין?

איך נאַר זיך ניט — מיין שלמהן
וועל איך שוין מער ניט זען...
אוי, איצט פון וויפל צייט שוין
קיין איינגעטונקטע פען.

איך זינדיק ניט, חלילה,
נאַר... ס'שלאָפט זיך ניט ביינאַכט,
אַ מענטש איז ניט קיין מלאך,
מע ליגט אַזוי און טראַכט...

ח.

איר הערט? אויף די יתומים
צעגייט מיר גאַר מיין האַרץ,
דער שבת ניט קיין שבת,
דער יום טוב איז מיר שוואַרץ.

און זי, נעבעך, מיין אַלטע,
פאַראיינס זי טוט און קלאָגט —
— „ניט האָב צו גאָט קיין טענות!"...
האָב איך צו איר געזאָגט.

— „וואָס זינדיקסטו? ניט איינע
ביסטו דאָך אויף דער וועלט!
מען קאָן דען אַלץ פאַרלאַנגען
אַזוי ווי זיך געפעלט?"

אַ מאַמע... גו, געוויינטלעך,
זי הערט מיך ווי די וואַנט.
„איך וויין גאָר ניט", און ווישט זיך
די אויגן מיט דער האַנט.

ט.

איך בייזער זיך, איך ליאַרעם.
נאָר פאַרט איז זי גערעכט.
איין גאָט אין הימל ווייס נאָר
ווי ביטער ס'איז, ווי שלעכט...

די טאָכטער אַן אַלמנה
געבליבן פאַר דער צייט.
פון איינעם ווייניק נחת,
דער צווייטער — ערגעץ ווייט...

און ווי ער אַט־אַ באַלד שוין
דאָס טענצל אָפּגעשפּילט,
עס שטימט ניט דער סך־הכל —
און זאָגט אייך וואָס איר ווילט...

י.

איך רייד פון זיך — איר ווייסט ניט
וואָס טוט אין שטאָט זיך אָפּ!
אין יעדער שטוב אַן אומגליק, —
עס הייבט זיך מיר דער קאָפּ!

וואו צוויי אַוועק — קומט איינער,
אויף קוליעס נאָך דערצו,
דעם ברענגט מען גאָר אַ בלינדן,
און יענער — גאָט ווייס וואו...

צוויי פינגער אָפּגעשאָסן,
איז מזל טוב, אַ גליק, —
אַבי געבליבן לעבן,
געקומען כאָטש צוריק.

ביי אונדזערע אַ שכנה,
זי וואוינט פון מיר ניט ווייט,
אוועק אַ זון נאָך זומער,
אַ בחור גאָר אַ לייט!

אַ שיינער, אַ פאַרדינער,
און מיט אַ שאַרפער פען,
ער איז שוין אין דער היים איצט,
ווען איר וואָלט אים נאָר זען...

ס׳איז ניט דער מענטש דער זעלבער,
איך זאָג אייך, ס׳איז אַ גרויל!
מען קאָן גאָר ניט זיין אומגליק
אַרויסריידן פון מויל...

ער האָט אַ דייטש אַ יונגן
דערהרגעט מיט זיין שווערד,
און האָט אַ „שמע ישראל״
פון גוססן דערהערט.

פאַרשטייט זיך, ער האָט דאָרטן
געחלשט אויפן אָרט,
אַ צייט געקרענקט — אַ חודש
ניט אויסגערעדט קיין וואָרט.

נאָך איצט איז ער ניט ביי זיך,
עס וואַרפט אים יעדעס גליד —
ער גייט אַרום און מורמלט:
אַ ייד געוועזן, אַ ייד...

קומט אָפּ אַזוי אַ נפש,
קיין רו ניט און קיין שלאָף...
אַ בוים אַזאַ אַ יונגער,
און, וויי, וואָס פאַר אַ סוף.

יא.

נאָר דער וואָס לעבט — דאַרף לעבן.
און האַנדל איז אין ד'ערד.
מען פאָרט אין דאָרף — פאַרדינט מען
קוים-קוים נאָר פאַרן פערד.

ביי איצטיקן יקרות,
ס'איז טאַקע אָך און וויי,
אַז האָבער איז אין הימל,
אַ רענדל אַ פּוד היי!

היינט וואָס וועט זיין נאָך שפּעטער?
עס נעמט מיך אָן אַ שרעק!
מקנא בין איך יענע,
וואָס זיינען שוין אוועק...

נאָר כ'זינדיק מיט מיין ריידן,
ס'וועט נעמען דאָך אַ סוף —
ס'איז איצטער שווער צו ליידן,
דאָך גלייב איך און איך האָף,

אַז ניט געשענקט וועט ווערן
אַזויפל מענטשלעך בלוט —
ניט מיר, וועט מיינע קינדער,
די אייניקלעך זיין גוט.

אַ סוף מאַכן פון יידן?
ס'איז ניט קיין גרינגע זאַך!
מיר זיינען שוין געוויינטע,
שוין דורכגעמאַכט אַ סך.

צו יעדער צייט געליטן
פון גזרות און פון שלעק,
אַזוי פיל הונדערט יאָרן
דערמאָנט זיך נאָר די פעק!

און זעט איר, גאַנץ געבליבן...
מיר לעבן, דאַנקען גאָט —
און ער וועט אויך אויף ווייטער
אונדז שענקען זיין גנאָד.

# אַ זומער־נאַכט אין שטעטל

די שטילע לבנה באַזילבערט די נאַכט,
עס שטייען דיביימער ביים טייכל פאַרטראַכט.

די גאַסן פאַרחלומט, אין שטעטל איז שטיל,
עס רוישט נאָר פון ווייטן דאָס וואַסער אין מיל.

נאָר אָט גיט אַן עפן זיך ערגעץ אַ טיר —
אַ שטילער געלעכטער, אַ ציטער, אַ ריר...

צוויי שאָטנס... אין בלויקייט פאַרשווינדן זיי באַלד,
אַוועק איז דאָס פּאָרל שפּאַצירן אין וואַלד.

און בלויז די לבנה, וואָס וויים פון דעם סוד,
באַגלייט די געליבטע אַהינטער דער שטאָט.

זי שמייכלט פון אויבן פאַרטרוילעך און שטיל,
און ס׳רוישט אַזוי פרידלעך דאָס וואַסער אין מיל...

# אַלט־היימיש בילד

עס ציט זיך אַ גלאַנציקער שלייער
פון שנייאיקע פעלדער פאַראויס!
אין טיפקייט פון טאָלן, פאַרווייעט,
אַ דאָרף הינטערן וועלדל וואַקסט אויס:
פאַרכמורעטע שטיבעלעך אַלטע,
צעשויבערט ווי פויגל אויף שניי...
עס קוקט מיט אַ לויטערער קאַלטקייט
די שטילע לבנה אויף זיי.

זי צויבערט איר זילבערנעם צויבער,
און שפּינט אירע פעדעם פאַרטראַכט!
אַליין אין דעם מדבר פון אויבן,
אַליין אין דער שטילקייט פון נאַכט...
עס יאָגן זיך שטיל אירע רייטער —
חלומות אויף בלויעלעכע פערד...
ווי קלאָר איז, דו קעניגן ווייטע,
דיין רואיקער בליק אויף דער ערד!

עס שפּיגלען זיך אָפּגלאַנצן קלאָרע
אין בלויקייט פון שניי און פון אייז;
די וועלט איז אינגאַנצן פאַרלאָרן
אין שימער פון בלוי און פון ווייס!
ס׳איז סומנע אַזוי אויף די פעלדער,
אין ימען פון שטילקייט און קעלט...
און פּלוצלונג — פון זייטיקן וועלדל
צעוויינט זיך אַ וואָלף אויף דער וועלט.

# מיין שטעטל

גרויסער אומעט מיינער פון די קלאָרע נעכט!
שטעטל מיינס אויף שניי־פעלדער פארלאָרן...
כ׳האָב פאַרזינדיקט אייך! אַזוי פיל יאָרן
אין די רוישיקע מדבריות פאַרבראַכט.

ווייט געוואָרן, ווייט געוואָרן און פאַרפרעמדט
איז מיין שטעטל מיר, די ווייסע פעלדער, —
אָ, איר ווינטערדיקע שטילע וועלדער,
אויך, ווי איר, כ׳בין נאַקעט און פאַרשעמט!

בלייכע טעג וואָס הייבן זיך ביי פייער אָן,
יידן, גוים אָנגעפּעלצט, פאַרפראָרן, —
שניידט זיך דורך דאָס בילד אין מיין זכרון
ווי אין מיטן נאַכט דאָס קרייען פון אַ האָן.

לעבנס פרידלעכע פאַר לייטן און פאַר גאָט,
קאַשע פאַר די פייגעלעך אום שבת שירה...
אוי, ווי שטיל און איינזאַם קלינגט מיין לירע
אין דעם גאַס־גערויש פון וואָכנדיקער שטאָט!...

אפשר ווייַן איך איצטער אויך נאָך ווען עס איז
אויף חורבנות וואָס מען קאָן ניט בויען,
נאָר ניטאָ קיין ברכה אין די טויען
אויף די קאַלטע שטיינער אונטער יעדנס פיס.

ווי אַ טייך אין גאָלד פון אָוונטיקן שיין
לייכטן אויף געשטאַלטן און רעיונות,
און פון האַרץ צעזינגען זיך זכרונות
אין די שווייגנדיקע ווייטקייטן אַריין...

# פרימאָרגן אין שטעטל

(בילד)

צונטער־רויט גייט אויף די זון
און צינדט־אָן דעם הימל;
רוט דאָס קליינע שטעטעלע
איינגעהילט אין דרימל.

לענגער, דוכט זיך, איז די גאַס,
און די הייזער קלענער...
הייזעריק, פאַרשלאָפענע,
קרייען ערגעץ הענער.

און וואו־ערגעץ סקריפנדיק
עפנט זיך אַ טויער,
גענעצנדיק גייט אַרויס
אויף דער גאַס אַ פּויער.

טרו־טרו־טרו! דער פּאַסטעך קומט
בלאָזנדיק אין האָרן,
איז די שלאָפנדיקע גאַס
אויפגעלעבט געוואָרן.

גייען בהמות שווין אין פעלד,
וואַרפן מיט די עקן,
טרייבט אַ יידענע איר ציג
מיט אַ לאַנגן שטעקן.

גייט אַ פויערטע צום טייך
אָנפילן די עמער,
גייט אַ ייד אין שול אַריין,
און אין קראָם — דער קרעמער.

# פריילינגדיק

זייט דער אַלטער רב רחמיאל
מערן, אוגערקעס און מאָן, —
און אַרום אויף פעלד און גאָרטן
גייט די זעלבע אַרבעט אָן.
לייקן איך ניט — כ׳בין דעם אַלטן
שטאַרק מקנא וואָס ער זייט,
ווייל זיין אַרבעט די געבענטשטע
ברענגט דאָך אונדז אַזוי פיל פרייד!

מערן־צימעס אויף יום־טובים,
מאָן אויף פורים זיס און פיין,
און אָן אוגערקעס געזייערט
גייט ניט דער לחיים איין!

קוק איך ווי מען זייט, מען בראָנעט
און מען האַרעוועט אין פעלד:
ווייץ און קאָרן, פלאַקס און גריקע —
ברויט און שפע פאַר דער וועלט!

שאַ — אַ פויגל הייבט־אָן זינגען!
ווער איך שטאָלץ — איך זינג דאָך אויך...
און געוויס וועט מען דאָך שמייכלען
צו דעם זינגער אין דער הויך!

קוק איך זיך אַרום בגנבה —
ווייס איך וואָס! ווער הערט אים גאָר!
זינגט אַ פויגל? זאָל ער זינגען,
קיינעם אַרט דאָס ניט אַ האָר.

אָבער אויך דעם פויגל אַרט ניט
צי מען הערט אים אָדער ניט...
האָט זיך אויך ביי מיר דערווייל
דאָ אַרויסגעכאַפּט אַ ליד.

# פאַר־פּסחדיקע טעג

אין טומל פון די שטעט, אין ווילד־געלויף פון יאָרן
אין אונדזער שטענדיקן טאָג־טעגלעכן געיעג,
פאַרבלייבט נאָך אַזוי פריש און ליכטיק אין זכרון,
די פרילינגדיקע פרייד פון די פאַר־פּסח־טעג.

די ליבע היימישקייט, די קינדער אין די גאַסן,
די שוואַלבן און די טויבן, דאָס לעבן אומעטום,
די ריטשקעלעך, די שטראַלן אינעם לויפנדיקן וואַסער,
די שטיבעלעך די קליינע און די פרידלעכקייט אַרום.

די פרומע, פריידיקע פאַר־פּסחדיקע אַרבעט —
דאָס כשרן פון אַלץ וואָס קומט נאָר צו די הענט...
דאָס רייניקן און שאָבן, דאָס שייערן, דאָס פאַרבן —
די פּסחדיקע כלים, די אויסגעקאַלכטע ווענט...

דער אויפגעלעבטער מאַרק, די וועגענער די פּראָסטע,
מיט נייע כלים הילצערנע וואָס שמעקן וואַלדיק־פריש,
און די פאַרטאָגנעגע באַזאָרגטע באַלעבאָסטע,
וואָס דינגט ביים פויער אַן עמער צי אַ טיש.

אַט אַזוי־אַ פאַרביק ווי אַ רעגנבויגן,
שיינט־אויף דאָס יידיש שטעטל מיטן גאַנצן חן...
און ס'פאַלט אַ טרער אַ ביטערע, אַ שווערע, פון די אויגן
אויף דעם פאַרוויסטן לעבן, און אויף זיך אַליין.

## צוויי טויבן

צוויי טויבן פון אויבן ביי מיר אונטער דאַך, —
איך הער ווי זיי וואָרקען אין מיטן דער נאַכט.

איך פיל זייער צאַרטקייט דורך שטיינערנע הענט,
אַזוי ווי דאָס גלעטן פון קינדישע הענט.

אוי, טייבעלעך ליבע, ניט וואָרקעט אַזוי !...
איר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַן עלנטע פרוי.

## אַ נאַכט אין דאָרף

בערג פאַרחלומטע ; הייזלעך שלאָפנדיק
זאָפּן איין די רו פון נאַכט ;
עפּעס האָט אין מיר אַ האָפענונג
אין דער טיפעניש דערוואַכט.

אַלץ וואָס האָט מיר אַזוי וויי געטאָן
איז פאַרשוואונדן ווי אַ ווינט...
שאַ ! אַ האָן האָט וואו אַ קריי געטאָן.
און צעוויינט האָט זיך אַ קינד.

## אַ שטעטלדיקער בית־עולם

שטייען אַלטע בוימער שווייגנדיק
אין מצבות ציילן גלייך;
אונטער באַרג, וואו־ערגעץ איילנדיק,
ציט אין ווייטעניש דער טייך.

און פון אויבן, ווי אַ בלייענער,
הענגט דער הימל גרוי און קאַלט,
און אַ מחנה קראָען שרייענדיק
דרייט זיך אום ביים ברעג פון וואַלד.

## צו מיין שטעטל

שטעטל מיין, געענדערט
האָסטו זיך אצינד,
אויך האָט זיך געענדערט
דיין פאַרוואָגלט קינד...

נאָר ניט אומגעביטן
האָט זיך דאָס געפיל,
און נאָך דיר, מיין שטעטל,
בענק איך אין דער שטיל.

און פון דיר, מיין שטעטל,
טרוים איך אָפט און טראַכט,
אין די שטילע שעהן
פון דער מיטן נאַכט.

# אַ גרוס פון דער היים

.....„און איצטער איז ביי אונדז שוין גאַנץ נישקשה,
מישטיינס געזאָגט — זאָל גאָט ניט שטראָפן פאַר די זינד...
געדענקסט דאָך נאָך מסתמא רייכל דוואָשעס,
איז זי אין שטאָט די גאַנצע פירערין אַצינד.

מיין גדליהס עלטסטער יינגל זלמן נח
איז איצט אין מאָסקווע אַ הויכער קאָמיסאַר.
דער בחור, טאַקע, האָט אַ שאַרפן מח,
אַ גרויסער קענער און שוין טאַקע ניט קיין נאַר, —

נאָר ווי קומט ער צו ווערן אַ מיניסטער,
דערצו אַ ייד נאָך... ס'האָט אונדז צרות דען געפעלט!
און רייד מיט זיי — צעלאַכט מען זיך... אַז איצטער
געוואָרן זיינען יינגלעך פירער פון דער וועלט.

און אַלץ ביי אונדז איז אַנדערש גאָר געוואָרן,
דו וואָלסט געוויים גאָר אונדזער פירונג ניט דערקענט;
פון געלט און יחוס שוין אַוועק די יאָרן,
אַ יחוס איז אַצינד פאַרהאָרעוועטע הענט.

אַט האָט מען איצטער יידן לאַנד געגעבן;
אין קרים די בעסטע ערד — מיט וויינטרויבן און וויין,
און וואו די גרעסטע פּריצים פלעגן לעבן
וועט אפשר נאָך אַ יידישע מלוכה זיין...

דערווייל האָבן יידן איצט אַ גרויסע דעה,
כאָטש אונדזער יונגער דור פון יידישקייט איז ווייט.
זיי פירן ניט אַזוי ווי מיר פאַרשטייען,
און צו פיל היציק זיינען זיי, די יונגעלייט, —

דאָך וועלן זיי די וועלט ניט איבערקערן
און איינשטעלן דעם סדר פונקט ווי זיי געפעלט;
זיי וועלן נאָר אַ ביסל עלטערן ווערן, —
און ייד וועט בלייבן ייד און וועלט וועט בלייבן וועלט"...

# פאָלקס־מאָטיוון

## מיידעלע, מיידעלע

— מיידעלע, מיידעלע!
וואָס שטייסטו דאָ אַליין?
— איך שטיי דאָ אַליין,
איך וויל אין שטוב ניט גיין.

— מיידעלע, מיידעלע!
קום מיט מיר צוזאַמען!
— גיין מיט דיר צוזאַמען
לאָזט ניט די מאַמע.

— מיידעלע, מיידעלע!
וואָס וואָלטסטו געוואָלט?
— איך וואָלט געוואָלט
אַ רינגעלע פון גאָלד.

— ווילסטו אפשר, מיידעלע,
אַ רינגעלע פון זילבער?
— אַ רינגעלע פון זילבער
איז מיר נאָך ליבער...

# אַ ליד

זינגט אַ פֿייגעלע פֿאַרטראַכט,
זינגט פֿון זיינע ליידן;
היינט ביינאַכט, אוי היינט ביינאַכט
וועלן מיר זיך שיידן.

מאָרגן וועט אַן אַנדערער
קושן זי און גלעטן...
העלף מיר, פֿויגל־וואַנדערער,
גאָט פֿאַר איר צו בעטן.

# רינט אַראָפּ אַ וואַסערל

רינט אַראָפּ אַ וואַסערל
פֿון דעם באַרג אַראָפּ,
בלייב ניט זיצן, מיידעלע,
ביזן גרויען צאָפּ!

רינט און רינט דאָס וואַסערל,
פּלעכט זיך אין דער קרים, —
וועסט די אויגן אויסוויינען
וואַרטנדיק אויף אים...

צייטיק ווערט דאָס עפּעלע,
פֿאַלט דאָס אויף דער ערד, —
ווער עס וועט דיר אויספֿאַלן,
יענער איז באַשערט.

רינט און רינט דאָס וואַסערל
פֿון דעם באַרג אַראָפּ,
בלייב ניט זיצן, מיידעלע,
ביזן גרויען צאָפּ.

# לעבן טייכל

לעבן טייכל שטייט אַ ווערבע
שטייט אַ ווערבע אַ פאַרנייגטע,
אונטער ווערבע שטייט אַ מיידל,
שטייט אַ מיידל אַ פאַרבענקטע.
פאַלט אַראָפּ אַ בלאַט פון ווערבע,
זינגט אַ טרויער־ליד דאָס מיידל:

„שווים זשע, שווים, מיין גרינעם בלעטל
ווייט אַהין אין יענע לענדער —
ווייט אַהין אין יענע לענדער —
וואו מיין ליבער איז פאַרשוואונדן.
ברענג אַ גרוס אים פון זיין כלה
און פאַרצייל אים אירעליידן.

„וועסט אים טרעפן מיט אַ צווייטער —
זאָלסטו אויך מיט אַלע בלומען
צו דער חופּה אים באַגלייטן.
ער זאָל וויסן, אַז איך ווינטש אים
ער זאָל גליקלעך זיין מיט יענער —
מיט זיין פרייד בין איך צופרידן...

„וועסט אים טרעפן קראַנק, פאַרוואָגלט —
זאָלסטו פאַלן אים צוקאָפּנס,
ער זאָל וויסן — אַז ער איז מיר
גלייך ווי פריער ליב און טייער,
אַז איך וואַרט דאָ יעדן אָוונט
ביי דער ווערבע נעבן טייכל.

„וועסטו טרעפן אים אַ טויטן —
זאָלסט זיך לייגן אויף זיין קבר
מיט מיין הייסער טרער צוזאַמען.
זאָלסט ניט געל ווערן, ניט וועלקן —
ער זאָל וויסן, אַז איך וועל אים
קיינמאָל, קיינמאָל ניט פאַרגעסן...

# פאַלן בלעטעלעך

פאַלן בלעטעלעך פונעם בוים אַראָפּ —
פאַרבלייבן הויל די צווייגן.
מיינע אויגעלעך האָב איך אויסגעוויינט —
און כ׳קאָן נאָך אַלץ ניט שווייגן.

זיבן קנוילכעלעך האָב איך אויסגעשפּינט,
דעם אַכטן ניט דערשפּונען;
זיבן בריוועלעך האָב איך אים געשיקט,
און ער איז ניט געקומען.

כ׳האָב אים אומגעזוכט, כ׳האָב אים אומגעזוכט
אויף אַלע ברייטע וועגן,
כ׳האָב ביי יעדן זיך אויף אים נאָכגעפרעגט
און ניט געקאָנט דערפרעגן.

האָט אַ וואָלקן שוואַרץ, איצט מיין העלע זון
אין מיטן טאָג פאַרצויגן,
ווי אַ חלום שנעל אין דער מיטן נאַכט
איז מיין גליק פאַרפלויגן.

# וואַקסט אַ בוימעלע

וואַקסט אַ בוימעלע אין גאָרטן,
זיצט אויף אים אַ שוואַרצע קראָ.
— מיד בין איך פון שווערן לעבן
און קיין אויסוועג איז ניטאָ.

אויף די פעלדער בליען בלומען,
פייגל פליען דאָרטן אום;
האָסט מיין האַרץ אין מיר צעריסן,
איצט וועלקט עס ווי אַ בלום.

שלאָגט אַ פליג זיך אָן די שויבן,
קען פון צימער ניט אַרויס.
אָן אַ פריינד, באַטריבט און עלנט
וועל איך אויסגיין דאָ אין הויז...

# אין ניו־יאָרק

**א**

גרויסע שטאָט, דו ביזט אין מיר!
ווי די עקדישן, די תאוות וואַכן ביי דער טיר
און אין מאַרק, אין שטויב אָרום
טויבן צאַרטע, שטיל און פרום
ווייסע טויבן
אין די שטויבן.

**ב**

האָבן מענטשן זיך פאַרמערט
אויף דער ערד, —
האָבן זיי די וועלט פאַרצאַמט.
ווערט פון זייער ווי דער בלויער הימל הויך,
איינגעהילט אין וואָלקנס שוואַרצן רויך.
תאוות האָבן זייער בלוט פאַרסמט,
און דער גער
פון פאַרשייטער גאַס
האָט באַדעקט די לייבער זייערע מיט קרעץ,
און די הערצער דורכגעברענט מיט האַס.

**ג**

ווי מיט אויסגעשטרעקטע צינגער הינט,
שטייען מענטשן אויף די ראָגן;
זייערע פאַרשייטע בליקן קלאָגן!
זייער שמייכל פון אַ קראַנקן קינד
ווערט צעשוואומען אין דער נאַכט...
און די אומרו, ווי אַ שטורעם־ווינט,
הערט ניט אויף צו יאָגן
אין דער נאַכט.

**ד**

נאַכט דו נאַכט פון גרויסער שטאָט!
ברענען מענטשנס הערצער אופן פייער פון
דער נאַכט.
און אין הימל גאָט
הערט זיך צו, אַ מידער, ווי דער משחית לאַכט...

## ח

אין די גאַסן פון דער גרויסער שטאָט
מענטשן פרייען זיך,
טאַנצן, דרייען זיך
ביז עס רויבט אַוועק דער טויט
זייער אויסגעוויינטע פרייד.
טאַנצן לוסט און טויט אַ קאַראַהאָר
אין די גאַסן פון דער גרויסער שטאָט,
בענקען הערצער, שיינען אויגן
און מיט שווערן פיין באַצויגן
אָטעמט ברענענדיק די נאַכט.

# עלנט

לאנג געשטאַנען ביי מיין טיר
בין איך איינמאָל שפּעט ביינאַכט
האָט אַ קעצעלע, פאַרשמאַכט,
צוגעשאַרט זיך שטיל צו מיר.

טיף, געהיים און פול מיט שרעק
האָט איר ווילדער בליק געברענט.
כ׳האָב מיין עלנטקייט דערקענט,
און בין שנעל פון טיר אַוועק.

# פאָרשפּיל

ווער עס בענקט,
ווער עס קלאָגט.
ווער עס טרויערט,
ווער עס לאַכט —
נאָר מען ברענגט
וואָס מען טראָגט...
— ביז דער נאַכט —
צו דעם טויט.

וואָס איך בין
בין איך ניט;
נעמט מיך מיט,
גוטע לייט,
ערגעץ ווייט,
ווייט אַהין...

ווייַן אַ קריגל
יאוש-פליגל
פּאַכן דאָ!
און מען וואַכט —
אַלץ אַליין...
און מען לאַכט
אַלץ אַליין,
און מען טראַכט
נאָר פון זיך...
און אין האַרצן —
איך און איך.
דאָך — אַליין
אומעטום,
ווי אַ שטיין
אומעטום...

ווײ און ווײ!
איך פֿאַרשטײ,
אַז דער סוף
וועט זײן שווער,
אַז די שטראָף —
וועט זײן שווער.

אוי, נײן, נײן!
כ'וויל ניט גײן
פֿאַר דער צײט,
כ'וויל ניט גײן
אָן אַ צײט.
אין מײן ברוסט
ימען פֿיל, פֿון
גאָר די וועלט!...
נאָר איך פֿיל
שוין די קעלט
און די טריט
פֿון דעם טויט...
זײנע טריט
זײנען רויט,
זײנע טריט
הערט מען ניט;
אין דעם שפּיץ
פֿון זײן שווערד
טוט אַ בליץ
מיר די ערד.

שטילערהײט
קומט ער צו,
הימל־פֿרײד
זאָגט ער צו:

„דאָ איז שרעק,
דאָ איז קעלט —
גיי אוועק
פון דער וועלט;
קום מיט מיר.
דאָ ביי מיר
אָפן ברייט
איז דיין טיר,
יעדער גייט
און געפינט
די חלומות
וואָס ער שפינט.

קום אריין,
ס'איז מיין פּאַלאַץ
פול מיט שיין,
פון ניט־זיין".

אויפגעוואכט,
אויפגעוואכט!
שפּילט כלי־זמרים
אין דער נאכט!
שפּילט כלי־זמרים
אין געוויין!
נאָך א טאָג,
נאָך א טאָג —
דארף מען גיין,
מוז מען גיין.

ווײַן אַ קריגל
גיט מען דאָ?
יאוש־פליגל
פּאָכן דאָ!...

און דערווײַל
אויף אַ ווײַל
פרײ איך זיך,
דרײ איך זיך,
און פאַרגײ
אַט אַזוי
אין געדרײ
און אין גלאַנץ
פון דעם טאַנץ.

# דער כינעזער

אומעטיק איז היינט טשאַנג־לי!
ער האָט היינט צום ערשטן מאָל
טשי־פּאַ־יו פון נאָענטן געזען;
ווי אַ דינער גראָז פון פייער־אָטעם
האָט די שיינע טשי־פּאַ־יו
שטיל דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן פון זיין בליק, —
און מיט שנעלע קליינע טריט פון אים אַוועק;
זיצט ביים וואַסער איצט טשאַנג־לי און בענקט.

אומעטיק איז היינט טשאַנג־לי!
ער האָט איינגעוועבט זיין פרייד
אין די פייערדיקע קווייטן פון דעם זייד,
וואָס ער האָט דורך לאַנגע טעג געוועבט
פאַר דער שיינער טשי־פּאַ־יו...
גאַנגען קלינגען היינט אין גאַס
וואו עס וואוינט די שיינע טשי־פּאַ־יו!
חתונה־לאַמטערנעס
ברענען, פאַרביקע, אַרום איר הויז!
און אַ שוואַרצער פייער
ברענט אין הארצן פון טשאַנג־לי!...

אומעטיק איז היינט טשאַנג־לי...
אַלץ האָט ער פאַרקויפט,
אַלץ האָט ער אַוועקגעגעבן פאַר דעם רויך,
וואָס פאַרוויגט אים אין די אָרעמס
פון דער שיינער טשי־פּאַ־יו...
גייט ער אום, אַ שאַרבן, דורך די נעכט...
און אין זיינע מידע וועלקנדיקע אויגן,
און אַרום די ווינקלען
פון זיין אָפּגעבליטן מויל,
ציטערט דער באַגער, די בענקעניש, נאָך רויך.

## לי־כון־סינג

לי־כון־סינג איז געווען אַ קולי,
לי־כון־סינג האָט פאַרקויפט זיינע טעג
פאַר די עטלעכע שעהן פון אָוונט,
ווען די זון פלעגט שוין נעמען פאַרגיין.

און פאַרנאַכט, דורך די רווישיקע גאַסן,
אויפן פעלד פלעגט אַרוים לי־כון־סינג,
צו באַקוקן זיין פאַלאַץ דעם בלויען
און די גילדערנע קרוין פון דער ערד.

און אַזוי אונטער בוים ביי דעם וואַסער
פלעגט ער זיצן ביז שפעט נאָך פאַרגאַנג;
לי־כון־סינג איז געווען אַ קולי,
לי־כון־סינג האָט פאַרקויפט זיינע טעג...

## אין גרינוויטש ווילעדזש

זיצט זיך יעדער אין זיין ווינקל
זוכט דעם אומזין צו פאַרשטיין.
טונקל ברענט אין רויך די ליכט;
גיבן אויגן ווען אַ פינקל,
גיט אַ שמייכל אַ געזיכט —
איינצוהאַלטן דאָס געוויין...
רגעם לויפן, רגעם שווימען —
און מיט טויזנט הויכע שטימען
שרייט דאָס האַרץ אין מיר: אַליין!...

זאָל איך זיך צו וועמען ווענדן,
זאָל איך זיך צו וועמען קערן,
ניט מיט טרערן —
טרערן בלענדן,
טרערן פרייען,
נאָר מיט ווילדע ווי־געשרייען,
וועלכע שטומען ערגעץ טיף, —
און פון וועלכע קיינער האָט ניט,
קיינער האָט ניט קיין באַגריף...

# אומשולד

זי איז שעהן לאנג געשטאנען ביי דער וואנט,
מיך דערזען און אָנגענומען ביי דער האנט.

און אין אירע אויגן, קוואלן פול מיט זינד,
האָט געצאַפּלט זיך די אומשולד פון אַ קינד.

אירע ליפּן האָבן עפּעס מיר געזאָגט,
נאָר איר שטומער הפקר־שמייכל האָט געקלאָגט.

# זי

זי גייט פאַרביי —
די זינד מיט גוף באַצויגן;
זי שמייכלט פריי
און האלדזט מיך מיט די אויגן.

זי שטעלט זיך אָפּ —
די טומאה אויפן שטערן;
איך בייג מיין קאָפּ,
באַהאַלטנדיק די טרערן...

# אין אַ נעפּלדיקן אָוונט

לאַמטערנשיין אויף פּייכטן גלאַנציקן אַספּאַלט,
און געלע פּייערלעך אין נעפּלדיקע קנוילן;
דער הימל איז אין גרויקייט אויבן־וואו פאַרהוילן,
און קוים, ווי פון אַ זיפּ, אַ דינער רעגן פּאַלט.

עס אָטעמט שווער די שטאָט! אַ מידקייט באַפאַלט
די פייכטע מויערן, די בריקן און די גאַסן;
און זייער חלום שיינט אין לויכטנדיקע פּאַסן
פון דעם לאַמטערנשיין אויף גלאַנציקן אַספּאַלט.

און דורך דעם ווייכן נעפּלדיקן שלייער שטראַלט
אַ ליכטיקייט צעפּיצלט אויף מיליאָנען אויגן.
חלומות פון די שטיינער! זון און רעגנבויגן
אין דעם לאַמטערנשיין אויף גלאַנציקן אַספּאַלט...

## עטיוד

פענצטער זיינען ברייט געווען צעעפנט
און געבעטן האָט מען מיך אריין, —
אפשר וועל איך דאָרט מיין ווייטע טרעפן,
אפשר וועט זי דאָרטן זיין...

האָט אַן אַלטער מאַן געשפּילט פּאַראומערט,
פאַרלעך האָבן זיך געדרייט געשווינד, —
ווי עס דרייען זיך אין לופט סוף זומער
געלע בלעטער אויפן ווינט.

מיט געקויפטן רייץ און לוסט באוואָפנט,
האָט אַ פרוי אַ שמייכל מיר געשענקט.
דאָס איז זי געווען... איך האָב געטראָפן
די נאָך וועמען כ'האָב געבענקט.

האָט מיין בלוט פאַר פרייד און האַס געשטורעמט
און דאָס האַרץ געקלאָגט אין שטילן צער...
און דער מזל פון זיין הויכן טורעם
האָט געשמייכלט ווי אַ נאַר.

# אימפרעסיעס

## א

גייען אום,
מענטשן שטום,
גייען אום,
גייען אום.

אין דער ווייט
אַן אַ צייט,
אַן אַ צייט,
אין דער ווייט.

קוקן קרום
אומעטום,
אומעטום,
אומעטום.

מיטאַמאָל
לאַכט מען הויך,
אַן אַ קול,
לאַכט מען הויך.

נעמט מיך מיט,
נעמט מיך מיט!...
און, אויב ניט,
זאָל זיין ניט.

ב

רעגענען די הימלען,
און די שטיינער שימלען,
די לאמטערנעס־קנוילן
שוידערן און גרוילן.

פון דער ווייט אנטקעגן,
מענטשן אויף די וועגן,
קעפ אין צער געבויגן,
אומעט אין די אויגן.

פארלעך, ענג־געארעמט,
עלנט, ניט דערוואַרעמט...
די לבנה אויבן
קוקט און וויל ניט גלויבן.

שיינט זי אין א בלויקייט
דורך דער טריבער גרויקייט...
פארלעך ענג־געארעמט —
עלנט, ניט דערוואַרעמט.

ג

זינגט די זינד
אין דער נאכט,
וואיען הינט
אין דער נאכט,
בליט די פרייד
שטילערהייט
אין דער נאכט...

ד

לויכט די ליבשאַפט אויפן וועג,
גייט אַרוים אין טאַנץ;
אין דעם שימל פון די טעג
טונקל ווערט דער גלאַנץ.

פייער, פייער שטראָמט פון באַרג
מיט געדויש אין טאָל;
אויף דעם וויסטן אַלטן מאַרק
דומפּיק ווערט דער קול.

שוימט דער ים און שלאָגט און ברומט
זוכט פון תהום דעם סוד, —
שטיל פאַרגייט דער טאָג וואָס קומט
אויף דער טויטער שטאָט.

ה

ווייסע פענצטער, שוואַרצע נאַכט, —
ווער האָט מיך אַהער געבראַכט?

פרעמד און מאָדנע אַלץ אַרום,
ווענט און שטיינער אומעטום...

שטאָל און שטיינער — אַזוי שווער!
ווער האָט מיך געבראַכט אַהער?

ו

מענטשן, האלבע אידיאָטן,
יעדער איינער אויף זיין פּלאַץ,
דער אַ מויז און דער אַ קאַץ.

ווער־מען וועט דער שפּיל געראָטן?
הילכט דאָס פּייקל, קלינגט דער טאַץ,
שטאַרבט אַ בלימל אין אַ לאַץ.

קליפּ, קלאַפּ, באַלד פאַרשאָטן,
ניט קיין מויז און ניט קיין קאַץ,
מאַכט אַ וואָרע, מאַכט אַ פּלאַץ!

מענטשן האַלבע אידיאָטן...

ז

פון מיין האַרץ די בלינדע שלאַנגען
וואָלט איך אויסרייסן געוואָלט!
און אַרומגיין מיט געזאַנגען
אין דעם ים פון זון און גאָלד.

נאָר מיט מויערן מיט הויכע
איז פאַרצאַמט די גרויסע שטאָט,
שאָטנס אויסגעצערטע, בלייכע,
שאַרן זיך אויף יעדן טראָט.

יאָגן, טראָגן זיך קאַרעטן, —
מענטשנס שווייס און מענטשנס בלוט, —
און פון ערגעץ פּאָכט דער שטן
מיט דער פייערדיקער רוט.

ח

מענטשן בייזע, מענטשן שטילע,
יענער שילט און דער טוט תּפילה, —
נאָר מען היט אין זיך דעם סוד,
יעדער איינער היט זיין סוד...
טראָגט מען אויפן הארצן שטיינער,
נאָר עס זאָל ניט וויסן קיינער.

ט

פייערן, פייערן,
מורא און מאַכט,
פייערן פייערן,
שוים פון דער נאַכט.

רויטע, פאַרבלוטיקטע —
אויגן פון שרעק,
גרינע און פריילעכע —
פריי איז דער וועג!

גיסן זיך פייערן
פאַרביק, געשווינד,
פייערן, פייערן,
אויגן פון זינד!

## ליכטיקע טורעמס

עס הויבן זיך ליכטיקע טורעמס
און מויערן גאָר אָן אַ צאָל
וואו ס׳פלעגן די נאַכטיקע שטורעמס
און ווינטן זיך יאָגן אַמאָל.

דאָ ליגט איצט דער ים אַ פאַרצוימטער
און שלאָגט זיך אָן אייזערנע ווענט...
געזיגט האָבן מענטשלעכע טרוימען
און גבורה פון מענטשלעכע הענט.

און וואו ס׳פלעגן נאַכטיקע שטורעמס,
און ווינטן זיך יאָגן אַמאָל, —
זיך הויבן איצט ליכטיקע טורעמס
און מויערן גאָר אָן אַ צאָל.

## אין שענק

אַזויפיל מענטשן ביי די טישן,
אַזויפיל רויטקייט אין דעם וויין!
איך וויל מיין וויי מיט וויין צעמישן, —
נאָר איך קאָן ניט שיכור זיין.

אַ צער... אַזוינע מאָדנע מענטשן!
דער—זינגט, דער—וויינט ביים גלעזל וויין...
דעם גרויסן יאוש וויל איך בענטשן, —
נאָר איך קאָן ניט שיכור זיין.

# מיין באַגלייטער

אַ נאַכט בין איך פון גאַס צו גאַס אַרומגעלאָפן,
און אומעטום האָב איך דעם בלייכן שרעק געטראָפן;
געקוקט האָט ער אויף מיר פון אַלע בלינדע ווענט,
און אויסגעשטרעקט צו מיר די קלעפיק־קאַלטע הענט.

איך האָב פון אים אין ערגעץ ניט געקאָנט אַנטלויפן —
ער האָט מיך נאָכגעיאָגט דורך גאַסן, מערק און הויפן;
גענומען האָב איך שרייען אימהדיק און ווילד,
האָב איך זיין שווערן אָטעם אויף מיין האַלדז דערפילט.

אַ וואָרף געטאָן זיך האָב איך אויף דער ערד אַ מידער,
האָב איך אים באַלד דערפילט אין אַלע מיינע גלידער;
זיך אויפגעהויבן האָב איך, און אין פעלד אַוועק —
נאָר נאָכגעגאַנגען שטום איז הינטער מיר דער שרעק.

און ווען דער מזרח האָט גענומען ווערן רויטער,
האָב איך דערזען דאָס בלאַס געזיכט פון מיין באַגלייטער
און אויפן אָרט, צעמישט, בין איך געבליבן שטיין:
דערקענט אין מיין באַגלייטער האָב איך זיך אַליין.

# סודותדיקע שעהן

סודותדיקע שעהן פון דער מיטן־נאַכט
האָבן מיך גערופן, פון דער ווייט געבראַכט.

בילדער און געשטאַלטן פון דער ווייטער היים
דורכגעשוואומען זיינען פאַר מיין בליק געהיים.

אין די טיפע וועלדער איז אַ שטראַל אַריין,
האָבן אויפגעשימערט פליטערלעך פון שיין...

און דער פאַוועס פעדער מיט אַ גילד'נעם ראַנד
האָב איך היינט געפונען אין דעם פרעמדן לאַנד.

# דער אַלטער פּאַרמער

היינט וועט זיין אַ שיינער טאָג,
טוט דער אַלטער ראַי אַ זאָג.
ער האָט זיך, אַזוי ווי אַלע טאָג,
אויפגעכאַפּט דער ערשטער, און אַרוים אין הויף.
מיט אַ טומל און געלויף
רינגלען אים אַרום די עופות,
רייסן זיך און שטופּן זיך — אַ גוואַלד!
גיט ער זיי אַ וואָרף דאָרט קערענער אַ הויפן,
און באַטראַכט דעם פּלויט וואָס ווערט שוין אַלט.

היינט וועט זיין אַ פיינער טאָג צו שניידן היי,
טראַכט דער אַלטער ראַי, און שאָקלט מיטן קאָפּ,
עך, ווען איך וואָלט יינגער נאָר געווען!...
ער טרייבט אָפּ דעם הונט, וואָס טרעט פון אים ניט אָפּ,
און ער לאָזט זיך גיין דעם גאָרטן זען.

און אין שטוב איז מען שוין אויף דערווייל.
ס'עפנט זיך און מאַכט זיך צו די טיר,
קינדער לאַכן הילכיק, וואַשן זיך און איילן,
און די פרויען, — טעכטער, שניר, —
גרייטן אָנבייסן שוין צו.

אין די שטאַלן גייט שוין אויך די אַרבעט אָן:
רוישנדיק און פריילעך
שטראָמט דאָס שוימעוודיקע מילך אין עמערס,
און די בהמות קייען זיך מיושבדיק, פּאַמעלעך.
אויפן האַלדז ביי איינער, אַ בכבודיקער קו,
קלינגט אַ בלעכן גלעקל צו.
אָנבייסן שוין פּאַרטיק. זיצן אַלע שוין ביים טיש,
און דער אַלטער ראַי, ווי שטענדיק אויבן אָן,
עסט ניט-איילנדיק זיין אָנבייסן,
און זאָגט אָן די קינדער וואָס צו טאָן.

נאָכן עסן. ווער אין פעלד, און ווער אין וואַלד. באַלד
איינגעשטילט ווערט שוין די הויז איינגאַנצן.
און דער אַלטער שמייכלט — ווי זיין בייבי־דזשים,
איצט אַ יונג, אַ דעמב, פון אַ יאָר צוויי און צוואַנציק,
נעמט די פולע קאַנען מילך אין פאַכט אריין.

שיינע טעג,
טראַכט דער אַלטער, זייער שיינע!
און ער זעצט זיך אויפן ברייטן גאַניק שטיל אַוועק,
אויפצונעמען די גוטמאָרגנס פון די שכנים
און באַגריסן דורכפאָרער אין וועג...

## אין די נעכט

אין די נעכט, אין די צעשוואומענע און פייכטע,
ווען פון נעפּל ווערט פאַרשלונגען יעדער טראַט,
דאַמאָלסט גיי איך אויף די וועגן פון געווייכטע,
דאַמאָלסט בין איך מיט דעם אָפּפאַל פון דער שטאָט.

ניט מיט פויסטן, ניט מיט נעגל און מיט ציינער,
נאָר מיט ווערטער ווערט דער ווילדסטער באַזיגט.
וואָלט נאָר קומען דער געלייטערטער, דער ריינער,
וואָלט ער אַלעמען געהייליקט און באַגליקט.

נאָר דערווײַלע וואַקסט דער גאָרנישט און צעשפּרייט זיך,
ווי דער שווידער אין אַ לאַנג-פאַרלאָזטן הויז,
וואו אַ קינד הייבט אָן צו וויינען און פאַרגייט זיך
ביי זיין שטאַרבנדיקער מוטער אויפן שויס...

## דורך רוישיקע גאַסן

דורך רוישיקע גאַסן באַלויכטע
שפּאַציר איך אַמאָל און איך טראַכט,
פון שויבן פון פראָסט אָנגעהויכטע,
וואָס קוקן אַרויס אין דער נאַכט.

עס גיסן זיך פייערן קאַלטע...
און פלוצלונג — אין מיטן בראָדוויי,
דערזע איך גאָר שטיבעלעך אַלטע,
מיין שטעטל פאַרשאָטן אין שניי...

און אָט איז דער טייך און דאָס בריקל,
אַ פויער, אַ פערדל, אַ הויז, —
בראָדוויי מיט די טויזנטער בליקן,
ווי נאַריש און קליין דו זעסט אויס!...

# צו די בייזע נביאים

אין הארצלאָזיקער שטאָט, אין תהום פון מענטשנס עלנט,
אויף גאַסן וואו דער הפקר האָט זיין האַנט פאַרשפּרייט,
אין שטיבלעך וואו דער דלות לויערט ביי די שוועלן —
איז דאָ אַזויפיל גוטסקייט און אַזויפיל פרייד!

און שרעקט אונדז ניט מיט ווערטער אויסגעטראַכטע, בייזע, —
די וועלט וועט אומקומען פון רשעות און פון פּיין!...
ס'איז אונדזער שיינע וועלט! מען דאַרף זי ניט דערלייזן,
בלויז בלינדע זעען ניט איר וואונדערלעכן שיין!

פאַר יעדן גייט דאָך אָן דער יום-טוב פון דעם לעבן!
דאָס קאַרגסטע שטיקל ברויט איז אונדז געבענטשט און ליב...
און די חלומות שטענדיק פלאַטערן און שוועבן,
באַשיינענדיק די שעה וואָס איז אונדז שווער און טריב.

ס'איז אייך נאָר ליב „די בלום וואָס ווערט געטראָטן
אויף די וועגן", —
אַ טרער פאַרגיסט איר נאָר אויף דעם וואָס איז געוועזן...
אַ וועלט אַזאַ אַ שיינע שטייט פאַר אייך אַנטקעגן,
און איר, אין אייער רוגזה, ווילט איר ליכטיקייט ניט זען!

# אין פאַבריק

עס רוישן מאָטאָרן ווי בינען,
אין טומל — איז קוים וואָס מען הערט...
און אַרבעטער איבער מאַשינען,
ווי רייטער אויף שטאָלענע פערד.

עס יאָגן די פערד זיך און איילן,
נאָר ניט אין דער אָפענער ווייט...
דאָך האַסטיק פאַרשלינגען זיי מיילן
פון לייוונט, פון סאַמעט און זייד.

עס זיצן די מענטשן געבויגן
פון שרעקלעכן אימפעט געשפּאַנט,
און אָנגעשטרענגט זיינען די אויגן —
נאָר זיכער און פלינק איז די האַנט.

און ס'רוישן מאָטאָרן ווי בינען,
אין טומל — איז קוים וואָס מען הערט...
און אַרבעטער איבער מאַשינען
ווי רייטער אויף שטאָלענע פערד.

## דער קאַטערינשטשיק

איז אין דרויסן העל און ליכטיק,
צי ס׳איז קאַלט און נאַס, —
שטייט דער בלינדער קאַטערינשטשיק
שטענדיק אויף דער גאַס.

און ער דרייט און דרייט דאָס הענטל
שטונדן נאָכאַנאַנד,
כאָטש ס׳איז לאַנג זיין קאַטערינקע
שטום שוין ווי די וואַנט.

אויף זיין שטומער קאַטערינקע
שפּילט דער בלינדער מאַן...
אויף דער וועלט אַזוינע שפּילער
זיינען פיל פאַראַן.

## דער מסחר גייט

דער מסחר גייט! מען קויפט, מען בייט,
מען נעמט זיך שווערן, —
דו קוקסט און שמייכלסט פון דער ווייט,
דו ווילסט ניט שטערן.

אַ שטיקל בלעך, אַ ברעקל גלאָז, —
ס׳איז אַלץ אַ קרן!
מען נאַרט, מען שווינדלט... נו איז וואָס?
מען דאַרף ניט שטערן.

די דומע רייד, די פאַלשע רייד —
ס׳איז שווער צו הערן...
נאָר שווייגן מוז מען שטילערהייט
מען טאָר ניט שטערן.

# אַ שפּאַציר

דיין קאָפּ — אַ בלימל,
וואָס דרימלט
פאַרנאַכט אין שטילן טאָל.

גערעדט און ניט דערעדט — צערונען.
נאָר פעדים האָבן זיך געשפּונען...
און ס'האָט דער טאָג אין גרוי, פאַרטראַכט,
אַרויסגעשיילט זיך פון דער נאַכט.

אַלייען, הוילע צווייגן;
אין זייער שווייגן —
דער נאָכקלאַנג פון געוויין...
און דאָרטן אויף אַן אַלטן שטיין
געזעסןביידע און געקלערט —
באַשערט!

אָ, תהומען פון געפיל!
אַן אומעטיקער קוש אין שטערן,
און אין דער שטיל
דורך טרערן:
גאָט זאָל אונדז העלפן,
גאָט זאָל אונדז העלפן...

# אַ ראָמאַן

די לבנה שײַנט פֿון אויבן
פֿול און קײַלעכדיק, און גרויס;
קוקט ווי די פֿאַרליבטע פּאָרלעך
האַלדזן זיך בײַ יעדער הויז.

אויף די טרעפּלעך פֿון אַ קעלער
שפּילט זיך דאָ אַ ליבע אָפּ;
זי, דאָס קעצל, וויל ניט הערן,
אָבער ער — ער טרעט ניט אָפּ...

סטראַשעט זי אים מיט דער לאַפּקע,
טרײַבט אים מיט אַ בײַזער שטים,
נאָר עס גייט איר אוים דאָס חיות,
כאָטש זי בייזערט זיך אויף אים.

און פֿון ווײַטן נאָך אַ קעצל
קוקט ווי יענע ראָמאַנסירט...
איר האָט אויך דער פֿראַנט דער זעלבער
צוגעזאָגט, און האָט פֿאַרפֿירט.

## אויפן מאַרק

ביי אַ קויש מיט עפּל
זיצט אַן אַלטע פרוי.
זיצט אַן אַלטע פרוי,
אומעטיק אַזוי:
פיינע גוטע עפּל,
עפּל שיין און קלאָר,
עפּל שיין און קלאָר,
קויפט מען זיי ניט גאָר...

ביי אַ קויש מיט עפּל
זיצט אַן אַלטע פרוי.
זיצט אַן אַלטע פרוי,
האָפערדיק אַזוי:
עפּל צוגעפוילטע ביליק,
האַלב אַן געלט,
ביליק, האַלב אַן געלט,
קויפט מען און מען קוועלט.

## דער קעניג פון נאַטור

אָט זיצט דער קעניג פון נאַטור
און דרימלט אויף אַ באַנק.
ווי געל איז זיין געזיכט — ווייזט אויס,
דאָס הערשן מאַכט אים קראַנק...

און פון אַ קעשענע ביי אים
אַ ברויטל שטאַרצט אַרויס.
אַ גאַנץ גוט ברויטל, נאָר עטוואָס
צעפרעסן פון אַ מויז.

און נעבן אים אַ צייטונג ליגט —
געקראָגן גאָר אומזיסט:
דען אויפגעהויבן האָט ער זי
דערביי אין קאַסטן מיסט.

אַ ווינט, אַ רעגן — ס'מאַכט ניט אויס —
געוואוינט איז שוין צו קעלט
דער גרויסער קעניג פון נאַטור,
דער הערשער פון דער וועלט.

# די בעטלערין

כאַפּט זיך אויף די שטאָט די גרויסע,
ווייזט אַ מענטש זיך דאָ און דאָרט,
און די בעטלערין די אַלטע
גייט זיך זעצן אויף איר אָרט.

באַלד שוין וועלן פרומע יידן
אָנהויבן צו גיין אין שול, —
זעצט אַוועק זיך שנעל די אַלטע
אויף איר לייוועַנטענעם שטול.

אונטערן שטול — אַ פלעשל מילך
האָט זי פאַרזיכטיק געשטעלט.
און אין שוים האָט זי גענומען
גרייט דאָס טעלערל אויף געלט.

— „מילך אַ פלאַש... — מען קען נאָך זאָגן
איך פאַרגין זיך שוין צופיל”...
קוקט זי זיך אַרום מיט פאַרזיכט
און זי מורמלט אין דער שטיל.

„מילך! זיי מוזן אַלע מיינען,
אַז מיין אַרבעט איז אַ שפּאַס!
זאָלן זיי אַליין פּרובירן
בעטלען יאָרנלאַנג אין גאַס...

ס'איז ניט גרינג אַ טאָג אַ גאַנצן,
שעהן לאַנגע נאָכאַנאַנד —
צו פאַרבייגייענדע מענטשן
האַלטן אויסגעשטרעקט די האַנט...”

נאָר זי בלייבט אין מיטן ריידן;
דוכט זיך ס'גייט אַ מענטש פאַרביי, —
צו איר שטענדיקער געוואוינהייט
בלייבט די בעטלערין געטריי.

מעסט זי אױס דעם מאַן פֿון װײַטן,
נעמט ניט אָפּ איר בליק פֿון אים:
— גיט עפּעס אַן אַלטן מענטשן, —
גרילצט איר װײַנענדיקע שטים.

## אויף אַן אַרבעטער־בית־עולם

און װער דו ביזט, פֿאַרבײַגײער,
אַ װײַלע שטעל זיך צו:
דאָ עפֿענען זיך טױערן
פֿון אײביקײט און רו.

די רו איז דאָ אַן אײביקע,
פֿון קײנעם ניט געשטערט,
דאָ שלאָפֿן מידע אַרבעטער,
די בױער פֿון דער ערד.

# גאַסן

גאַסן, גאַסן —
וואו די זינד אין לופטן פלאַטערט,
גאַסן, גאַסן —
וואו דער הפקר בליט און מאַטערט.

גאַסן, גאַסן —
פייערשילדן גרינע, רויטע...
גאַסן, גאַסן —
וואו עס פאָרן זיך די טויטע.

גאַסן, גאַסן —
אויגן שימערן און גלאַנצן,
גאַסן, גאַסן —
וואו דער טויט מיט אומזין טאַנצן...

# דער בלינדער

מענטשן איילן צו דער אַרבעט,
אין די גאַסן — אַ יאַריד.
שטייט אַ בלינדער מאַן און בעטלט:
גיט עפּעס אַ בלינדן ייד!

גיט מען אים אין האַנט אַ פּעני —
הויבט ער ווידער אָן זיין ליד:
גרילצט אַזוי זיין טעמפּע שטימע:
„גיט עפּעס אַ בלינדן ייד!"

גייען מענטשן פון דער אַרבעט
אויסגעמאַטערט, בלייך און מיד—
און דער בלינדער ציט זיין לידל:
„גיט עפּעס אַ בלינדן ייד!"

# די ניי־געקומענע

אוי, ניט אזוי די פעדערן
ווי ס'פייגעלע אליין!
צום אפגרונט ציט דאך יעדערן,
ווי צו דער ערד דעם שטיין.

נאר זיי, די קלוגע, ראנדיקע,
ביים אפגרונט פון ניט־זיין,
זיי קוקן בלויז, פארשטאנדיקע,
אין טיפעניש אריין.

פון אומקום־פיין געלייטערטע,
געהייליקטע פון ראנד,
אנטלויפן זיי, דערוויטערטע,
געפירט פון בוראס האנט.

פון זען דאס אומבאנומענע
ווערט זייער צער פארצערט;
זיי פרייען, ניי־געקומענע,
די אומעטיקע ערד.

# דזשאז־נגונים

א געמיש פון ווינט און נערוון, —
קנויל זיך, לייב אין חיה־פרייד!
טענץ פון בייכער, טענץ פון שווערדן —
אויסגעקניפלט און פארדרייט.

קלאגט א יונגפרוי און פארגייט זיך —
פריילעך לאכט א צוויטער קלאנג...
טענער ווינקען, טענער רייצן,
טענער זינגען א געזאנג.

אויפגעשרויפט און אנגעצונדן!
לייבער אין באגער נאך פרייד.
אט צוזאמען, אט באזונדער,
אויסגעקניפלט און פארדרייט.

# אין טעאַטער

אויפן סצענע שרייט די פּרימאַדאָנע אומדערטרעגלעך
און דער ליבהאָבער פאַרברעכט אין אַנגסטן זיינע הענט.
ווי די גלאָמפּן, שטייען די סטאַטיסטן אומבאַוועגלעך —
און פון בושה ציטערן די לייוונטענע ווענט.

פּאָזעס אומגעלומפּערטע און פּנימער פאַרשמירטע,
וועגן וואָס עס האַנדלט זיך דאָרט ווייס מען ניט אויף קלאָר.
וויינען טאַטע־מאַמע און עס יאָמערט די פאַרפירטע,
נאָר אויף אַלע כלים נעבעך אַרבעט דער סופליאָר.

טאַנצן מיידלעך־באָבעס און זיי דרייען מיט די זייטן,
שמייכלען און באַווייזן זייער אָפּגעלעבטע פּראַכט.
פון אַ וויץ אַ פּעטן און אַ ווערטל אַ פאַרשייטן
קוועלט דער גאַנצער עולם, פרעגלט זיך און לאַכט.

# אַ ניו־יאָרקער באַלאַדע

גייט פון שאַפּ אַהיים אַ יידיש מיידל אויסגעפּוצט,
נאָך דער מאָדע נאָך, די פּאות גלאַטיק אויסגעלייגט,
ווי געהעריק אויסגעפּודרעוועט און אָנגעפאַרבט —
באַטש איר פּנים איז פון אַרבעט אויסגעווייקט.

געלאַקירטע שיך, און הענטשיקעס, און פוטערוואַרג,
און אויף דער פאַסטערקע רייכע פעדערן.
גייט זי פון אַפּטאַון אַזוי אַהיים דורך עסעקס־סטריט,
און באַקוקט מיט שטילער שטאָלצקייט יעדערן.

אויפן צווייטן ראָג צום פעדלער גייט זי פּאָרזיכטיק,
זוכט ווי דורכצוגיין די גאַס אין טריקעניש.
און זי קויפט ביי אים אַ זויער פעדטל אוגערקע:
„בעסער ווי מאַראַנצן! אַ דערקוויקעניש!“...

# אויף דער בריק

איך שטיי מיר אויף דער בריק פאַרטראַכט,
און קוק אין טייך אַריין,
ווי ס׳וויגן זיך די פייערלעך
פון שטאָט די שיין.

שפּאַצירן מענטשן הין און הער,
געקליידעט רייך און שיין.
מען איילט, מען טראַכט ניט וועגן מיר —
פאַרפרעמדט, אַליין...

איך האָב אַמאָל אין וואַלד ביינאַכט
געבלאָנדזשעט טיף אין שניי.
יע, עלנט בין איך דאָן געוועזן, —
נאָר ניט אַזוי...

מיין גלויבן האָט מיך דאָן געשטאַרקט:
כ׳וועל נאָר פון וואַלד אַרויס,
וועל איך דערזען אַ פייערל,
אַ וועג, אַ הויז.

דאָ פינקלען פייערן אַ סך,
קיין בייזע וועלף ניטאָ, —
נאָר בעסער איז מיר דאָן געוועזן
ווי איצטער דאָ.

נאָר אָט דערוואַך איך ווי פון שלאָף, —
איך פיל ביים האַנט אַ ריר;
אַ פאַרבנפלעק איז איר געזיכט:
— קום, קום מיט מיר...

— דו רופסט מיך? קום... נאָר גלויב, איך האָב
קיין גראָשן ניט ביי זיך...
אויך מיך האָט אָפּגענאַרט די שטאָט,
אַזוי ווי דיך.

זי גייט אַוועק... זי זידלט מיך...
זי קען מיך ניט פאַרשטיין...
איך בלייב מיר ווידער אויף דער בריק
אַליין, אַליין..

## טהענקסגיווינג

(מיט טיפער פאַרערונג צו אונדזער פרעזידענט
פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט געווידמעט)

פאַר וועמען איז געגרייט דער באַלאָדענער טיש
מיט צונגען געבראָטן, פליישן און פיש,
מיט טאָרט און מיט לעקעך, מיט וויין און מיט ביר,

פאַר טאָם, דיק און הערי,
און יאַנקל און בערל, —

פאַר אַלעמען גרייט איז די שפע פון לאַנד,
די ברכה און מי פון דעם אַרבעטערס האַנט.

די ריזיקע מויערן ליכטיק און שיין,
און שטיבעלעך־צאַצקעלעך ציכטיק און ריין,
און פעלדער, און וועלדער, און ימען, און בערג,
פאַבריקן און באַנען, און שיפן, און מערק —

פאַר טאָם, דיק און הערי,
און יאַנקל און בערל, —

וואָס אַרבעטן, שאַפן פון פרי ביזן שפעט
אין דערפלעך קליינע און רוישיקע שטעט.

פּאַלאַצן פון מאַרמאָר פאַר שפּיל און געזאַנג,
און טעמפּלען פון חכמה, פון גייסט און געדאַנק,
מיט זעלטענע בילדער און אוצרות אַ סך,
כאָראַלן פון מאָצאַרט, בעטהאָווען און באַך —

פאַר טאָם, דיק און הערי,
און יאַנקל און בערל, —

פאַר אַלעמען אָפן, פאַר גרויס און פאַר קליין,
וואָס וויל נאָר דעם צויבער פון שיינקייט פאַרשטיין.
ווער קען דאָס באַנעמען דעם טיפן פאַרשטאַנד
פון די וועלכע האָבן געבויט אונדזער לאַנד!
די ערשטע וואָס האָבן געקעמפּט און געבויט,
און האָבן מיט גלויבן די פרייהייט פאַרטרויט,

מיט קעזן און פרוכטן און אויבס אָן אַ שיעור?
פאַר טאָם, דיק און הערי,
און יאַנקל און בערל, —

צו מיר און צו דיר, און צום קומענדן דור,
אַ פרייד און אַ בענטשונג ביז אייביקע יאָר.

# אַ רויטער נעפּל

אַ רויטער נעפּל טוט זיך קנוילן
אויף אונדזערע פֿאַרברענטע שטעט,
און ס'לויערן נאָך דאָרט די גרוילן,
די שרעק, דער יאָמער דאָס געבעט...

אָ, יאָ! דער שונא איז געשלאָגן,
געבראָכן איז שוין איצט זיין מאַכט!
נאָר ביז ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן,
האָט איינגעשלונגען אונדז די נאַכט.

און וויפֿל מיר האָבן פֿאַרלאָרן,
באַנעמען מיר אַליין נאָך ניט...
יתומים זיינען מיר געוואָרן—
קיין פֿריינד, קיין קרוב און קיין גליד.

אָ, שטעטלעך ליכטיקע און שטילע,
און קדושים אַלע, קליין און גרויס!
ס'וועט אייער נאָמען, ווי אַ תּפֿילה,
ביי אונדז פֿון הארצן ניט אַרויס...

און מיר, פֿאַרבליבענע... אָ, ברידער!
מיר מוזן מוטיק און געטריי
מיט אַ באַנייטן גלויבן ווידער
זיך נעמען בויען פֿון דאָס ניי.

## רויטע טומאַנען

אין רויטע טומאַנען
פֿאַרהילט איז די ערד...
ביז וואַנען, ביז וואַנען
וועט הערשן די שווערד?

מיר שטייען אין מיטן
דעם האַס פֿון דער וועלט,
און ווערן פֿאַרשניטן
ווי גראָז אויפֿן פֿעלד...

עס עגבערט מיין מוח
און ברענט דער געדאַנק:
ניטאָ שוין קיין כּוח,
ווי לאַנג נאָך, ווי לאַנג?

## ר ו י ט

ס'איז אַ חגא אויף דער ערד —
הוליעט עשו מיט דער שווערד!
קינדער יידישע, אוי וויי,
ווי די טויבן זיינען זיי...
און מיט תפילות קליין און גרויס,
שטרעקט מען האַלדז צום מעסער אויס.

זקנים, פֿרויען — אַלע גלייך!
רויט די שטיינער, רויט דער טייך.
קינדער יידישע, אוי וויי,
ווי די טויבן זיינען זיי...
די נביאימס בלוט שטילט איין,
בלוטן טריפֿהנע פֿון שוויין.

שמע ישראל און אחד —
עשו טאַנצט אַ קאַראַהאָד!
פֿול מיט רצח, פֿול מיט לוסט
און דער צלם אויף זיין ברוסט —
פֿול פֿאַרגעבונג איז זיין גאָט...
עשו טאַנצט אַ קאַראַהאָד!

# אַ בילד פון מלחמה־צייט

זיבן פּוסטע גערטענער,
זיבן הויכע שטאַנגען:
אין די פּוסטע גערטענער,
אויף די הוילע שטאַנגען
זיינען זיבן מענטשן,
זיבן יידן אויפגעהאַנגען.

זיבן שטראַלן גאָלדענע
ציען זיך פון אויבן;
אין די שטראַלן גאָלדענע,
אין דער הויך פון אויבן
פּאָכען מיט די פליגל
זיבן אומעטיקע טויבן....

# צו אַ פריינד

באַשערט! דיין מזל האָט דיך איצט באַצוואונגען
און פאַר דער צייט געקומען איז דיין צייט.
דו גייסט אַוועק באַגלייט פון פרעמדע לייט,
און בלייבן וועט דיין אומעט ניט דערזונגען.

אַזוי — אין פאַרחלומטן סוף־זומער
פאַלט שטיל דער ערשטער בלאַט אַראָפּ...
און אונטערטעניק בויגסטו איין דעם קאָפּ
אין שטילן צער און לויכטנדיקן אומעט...

# דער ריז

אָט קומט דער ריז, — איך הער זיין טראָט, —
ער קומט אַרויס פון גרויסער שטאָט,
מיט הונגער־פייער אין זיין בליק,
און מיט אַ האַרץ וואָס לעכצט נאָך גליק
פאַר יונג און אַלט, פאַר גרויס און קליין.
זיין וואָרט שלאָגט פייער אויס פון שטיין,
און ווער נאָר עס דערהערט זיין שטים,
פאַרגעסט אויף אַלץ — און גייט נאָך אים.

ער קומט און אַלע גייען נאָך.
דער שקלאַף אַליין צעברעכט זיין יאָך,
און מיט אַ קראַך צעפאַלן ווענט:
עס האָט זיך אין אַ פלאַם צעברענט
פון אונטער אַש דער לעצטער פונק,
און זקנים ווערן מונטער, יונג.
אין הייסן גלויבן און אין פרייד
פאַרטרונקען ווערט דער קאַלטער טויט.

אָט קומט דער ריז, ער גייט, ער גייט!
און הערצער צאַפּלען אויף פאַר פרייד.
און ווי אַ שטורעם אָן אַ צאַם
שפּרייזט ער אַרום פון ים צו ים.
זיין האַרץ איז הייס, און שוואַרץ זיין שווערד,
ער לייטערט אויס פון זינד די ערד,
און אויף די חורבות פון דער וועלט
קומט אָן דער יונגער פרייער העלד.

# וואָיען הינט

וואָיען הינט אויף דער לבנה,
לאַכן זונות שיכור, פרעך, —
וויינען קלאָגן שטומע הערצער,
לאַכן פּנימער פון בלעך...

ציט אָן אויפהער זיך אַ פאָדעם
אין פאַרבאַרגנקייט געשפּינט:
לאַכן זונות אין די גאַסן,
וואָיען, יאָמערן די הינט...

אַלעמען דער זעלבער גורל
אין דער וויסטעניש געבראַכט...
וואָיען הינט אויף דער לבנה,
לאַכן זונות אין דער נאַכט.

# צו אַ גייסטיק־קראַנקן

מיט שטומען צער אין דיינע הייסע אויגן
האָסטו געזאָגט: — איך גלויב דיר און איך גיי, —
מיר האָט זיך אָפּגעדוכט — אַ קראַנקער פויגל
האָט דורכגעשוועבט פאַר מיר מיט אַ געשריי...

איך בעט ביי דיר ניט, ברודער, קיין פאַרגעבונג;
מיר זיינען אַלע גראָזן אויפן פעלד.
נאָר שווער איז מיר מיין גורל און מיין לעבן
און שרעקלעך איז דער אומזין פון דער וועלט.

אָ, ווילדער, קראַנקער, אומגליקלעכער פויגל!
ניט איך האָב פון דיין חלום דיך באַרויבט...
מיט שטילן צער אין דיינע הייסע אויגן
ביזטו געגאַנגען וייל דו האָסט געגלויבט.

# די ערד איז פול

די ערד איז פול מיט רויב, מיט רשעות און מיט מאָרדן!
דאָס זנות אין מלכס פּאַלאַץ און אין הירטס געצעלט
ס'האָט יעדע לייב שוין אויף דער ערד זיין וועג פאַרדאָרבן,
און ווידער וועט אַ מבול קומען אויף דער וועלט.

דען ווי אַ זונה פּרעך איז דער געדאַנק אין מח,
די טעמפּע תאווה ווי ביי אָנגעשפּייזטע פערד...
נאָר ערגעץ, ערגעץ לעבט שוין צווישן אונדז אַ נח,
און ער וועט פון דאָס ניי שוין אויפלעבן די ערד.

און ווידער וועט דער מענטש צום זעלבן אויסוועג קומען,
און ווידער וועלן דורות אומקומען אין פּיין,
באַצאָלנדיק מיט לעבן פאַר דעם צדיקס זיין...

דעם אַלטן תנאס וואָרט צום קאָפּ וואָס איז געשוואומען —
על דאטפת אטפוך — איז שווידערלעך ווי קלאָר!
עס קייטלט זיך אַזוי די שטראָף פון דור צו דור.

# דער אומבאַשיצטער

(כל הבשר חציר)
ישעיה מ׳

שטיל קומט־אום דער אומבאַשיצטער,
אַלע שווייגן — שאַ!
ס׳איז אַ דור אַ בייזער איצטער,
און אַ צייט אַזאַ.

ציען כמאַרעס איבער כמאַרעס,
שוואַרץ איז באַרג און טאָל:
דאָ אַ המן, דאָרט אַ פּרעה —
ערגער ווי אַמאָל.

אויסשטרעקן די האַלדז צום מעסער —
ניין און ניין, און ניין!
אויב שוין אומקומען — איז בעסער
העלדיש צו פאַרגיין...

בלייבט ניט אָפּהענטיק אין ווינקל,
יעדער מיט זיין פּיין, —
כל־זמן ס׳טוט אַ פונק נאָך פינקלען
קאָן נאָך ליכטיק זיין!

נאָר אויב אומקומען — איז בעסער
מוטיק צו פאַרגיין!
אויסשטרעקן די האַלדז צום מעסער —
ניין און ניין, און ניין!...

## עס גרינט די ערד

עס גרינט די ערד, אזוי ווי קיין זאך נישט געשען,
דער הימל בלויט, ווי קיינמאל גאָרנישט ניט געווען...
ס'איז פרילינג! פריידיקייט און שיין —
עס קען ניט זיין!

אַ קינד, אַ טויב, אַ בלעטל און אַ קוויט,
דער פרילינג יובלט! שטראַליקייט און פרייד!
נו־יאָ, אויך רעגנבויגנס שיינען דאָך דורך גרוי אַרוים...
געווען, געשען — און אוים.

געווען, געשען, און ווידער גרינט די ערד...
דאָס וואָרט איז קלוג: פאַרענטפערט און דערקלערט;
און ווידער גרינט די ערד, ווי שטענדיק, ווי געווען,
ווי קיין זאך ניט געשען...

## קומט אָן...

קומט אָן, זאָגט אָן
און בלייבט ניט שטיין:
עס מוזן נייע
נאָך אייך גיין.

קומט אָן, זאָגט אָן
און שנעל פאַרביי:
עס מוז דער וועג
פאַרבלייבן פריי.

# ווי אָרעם

ווי אָרעם, אָרעם זיינען מיר!... מיר האָבן דאָך ניט מער
ווי נאָר אַ זיפץ אַ ווינטיקן, אַ וואַסערדיקע טרער
און דאָך, ווי גרוים און קייסערלעך עס איז דעם מענטשנס גאָב,
דער הייסער זיפץ וואָס רייסט זיך אויס, די טרער וואָס פאַלט אַראָפּ!

# מינאָר

האָט אַ יונגער בוים צעבליט זיך ביי די קוואַלן
שטאָלץ געקוקט צום הימל האָט זיין גרינער קאָפּ;
איז אַ בליץ פון הימל אויף דעם בוים געפאַלן, —
און די צווייגן זיינע קוקן איצט אַראָפּ.

איבער זיבן ימען איז אַ שיף געשוואומען,
צו די ווייטע לענדער זוכנדיק דעם וועג.
איז אַ שטורעם פלוצלינג אויפן ים געקומען, —
און די שיף צעבראָכן ביים געגאַרטן ברעג...

## שפּרייט ניט אויס

שפּרייט ניט אויס דעם וועג מיט בלומען,
זאָג ניט אָן: ער קומט, ער גייט!
קיינער טאָר צו אונדז ניט קומען
מיט דער ליגנערישער פרייד.

מיד פון ליידן, בייז פון הונגער,
הילפלאָזיק אַזוי, ווי דו, —
אין זיין אומרו שמאַכט דער יונגער
און דער אַלטער אין זיין רו.

צו דער ערד דורכויס פאַרקניפּטע —
איז צום הימל אונדזער בליק...
און אַט דאָס פאַר אונדז, באַטריבטע,
איז דער אומגליק און דאָס גליק.

## דורך דורות

שרייט דער אָדלער, ברומט די טויב
און דער לעמפּערט רייסט זיין רויב, — — — — —
און אַזוי־אַ אָן אַ סוף
ציט פון אָנהויב זיך די שטראָף!

און פאָרויס — אַ רויטער וועג
דורך דער וויסטעניש פון טעג...
שרייט דער אָדלער, ברומט די טויב,
און דער לעמפּערט רייסט זיין רויב.

קומט ניט אָן די גרויסע פרייד!
דורות שווינדן בלינדערהייט...
שרייט דער אָדלער, ברומט די טויב
און דער לעמפּערט רייסט זיין רויב.

# איר זאַטע פֿון לעבן

איר זאַטע פֿון לעבן מאַכט מיאוס די וועלט...
דעם פּלאַץ דאַרף מען געבן דעם דאַרשטיקן העלד!
קאָן זיין אַז ער יאָגט זיך נאָך שאָטנס אין וועג,
דאָך קוקט ווי ער טראָגט זיך דורך גרויקייט פֿון טעג!

אַ יינגל איז קליגער און רייכער פֿון אייך:
אים וואַקסן דאָך פֿליגל, ער שפּאַנט דאָך פֿון אייך!
צו וואָס זאָל ער הערן פֿון אייך קלוגע רייד, —
אַז אים זיינען טרערן נאָך אויך נאָר אַ פֿרייד...

וואָס טויג אייער שכל, ווי אייז איז ער קאַלט!
דעם גיפֿטיקן שמייכל וואָס שנעלער באַהאַלט...
מען קאָן ניט פֿאַרטונקלען דעם דאַרשטיקנס גליק,
ווען וואַסערן פֿינקלען אַנטקעגן זיין בליק!

# די אומגעצוימטע קראַפט

די אומגעצוימטע קראַפט פון חושך, האַס און טומאה
געקראָגן איצטער האָט די שליטה אויף דער ערד;
עס איז אַרויס פון תהום דער גולם מיט אַ שווערד —
און הערצער גליווערן, פאַרציטערטע און שטומע.

ער ברעכט ווי שפענדלעך לענדער, קעניגרייכן, טראָנען, —
און מיט משונהדיקע פויגל פון דער הויך
פאַרוואַנדלט ער די שטעט אין חורבות אַש און רויך
ווי אין דער מעשהלע פון רבה בר בר חנא.

דאָך ערגעץ־וואו ווערט די ישועה שוין געבאָרן!
און אומבאַגרייפלעך ווי די סודות פון דער וועלט,
שפּראָצט־אויף גערעכטיקייט אַזוי ווי גראָז אין פעלד...

ווייל בלויז אַ רגע טוט געדויערן דער צאָרן:
דער חושך צוימט אַליין צוריק אין תהום זיך איין —
און פון דאָס ניי די ערד וועט אויפבליען אין שיין.

## צו די גוטע הערצער און פרומע נשמות

וואָס גייען מיך שוין אָן די כלערליי געפאַרן,
אַז אפשר ווערט דאָך גאָר פאַרמאַכט מיין לעצטע טיר!
און וועלכע פרומע ווערטער קאָנען נאָך מיך נאַרן,
אַז יעדע טרייסט איז איצט אַ לעסטערונג פאַר מיר.

וואָס נאָך איז מיר פאַרבליבן, אַ חוץ מיין רעכט צו האַסן?
איך האַס! און וועל באַגריסן מיט אַ פרייד־געשריי
די קופּעס טויטע דייטשן אויף דייטשלאַנדס פּוסטע גאַסן,
וואָס הינט וועלן זיך מיאוסן אַנצורירן זיי!

וואָס איז? איר שוידערט אויף, איר מענטשן־פריינט געטרייע?
די צדקות האָט אין אייך זיך מיטאַמאָל צעבליט?
אויך איר האָט דאָך די הענט געוואַרעמט אויף מיין פייער,
און צוגעקוקט מיין אומקום מיט אַ לייכט געמיט...

איך ווייס דאָך אייער פּזמון — אַלע זיינען ברידער...
און קריסטן־ליבע הייסט פאַרגעבן יעדע זינד..
מיט מיינע מערדער בלוטיקע פריינדלט איר זיך ווידער,
און ציטערט איבער יעדן דייטשישן קליין קינד!

האָט אייך געאַרט אַזוי פאַר מ י י נ ע קליינע קינדער,
די עופּעלעך פאַרשניטן פון דעם מערדערס האַנט?
די זקנים און בחורים געשאָכטענע ווי רינדער,
די יונגפרויען און ווייבער פאַרפּייניקטע אין שאַנד?...

איך קען אייך, גוטע הערצער און נשמות פרומע!...
איר וועט אַ זכות געפינען, פאַרגעבן און פאַרזען,
און ס׳וועט אייך אויפן זינען קיינמאָל גאָר ניט קומען,
אַז יעדער דייטש און מערדער איז אויך אַ קינד געווען!

און הערט! עס הילכט דורך דורות איבער בערג און טאָלן,
דער רוף, וואָס איך האָב פריער ניט געוואָלט פאַרשטיין:
אַז וואויל איז דעם, אַ בבל, וואָס וועט דיר דיינס באַצאָלן,
און דיינע קליינע קינדער צעשפּאַלטן אויף אַ שטיין.

# אַ מכשפה

שטייט אַ מכשפה אויפֿן וויסטן פֿעלד,
און זי האַלט אין האַנט דעם שאַרבן פֿון דער וועלט.
האַלט אין האַנט דעם שאַרבן, קוקט אויף אים און לאַכט
מיט דעם פֿינצטערן געלעכטער פֿון דער נאַכט.

לאַכט די מכשפה — לאַכט דער שאַרבן אויך,
שעלט זי — שלאָגט אַרויס פֿון טויטן מויל אַ רויך,
קוקט זי אין די אויגן־לעכער טיף אַריין —
צינדט זיך אָן אין זיי אַן אומהיימלעכע שיין.

גיט זי, צאָרנדיק, אַ בייזן שפּײַ אויף זיי,
נעמען דאָרטן קריכן שלאַנגען אַלערליי.
שלאָגט זי מיט דעם שטעקן אָן דעם טויטן ביין,
פּלאַצט אַרויס גלייך טויזנטשטימיק אַ געוויין.

ווערט זי אויפֿגעשווידערט אין אַ ווילדן שרעק,
וויל דעם שאַרבן וואַרפֿן — און אַליין אַוועק,
גיט דער שאַרבן פֿון איר האַנט זיך ניט אַ ריר,
זי דערזעט: די וועלט איז צוגעשמידט צו איר.

וויל זי מיט דעם שאַרבן לויפֿן ערגעץ וואו,
וואַקסן אירע פֿיס צום וויסטן באָדן צו.
שטייט אַן אַלטע מכשפה אויפֿן וויסטן פֿעלד,
און זי האַלט אין האַנט דעם שאַרבן פֿון דער וועלט...

# צו אַמעריקע

אַמעריקע, מיין וואונדערלאַנד,
מיין אייביק־יונג און ליכטיק לאַנד.
ווי שיין דו ביסט, ווי גרויס דו ביסט,
ווי מעכטיק און ווי רייך!

דאָס לאַנד פון פרייהייט און פון פרייד,
פאַר אַלעמען אָן אונטערשייד,
מיט אמת און גערעכטיקייט
פאַר אַלע מענטשן גלייך!

זאָל פלאַטערן דיין פרייהייטס־פאָן,
דיין שיינע שטרייף־ און שטערן־פאָן,
און זאָל זי אַ דערמוטיקונג,
אַ פרייד פאַר יעדן זיין.

די לאַנד פון שטאָלצע און געטרייע,
פון קעמפער מוטיקע און פרייע —
ביז אייביק זאָלסט דו זיין געבענטשט,
אַמעריקע דו מיין!

# מיר קומען אָן

אַ יום-טוב מאַכט אויף אַלע מערק
און פייערן צינדט-אָן אויף בערג!
מיר קומען — שטורעמס אָן אַ צאַם,
פון לאַנד צו לאַנד, פון ים צו ים.

מיר קומען אָן,
מיר קומען אָן!

און פעסט און זיכער אונדזער טראַט!
מיר קומען אָן פון גרויסער שטאָט
מיט הונגער-פייערן אין בליק,
מיט הערצער אויסגעבענקט נאָך גליק,

מיר קומען אָן,
מיר קומען אָן.

# שלאָף, מײַן ייִנגעלע

שלאָף, מײַן ייִנגעלע, מײַן קרוין,
אַלע, אַלע שלאָפֿן שוין;
און דאָס העזעלע אין וואַלד
וועט שוין אפֿשר אויפֿשטיין באַלד.

אָט אַ קוקורעקעט אַ האָן
אויפֿן קול דער ווײַסער האָן;
דעם וואָס שלאָפֿט ניט, דעם וואָס וואַכט
זאָגט ער אָן — ס'איז האַלבע נאַכט.

הערסט, ער קרייעט נאָכאַמאָל
מיט אַ הייזעריקן קול.
שלאָף מײַן טײַער קינד, מײַן קרוין,
אַלע, אַלע שלאָפֿן שוין.

# וויג־ליד

ליו־ליו, ליולינקע, ליו־ליו,
קומט אַ הון פון ערגעץ וואו,
קומט צו פליען פון דער ווייט,
אָנגעטאָן דורכאויס אין זייד,

מיט אַ הייבל אויף קאָפּ,
גאָלד און פּערל ביז אַראָפּ.
און זי פרעגט מיך אויס געשווינד,
וואָס איך גיב מיין טייער קינד.

אוי, איך גיב אים טאָרט מיט וויין,
און איך לייג אים שלאָפן איין
אין אַ בעטעלע פון גאָלד,
ווייל איך האָב אים זייער האָלד.

גיט זי מיטן קאָפּ אַ מאַך,
טוט מיין קינד אין וויג אַ לאַך.
שטעלט זי אויף איר ברייטן עק
און זי פליט צוריק אַוועק.

# חנהלע

שטייען ביים טייכל פארחלומט
ביימער באַגאָסן מיט שיין.
חנהלע זיצט לעבן טייכל,
קוקט אינעם וואַסער אריין.

ערגעץ צעזינגט זיך אַ פויגל —
חנהלע חלומט און טראַכט.
נאָר אירע אייגעלעך פינקלען,
שיינען ווי שטערן ביינאַכט.

חנהלע ווייס, אַז דער פויגל
זינגט דאָס זיין ליד נאָר פאַר איר,
זיצט זי אַ שטילע ביים טייכל,
גיט זיך פון דאָרט ניט אַ ריר.

לאַנג שוין דער פויגל אַנטשוויגן,
חנהלע הערט זיך נאָך איין...
דרימלט דאָס וואַסער אין טייכל,
דרימלען די ביימער אין שיין.

# אַ שטיבעלע אין וואַלד

שטייט אין וואַלד אַ שטיבעלע
פֿאַרשלאָסן מיט אַ בייגעלע.
דאָרטן זיצט אַ ציגעלע,
דרעמלט אויף איין אייגעלע.

קומט צו גיין אַ מיידעלע
און ברענגט מיט זיך אַ קריגעלע.
שליסט זי אָפּ דאָס שטיבעלע
און מעלקט אוים דאָס ציגעלע.

גייט אַוועק דאָס מיידעלע,
קומט נאָך איר אַ פֿייגעלע
און פֿאַרשליסט דאָס שטיבעלע
ווידער מיט אַ בייגעלע.

## איינס, צוויי, דריי

איינס — אָט שטייט ער,
צוויי — אָט גייט ער,
דריי — אָט נעמט ער
לויפן שנעל.

שנעל געלאָפן —
ניט געטראָפן:
האָפּ! געפאַלן
לעבן שוועל.

## קו־קע־רי־קו, האָן

קו־קע־רי־קו, האָן,
מחותנים קומען אָן,
קומען ערגעץ פון דער ווייט.
ווער אין לאַטעס,
ווער אין שמאַטעס,
ווער אין זשופּיצעס פון זייד.
קו־קע־רי־קו, האָן,
מחותנים קומען אָן.

# לייזער

לייזער, בייזער,
הינטעלע.
שטעל זיך
אין
אַ ווינקעלע.

ווינקל, הענטל,
קעצעלע,
לעקעך
אויף
אַ טעצעלע.

# עליע־קאַפּעליע

עליע־קאַפּעליע, לאַנגע פּיס,
זאָג וואָס דאַרפסטו האָבן?
איך האָב געבראַכט אַ זעקל ניס
און אַ זיסן פלאָדן.

זיבן געבליבן, אַכט געבראַכט,
ניין איז אַלץ אינאיינעם.
האָט אייך, קינדער, אַ גוטע נאַכט
און אַ טאָג אַ שיינעם.

# אונדזערע טעג

זיבן, זיבן זיינען מיר.
זיבן גוטע ברידער.
זיבן, זיבן גייען מיר
און מיר קומען ווידער.

ווייסע פערד, שווארצע פערד,
צווייערליי קאראַטן;
קיינמאָל ווערט ניט אויף דער ערד
אונדזער שפור פארשאָטן.

# לויף ניט

לויף ניט, דבורהצע, גאָט באהיט דיך!
ווייסט? מען רעדט דער גאַנדז אַ שידוך.
טרעף מיט וועמען? מיט דעם האָז...
זי פארדרייט נאָך אַלץ די נאָז.
נאָר, דו הערסט? עס פאַלט מיר איין,
אַז עס וועט אַ שידוך זיין.

## די מומע צירל

גייט אַרום די מומע צירל,
שלעפּט זיך פון איר שוך אַ שנירל,
אַזוי לאַנג און אַזוי גרוים,
ביז זי פאַלט און ציט זיך אוים.

## באַשע־מירל

באַשע־מירל, באַשע־מירל,
זע נאָר, זע, דאָס רויטע שנירל
פאַלט אַרוים ביי דיר פון צאָפּ!

ענטפערט גאָר נישט באַשע־מירל,
זינגט אַ לידל: טירל־לירל, —
אַ געזונט נאָר איר אין קאָפּ.

# בערל

בערל, בערל! קום אהער,
זיי אויף אונדז ניט ברוגז מער!

גיב אַ זונג,
גיב אַ שפּרונג,
איינס, צוויי,
אָט אַזוי.

זאָג, וואו שטייסטו דו? — אויף אַ פּאַס.
זאָג, וואָס טרינקסטו דו? — עפּל־קוואַס.

שאַר און טאַפּ,
לויף און כאַפּ,
טופּ־טופּ־טופּ
איבער שטוב.

— קאַמער, קאַמער, קאַמער־הויז?
— גיי אַקאַרשט אין יענעם הויז!

ווילסטו ניט גיין?
בלייב אַליין,
טראַ־טאַ־טאַ,
כאַ־כאַ־כאַ.

בערל, קום אַ טענצל גיין,
שטיי ניט, ווי אַ נאַר אַליין!

קוק ניט קרום,
גיכער קום,
קאַראַהאָד,
אין אַ ראָד.

האָפּיי, האָפּיי, האָפּיי, האָפּ!
בערעלע הייבט אויף דעם קאָפּ:

האָפּטשאַק,
פּאָמעראַק,
עסן צימעס
גאַנץ געשמאַק.

## דער אינדיק

שטייט דער אינדיק אָנגעבלאָזן,
אין אַ ראָד דעם עק צעלאָזן,
און זיין שנאָבל, רויט און בלוי,
באַמבלט זיך ביי אים אַזוי.
— האָלדער, האָלדער! הינער, הענער,
וועמעס קרעלן זיינען שענער?
האָלדער, האָלדער, זאָגט אַליין,
וועמעס קרעלן זיינען שיין?
נאָר די אינדיטשקע פון ווייטן
ציט דעם האַלדז אין אַלע זייטן,
גיט אַ גרעזל וואו אַ כאַפּ —
און זי טענהט: קנאַפּ, קנאַפּ, קנאַפּ...

## ווינטן

פון מזרח בלאָזט אַ ווינט — פרייען זיך די פעלדער;
פון מערב בלאָזט אַ ווינט — ציטערן די וועלדער;

פון צפון בלאָזט אַ ווינט — קינדערלעך, פאַרדעקט זיך!
פון דרום בלאָזט אַ ווינט — קינדערלעך, ניט שרעקט זיך...

בלאָז, ווינטעלע, בלאָז,
בלאָז, ווינטעלע, בלאָז.

## ביימעלעך

יונגע ביימעלעך —
קינדערלעך צעשאָטן אויפן באַרג, —
אַלע שמייכלענדיקע — פריילעך!
און די אַלטע ביימער,
שטאַרק פאַרטראַכט,
גיבן אַכטונג פון דער ווייטן...

## פליען פייגעלעך

פליען, פליען פייגעלעך
פון דעם וואַלד אַרויס,
קלייבן אויף די קערנדלעך
אויף דעםברייטן וועג.
זיינען מיר פייגעלעך
אויף דער וועלט אַרויס, —
פאַלט אַ קערנדל אַראָפּ,
קלייבן מיר עס אויף...

## פייגעלעך

פייגעלעך, פייגעלעך, קומט צו מיר,
קומט אַהערצו אַלע.
וואַרט אַ ווײַלינקע אויף מיר
וועל איך ברענגען חלה.

שרעקט זיך ניט, טייערע פייגעלעך,
קומט צו מיר אין סעדל.
וועל איך ברענגען בייגעלעך
און אַ זיסן פלעדל.

## וועלף און בערן

וועלף און בערן אין די וועלדער,
שאָף און רינדער אויף די פעלדער,
פישעלעך, און פייגעלעך,
יינגעלעך און מיידעלעך, —
אַלע, אַלע קוועלן אָן,
ווען דער זומער־לעב קומט אָן.

## די קאַץ אין מאַרק

איינס און צוויי, און הויך, און שטאַרק!
גייט די קאַץ אַרום אין מאַרק,
קויפן רעטעך, קויפן ריבן,
קויפן אוגערקעס און כריין;
קומט זי אויפן מאַרק צו גיין —
ערשט ס'איז גאָרנישט ניט געבליבן.
ווייס די קאַץ ניט וואָס צו טאָן,
טו און מאַך — וואָס הויבט מען אָן!
כאַפּט זי ערגעץ־וואו אַ ביין
און אַנטלויפט אויף שנעל אַהיים.

## אַ געזאַנג

קינדערלעך, שפּילט זיך
אין גליקלעכער שעה!
היינט איז אַ זונשיין
און מאָרגן ניטאָ.

גלעקעלעך קלינגען —
אַ זילבערנער קלונג!
נאָך אַ מאָל, קינדער,
אַ זינג און אַ שפּרונג...

היינט איז אַ זונשיין
און מאָרגן ניטאָ;
קינדערלעך, שפּילט זיך
אין גליקלעכער שעה!...

## העלע פרימאָרגנס

העלע פרימאָרגנס
אין גאָלדענעם שיין,
קינדערלעך קליינע,
געזונט זאָלט איר זיין.

בלוי איז דער הימל
ווי בליאונג פון ליין,
קינדערלעך טאַנצן
ראָד אוים און ראָד איין.

אָוונטן שטילע
אין רויטלעכן שיין,
פייגעלעך מידע —
זיי שלאָפן שוין איין.

## שניי

ווינטער, ווינטער איז געקומען
און ער האָט די וועלט באַנייט;
אַלע וועגן, אַלע שטעגן
אויסגעשפּרייט מיט ווייסן זייד.

לאָמיר איינשפּאַנען אַ שליטן
און זיך לאָזן אויפן פעלד;
און די גלעקלעך זאָלן קלינגען,
זינגען פון דער ווייסער וועלט.

מאַכט ניט אויס: ניטאָ קיין פוטער —
טו זיך אָן אין וואָס דו האָסט!
שעם זיך ניט, — נעם נאָך אַ טיכל,
ווייל עס ברענט אַזוי דער פראָסט...

נאָר זאָל הילכן דער געלעכטער,
טראָגן, יאָגן זאָל דער פערד;
און מיט אונדזער פרייד באַלעבט זיין
זאָל די ווינטערדיקע ערד.

## ווינטער־אָוונט

ווינטער־אָוונט, — שטיל און רואיק
איז אין אונדזער הויז.
ביי דעם אויוון זיצט די באָבע,
האַלט מיך אויף איר שויס.

מיט אַן אומעטיקן שמייכל
קוקט זי אויפן פלאַם
און דערציילט מיר ווי אַ פויגל
האָט געלעבט ביים ים.

ווי אַ שיף איז צוגעשוואומען
צו אַן אינדזל ווייט,
וואו געלערנט האָבן תורה
זיבן אַלטע לייט.

ווי אַ וואָרף געטאָן דער מלך
האָט זיין רינג פון גאָלד,
נאָר דאָס קינד צום אָפּגאָט בוקן
האָט זיך ניט געוואָלט.

אָדער גאָר זי הייבט אָן זינגען
שטילערהייט אַ ליד:
ווי אַ בעטלער איז געקומען
צו אַ גוטן ייד...

ווי דער רבי איז געפאָרן
איינמאָל אויפן ים,
ווי אַ צווייגל אָפּגעבראָכן
האָט זיך פון זיין שטאַם.

ווי געפלויגן איז אַ פּאווע
איבער גרינעם וואַלד,
ווי די כאַפּערס פלעגן כאַפּן
קינדערלעך מיט גוואַלד.

און איך הער זיך צו פאַרכישופט
צו דער באָבעס רייד,
און פון מיינע אויגן פאַלן
טרערן שטילערהייט.

קיינער איז ניטאָ אין צימער
מער ניט מיר באַנאַנד,
און די טאַנצנדיקע שאָטנס
אויף דער ווייסער וואַנט.

# שניי און פראָסט

שניי און פראָסט און פראָסט און שניי —
ווינטער'ס צווילינג זיינען זיי!
שפרייזן, שפאַנען זיי באַנאַנד
איבער ים און איבער לאַנד!
שניי און פראָסט און פראָסט און שניי,
די געטרייע ברידער צוויי.

טייכן פרירן איין ווי שטיין,
וועגן ווערן קלאָר און ריין;
פראָסט בויט פּאַלאַצן פון אייז,
שניי פארפוצט און מאַכט אַלץ ווייס;
העלפן זיי זיך אוים אַזוי
ווי געטרייע ברידער צוויי.

נאָך דעם שניי און נאָך דעם פראָסט
יאָגט זיך נאָך דער ווינט און בלאָזט;
דרייט און שאָרט דעם שניי אין פעלד,
יאָגט און שטופּט, און קערט די וועלט!
קנאַקט פון פראָסט בייַנאַכט דער וואַלד:
אוי־אוי־אוי, איז מיר דאָס קאַלט!

נאָר מיט שמייכלען פול דער שוים
שיינט די ליבע זון אַרוים.
ווערט אַן אַנדער ווינטער גאָר!
מילד און שיין, און שטיל, און קלאָר;
גלאַנצט און פינקלט אַלץ און שיינט:
ס'אַרא שיינער טאָג איז היינט!

## פלאַטערלעך, פליטערלעך

פלאַטערלעך, פליטערלעך —
פאָרט מען אויף שליטעלעך;
גייט מען שפּאַצירן —
געזעלעך פרירן.

מאַכט מען אַ מענטשעלע,
גייט מען אַ טענצעלע
אַלע צוזאַמען,
פּנימלעך פלאַמען.

מיידעלעך, ייִנגעלעך
בלאָזן די פינגערלעך...
ווינטער אין ווייסן
ניט אויף צו פלייסן!

## פייגעלעך זיינען געקומען

זיינען פייגעלעך פריילעך געקומען
און מען זינגט און מען הילכט, און מען שאַלט,
האָבן בלעטעלעך גרין זיך צענומען,
און אַ שמחה, אַ פרייד איז אין וואַלד.

האָבן וואַסערן ברייט זיך צעלאָזן
און מען איילט, און מען לויפט ערגעץ־וואו,
קוקן שעמעוודיק יונגינקע גראָזן
און די בלימעלעך־בלוי שמייכלען צו.

פליען־פלאַטערן זיידענע טויבן
איבער פעלד, איבער שייער און הויז,
און דורך לויטערער בלויקייט פון אויבן
שיקט די זון אירע שמייכלען אַרויס.

# אַ פּורים־ליד

קומט, לאָמיר דאָ, קינדערלעך, זינגען אַ ליד
פון המן דעם רשע און מרדכי דעם ייד.

ווי המן אַמאָל האָט אין פינצטערער מאַכט
די גרעסטע סכנה אויף יידן געבראַכט.

פאַרטיליקן האָט ער געוואָלט אונדז דורכויס!
פאַרניכטן, פאַרלענדן פון קליין און ביז גרויס.

שוין לויפער געשיקט אין די לענדער אַרום,
צו ברענגען דעם בייזן באַפעל אומעטום.

באַשטימט שוין דעם טאָג, — און מיט טייוולשער פרייד
האָט ער זיך צום יידישן אומגליק געגרייט...

געלונגען איז אָבער דאָס המנען ניט —
געזיגט האָט דער אמת און מרדכי דער ייד!

דעריבער איז פורים דער פריילעכסטער טאָג:
אַ שמחה, אַ פרייד, אַנשטאָט טרויער און קלאָג.

און המן? געהאָנגען אים גראָד אויף דעם בוים,
וואָס ער האָט פאַר מרדכין געגרייט אין געהיים.

און אונדזערע שונאים פון הייניטיקע טעג
דערמאָנען דעם פורים נאָך איצטער מיט שרעק!

איז הויך לאָמיר אַלע דאָ זינגען דאָס ליד
פון המן דעם רשע און מרדכי דעם ייד.

# אליהו הנביאס כוס

אליהוס כוס דער שיינער
שטייט שוין פול מיט ווײַן;
באַלד וועט אליהו קומען,
באַלד וועט ער אַרײַן!...

ווײַל צום סדר קומט ער בענטשן
יעדן יידנס הויז;
און פאַר אים דעם כוס דעם שענסטן
קלײַבט מען שטענדיק אויס.

ער איז שוין בײַ אונדז צום סדר
וויפל מאָל געווען...
נאָר איך וויים, אַז אליהון
קאָן ניט קיינער זען.

עפנט מען פאַר אים די טירן
און איך קוק זיך איין —
אפשר וועל איך פּאָרט דערזען אים
ווען ער וועט אַרײַן.

## אַזוי שיין

אַזוי שיין איז אונדזער וועלט,
שיינענדיק און קלאָר.
עפנסטו די אויגן אויף —
חלום אויפן וואָר!

גייסטו, ווי צום ערשטן מאָל
אויף דער גאַס אַרויס,
שמייכלען דיר פאַרבייגייער,
שמייכלט יעדע הויז.

עפנסטו די אויגן אויף —
חלום אויפן וואָר!
שטייט די גאַנצע וועלט פאַר דיר
שיינענדיק און קלאָר.

## אין פרילינג

עס שיינט שוין פון אויבן
אַ ליכטיקער פאַס.
איך האָב היינט צוויי טויבן
געזען אויף דער גאַס.

געפלויגן, געפלויגן
די טייבעלעך צוויי, —
איך האָב מיט די אויגן
געשמייכלט צו זיי.

אויף אָפענע פעלדער
איז יום־טובדיק היינט...
אַ, פעלדער און וועלדער
נעמט אויף מיינע פריינט!

## פרילינג־צייט

דער הימל ריין, דער הימל בלוי,
עס שימערט און עס שיינט;
און פרעמדע מענטשן גריסן זיך
אזוי ווי גוטע פריינט.

די גאַס איז פול מיט קינדערלעך,
מען טאַנצט ביי יעדן הויז;
און פון אַ פענצטער שמייכלענדיק
אַ מאַמע קוקט אַרויס.

ס'איז שיינענדיק, און לעבעדיק,
און טומלדיק אַרום;
אין מיטן גאַס צוויי שפּערלינגלעך
צוויי קליינע טאַנצן אום.

— צווי־טשיר, צווי־טשיר, מיין טייערע,
ס'איז פרילינג, וואָס זאָגסטו?
— געוויס, מיין ליבער, — צוויטשערט אויך
זיין חברטע אים צו.

און ביידע אויף דער מיטן גאַס
צופרידן טאַנצן אום.
ס'איז לעבעדיק, און טומלדיק,
און שיינענדיק אַרום.

# דער פרי־יאָר קומט

דער פרי־יאָר קומט, דער פרי־יאָר קומט!
דאָס טייכל רוישט, דאָס טייכל ברומט,
די זון פון העלן הימל שיינט —
איך האָב געזען שוין שוואַלבן היינט,
די פרי־יאָר־געסט, די ליבע געסט,
זיי פלעכטן שוין ביי אונדז אַ נעסט.

ווי פריי און ליכטיק איז אין פעלד!
אַ נייע וועלט, אַ שיינע וועלט,
א גוטער מלאך האָט ביינאַכט
די בלימלעך אויף דער ערד געבראַכט,
און ס׳פליען מיאַטליקעס אַרום
פון גראָז צו גראָז, פון בלום צו בלום.

און רוישיק איז אין אַלטן וואַלד,
ער וועט אין גאַנצן גרין זיין באַלד;
די צווייגן ציען זיך אַרויף,
די ברוינע פלאַנצן בליען אויף,
עס רוישט און שאַלט, און זינגט, און ברומט:
דער פרי־יאָר קומט, דער פרי־יאָר קומט!

# אַ פויגל אין וואַלד

בענקט אַ פויגל ערגעץ עלנט
אין דער שטילער ביימער־וועלט;
און אַרום אין קאַלטער ווייסקייט
שפּרייט זיך אויס דאָס שנייען־פעלד.

אויסגעשטרעקטע הוילע צווייגן,
קאַלט און קלאָר איז אַלץ אַרום...
ס׳ציען זיך נאָר ווייסע פעלדער,
וויסטע פעלדער אומעטום.

אוי, וואָס בענקסטו, ליבער פויגל,
וואָס אַרום איז ווייס און קאַלט,
צי דו בענקסט, ווייל דו ביזט עלנט
אין דעם ווינטערדיקן וואַלד?...

# טייכן רוישן

טייכן רוישן פולע, ברייטע,
קלאָר און בלוי דער הימל;
אַט האָט שוין דער שטיפער פרי־יאָר
אויפגעוועקט פון דרימל.

אַלע וועלדער, אַלע טייכן,
אַלע בערג און קוואַלן...
און זיי פינקלען, און זיי שיינען
אין די העלע שטראַלן.

און אַ צווישערייַ, אַ טומל
קומט פון אַלע זייטן;
שאַ! דער ערשטער דונער, הילכיק,
קייקלט זיך פון ווייטן.

## זומערדיק

ליכטיק איז אין פעלד ארום!
אויף אַ שלאָפנדיקן בוים
רוט אַ פלאַטערל אין שיין,
ביז ער דרימלט אַזוי איין!

און ביים וועלדל פול מיט רו
פיטערט זיך אַ פיינע קו!
פליט אַ פליג אויף איר אַרויף,
הויבט זי גאָר דעם קאָפּ ניט אויף...

גיט נאָר מיט דעם עק אַ צי —
טוט די פליג פון איר אַ פלי!
דרייט זיך אוים און קומט צוריק —
אַזאַ העזה פון אַ פליג!

שאַ! פון וועלדל אויפן גראָז
שפּרינגט אַרוים אַ גרויער האָז,
טוט אַ שפּרונג, און שטעלט זיך צו,
און דערזעט די גרויסע קו.

קוקט ער זי אַ ווײַלע אָן,
און באַטראַכט זיך וואָס צו טאָן...
נאָר ער טוט אַ צי די נאָז,
און באַהאַלט זיך אין די גראָז.

## רוישט דער וואַלד

רוישט דער וואַלד און בלעטער פֿאַלן,
און עס יאָגט דער ווינט...
ניין, ניט אַלץ איז נאָך פֿאַרפֿאַלן,
שרעק זיך ניט, מיין קינד.

זאָלן זיך די וואָלקנס וועבן
איבער וויסטן פֿעלד, —
ס׳גייט, מיין קינד, אַזוי דאָס לעבן,
ס׳גייט אַזוי די וועלט.

זאָלן זיך די כמאַרעס ציען
איבער שוואַרצן וואַלד, —
ער וועט ווידער זיך צעבליען,
פֿון דער זון באַשטראַלט.

ניין, ניט אַלץ איז נאָך פֿאַרפֿאַלן,
שרעק זיך ניט, מיין קינד,
ווען די בלעטער פֿאַלן, פֿאַלן,
און עס יאָגט דער ווינט.

## סוף זומער

עס שיינט אַריין סוף־זומערדיק
די זון אין אַלטן וואַלד,
און ביימער רוישן אומעטיק —
דער האַרבסט, דער האַרבסט קומט באַלד...

שוין קלייבן זיך די פֿייגעלעך
אין וויטן וועג אַריין,
און וועלקנדיקע בייגן זיך
די בלימעלעך שוין איין.

עס רוישן האַרבסטיק, אומעטיק
די ווינטעלעך אין פֿעלד.
און גאָלדיק און סוף־זומערדיק
זעט אויס די גאַנצע וועלט.

# אַכצן טויבן

(פאַריידישט)

זינג מיר, זינג אַ לידעלע
פֿאַר אַ הויפֿן קאָרן;
אַכצן טויבן אין אַ טאָרט
איינגעבאַקט געוואָרן.

און ווען מען האָט דעם פֿיינעם טאָרט
דערלאַנגט נאָר פֿאַר דעם מלך —
אַרויסגעפֿלויגן זיינען גלייך
די טויבן פֿריש און פֿריילעך.

דער מלך-לעבן איז ביי זיך
אין שאַצקאַמער געזעסן;
די מלכה איז אין קיך געווען
מיט האָניק ברויט געגעסן.

דאָס טעכטערל איז לעבן שטוב
געזעסן אויפֿן גראָז, —
געקומען איז אַ טויב, און איר
אַ פּיק געטאָן אין נאָז.

# אַ שמחה

צוועלף קליינע שיינע הינדעלעך
האָט אויסגעפירט די הון;
איצט זיצט זי מיט די קינדערלעך,
צופרידן אויף דער זון.

זיי צוויטשערן ווי פייגעלעך
אין מוטערלעכן שויס,
און וואו־ניט־וואו אַן אייגעלע,
אַ מיילכל שטעקט ארויס...

ערשט נעכטן, אין אַ גוטער שעה,
זיך אויסגעשיילט פון איי;
אַר־וואַ! די קרובים האָבן דאָ
זיך שטאַרק געפרייט מיט זיי:

זעקס הינער האָבן זינגענדיק
געלאָזן זיך אין טאַנץ,
און הינטער זיי האָט שפרינגענדיק
צעגאָרגלט זיך אַ גאַנדז.

אויך האָבן זיך די סאַמעט־קעפּ,
די ענטעלעך געפרייט;
און ס'האָבן אויף די לייטער־טרעפּ
זיך טייבעלעך געדרייט.

דער אינדיק האָט געהאָלדערט הויך,
געבלאָזן זיך — אַ שרעק!
דער באָק, אַפילו, ער האָט אויך
געשאָקלט מיטן עק.

איצט זיצט אויף זיי די מאַמע־הון
הרחבהדיק און ברייט, —
זי זשמורעט זיך פון העלער זון
און קוואָקעט שטילערהייט.

פון וויטן שטייט דער בייזער האָן
און הויבט דעם קאָפּ ארויף:
ער קוקט און היט, צי קומט ניט אָן
אַ פרעמדער אויפן הויף.

# נחת

שפּרינגט אַרום די קאַלב אין פעלד,
איי, איז פריילעך אויף דער וועלט!
און די מאַמע פון דער ווייט
ליגט אַ רואיקע און... קייט.

קייט און קייט אַזוי און טראַכט:
איי, אַ קאַלב האָב איך, אַ פּראַכט!
טאַקע, אַ געזונט אין איר,
איינגעגעבן זיך אין מיר.

פרר... פון וועלדל, פלינק און פריי,
פליט אַ פייגעלע פאַרביי:
— מאַמע-, זע נאָר, מאַ-מע, זע!
מע, אַוועקגעפלויגן, מע...

האָפּ! פאַרריסן הויך דעם עק
לאָזט דאָס קעלבל זיך אַוועק;
און די מאַמע פון דער ווייט
קוקט און טראַכט די גאַנצע צייט:

— זיבן וואָכן און אַ האַלב, —
קיין עין הרע, ס׳אַראַ קאַלב!
יאָגט זיך, שפּרינגט און רוט ניט איין,
איי, וועט דאָס אַ בהמה זיין!

## אַ פראַגע

איליקל, שמיליקל, שעפּסל, בער,
קינדערלעך טייערע, קומט נאָר אַהער.

ווער וועט מיר ענטפערן, וואָס דאַרף מען טאָן
ווען מען דערהערט אַז עס קרייט אַ האָן?

ווייסט איר ניט קיינער? נו, וועל איך אייך זאָגן —
זאָגט מיר נאָר צו, אַז איר וועט זיך ניט שלאָגן.

אויב מען וועט פרעגן אייך, וואָס וועט איר טאָן,
ווען איר דערהערט, אַז עס קרייט אַ האָן, —

קלערט ניט און ענטפערט: „דאָס זעלבע וואָס דו".
וועט מען אייך, קינדערלעך, לאָזן צו רו.

## די שטאָלצע ציג

גייט אַרום די ציג אויף שטאָלצן,
און דער באָק, ער ווערט צעשמאָלצן
פון זיין נחת, פון זיין גליק,
פון זיין בערדלדיקער ציג.

און די ציג איז אויך צופרידן...
גייט זי אום אויף די יאַרידן,
שטעטל-איין און שטעטל-אויס,
אויף די שטאָלצן הויך און גרויס.

זיינען ציגן איר מקנא,
נאָר מען פרעגט ניט — וואָס, פון וואַנען:
אויף אַ מעשה, אויף אַ ליד
פרעגט מען דאָך קיין קשיות ניט.

# די ראַבע הון

כאַפּט זיך אויף די הון, די ראַבע,
מיט אַ טומל און געשריי:
— אוי, אַ גדולה אויף דער באָבע!
אַט האָב איך געלייגט אַן איי!

נאָר דעם הינערישן געזינדל
גייט אינגאַנצן דאָס ניט אָן...
נו, פֿאַרדריסט דאָס אונדזער הינדל,
גוואַלדעוועט זי אויף דעם האָן:

אייער לייג איך,
באָרוועס גיי איך,
ניי מיר אויף כאַדאַקעס!

אייער לייג איך,
באָרוועס גיי איך,
ניי מיר אויף כאַדאַקעס!...

שטייט דער האָן, דער גרויסער שוטה,
שטייט און ווייס ניט וואָס צו טאָן;
טרייסלט זיך זיין באָרד די רויטע:
קוקו־ריקו־ריקו־האָן!

ווערט דאָס הינדל באַלד אַנטשוויגן,
גאָר פֿאַרגעסן אָן דער איי;
— ווייסט, מיין מאַן, אַ פֿיינער ניגון,
גיב קאָרשט נאָכאַמאָל אַ קריי...

# דער אַלטער באָק

ליגט דער אַלטער באָק אין גראָז
צוגעמאַכט די אויגן,
איז אַ פליג צו אים אין נאָז
גראָד אַריינגעפלויגן.
אוי־אוי, אָט אַזוי,
גראָד אַריינגעפלויגן.

כאַפּט זיך אויף דער באָק פון אָרט,
הייבט אָן שטאַרק צו ניסן,
און די פליג צו זיך אין באָרד
פונקט אַריינגעשמיסן.
אוי־אוי, אָט אַזוי
פונקט אַריינגעשמיסן.

נאָר עס איז ביים באָק פון באָרד
שווער אַרויסצוקומען...
רייסט זי נעבעך זיך פון דאָרט,
הערט ניט אויף צו זשומען!
אוי־אוי, אָט אַזוי,
הערט ניט אויף צו זשומען.

קוים אַרויס! און איז אין שרעק
גלייך אַוועקגעפלויגן...
מאַכט דער באָק נאָר מיטן עק,
פינטלט מיט די אויגן...
אוי־אוי, אָט אַזוי,
פינטלט מיט די אויגן.

בע און מע — און ווייס ניט וואָס
ס׳האָט מיט אים געטראָפן...
לייגט ער ווידער זיך אין גראָז,
און ווערט באַלד אַנטשלאָפן.
אוי־אוי, אָט אַזוי,
און ווערט באַלד אַנטשלאָפן.

# דער פעטער עליע

דוכט זיך, פעטער עליע פּאַרט,
אוי! דער פעטער עליע!
יאָ, דאָס איז ער טאַקע דאָרט
אין זיין לאַנגער דעליע.

אָט האָט ער אַהינטער הויז
אויסגעשפּאַנט זיין פערדל;
קוקט, ער דרייט דעם שליטן אוים —
טרייסלט זיך זיין בערדל.

שאַ, ער גייט אין שטוב... אַזוי
אָנגעפּעלצט, פאַרפראָרן...
— גוטן אָוונט אייך! אוי ווײ,
איז דאָס קאַלט געוואָרן!

לאָזן מיר זיך גלייך צו אים,
שפּיליען אָפּ זיין דעליע, —
שרייט די מאַמע אָן אויף אים:
— דו צעלאָזסט זיי, עליע!

טו זיך אוים, רו אָפּ פון וועג,
זעץ זיך צו ביים פייער...
— וואַרט נאָר, כ'ברענג אַריין די פּעק,
ווער איך מיר שוין פרייער.

שטייען שוין די פּעק אין הויז,
און דער פעטער עליע
קריכט פּאַמעלינקע אַרוים
פון זיין לאַנגער דעליע.

כאַפּן מיר אים שוין אַרום
באַלד פון אַלע זייטן,
און די מאַמע בייזלעך־קרום
קוקט אויף אונדז פון ווייטן.

שווערע, גרויסע פעק, — פון אָרט
קאָן מען זיי ניט רירן...
האָט דער פעטער עפּעס דאָרט
אונדז געבראַכט צו פירן?

— קומט נאָר, קליינוואַרג, קומט אהער!
רופט אונדז צו דער פעטער,
אוי, איך זע, איר קאָנט ניט מער
וואַרטן שוין אויף שפּעטער.

האָב איך דאָ פאַר אייך אַ באַר,
זים אַ פאַרגעניגן!
ווער עס איז פון אייך דער נאַר,
יענער וועט זי קריגן.

— פעטער, טייערער, אוי גיב,
גיב אונדז שוין די באַרן, —
ווייל מיר ווייסן, האָסט אונדז ליב,
וועסט דו אונדז ניט נאַרן.

— אוי, זאָגט ער, איר זייט, ווייזט אויס,
גאָר ניט קיין נאַראָנים...
און אַ שמייכל שפּילט אַרויס
אויף זיין גוטן פּנים.

נו, אָט האָט איר אייך דערפאַר:
בינדט ער אויף אַ פּעקל,
גיט אונדז יעדערן אַ באַר
און אַ קניפּ אין בעקל.

# שפּיל אין ניס

אונטער טעפּלעך, אונטער טעפּלעך
גייט אַ נוס אין קאָן!
און אַרויס אין צווייטן צימער
ביז מען זאָגט אייך אָן.

פּאַרטיק, פּאַרטיק! קומט שוין נעמען...
איינציקווייז, ניט כאַפּט!
און ניט רוקט פון אָרט די כּלים,
רואיק, ניט געקלאַפּט!

שמואליק לויפט צום טיש דער ערשטער,
בלייבט אַ ווײַלע שטיין:
וועלכע כּלי אויפצוהויבן
ווייס ער ניט אַליין.

אַלע כּלים צוגעדעקטע
און ס'איז ניט באַוואוסט,
וואו איז ערגעץ „פּאָר" באַהאַלטן
און וואו איז „פּוסט".

אויפהייבן דעם קרוג אין בלימעלעך?
אוי, ווי שיין ער איז!
אָדער גאָר דעם טאָפּ דעם שוואַרצן?
דאָרט איז „פּאָר" געוויס...

נאָר מען קען ניט קיין זאַך וויסן,
ביז מען ציילט ניט אויס;
הויבט ער אָן די כּלים ציילן
וועלכע וועט אַרויס.

אויסגעפאַלן דאָרט וואו ס'האָט זיך
טאַקע אים געגלוסט...
הויבט ער האַסטיק אויף דעם קריגל —
לאַכן אַלע: פּוסט!

# דער באָבעס ליד

— זינג אונדז עפּעס, באָבעניו,
זינג אונדז באָבע־קרוין!
— כ'האָב איך אַלע לידעלעך
אויסגעזונגען שוין.

— ניין, ניט אַלע, באָבעניו,
טו אונדז נאָר צוליב...
וועלן מיר דיך, טייערע,
נאָך מער האָבן ליב.

—וואַרט נאָר, כ'האָב אַ לידעלע,
אָבער אָן אַ סוף,
וואָס מען פּלעגט עס צוזינגען
קינדערלעך צום שלאָף:

„זיבן גענדז געקוואַטשעט,
קינדער מיינע ליבע,
זיינען געפאָרן חתונה האָבן,
קינדער מיינע ליבע.

נאָר דער גאַנער, דער פאַרשייטער,
קינדער מיינע ליבע;
האָט זיי געהרגעט און געשלאָגן,
קינדער מיינע ליבע.

„זיבן גענדז"... — „געקוואַטשעט!"
העלפן מיר אַרויס,
און צופרידן נעמען מיר
טאַנצן אינעם הויז.

# די באָבע טשוואָקלע

מיט אַ גראָבן שטעקן
און אַ לאַנגער שטריק
רייט די באָבע טשוואָקלע
אויף אַ שוואַרצער ציג.

גרויע צעפּ ווי שלאַנגען
הענגען איר פון קאָפּ,
פון דער זייט אַ טאָרבע
הענגט ביי איר אַראָפּ.

פון איר מויל דעם קרומען
שטעקן ציינער צוויי,
אַז ס'איז גאָר אַן אימה
אַצוקוקן זיי.

הערט זי קינדער וויינען,
בלייבט זי דאָרטן שטיין.
לאָזט זיך מיטן שטעקן
צו די טירן גיין.

— זאָגט מיר נאָר, ווער וויינט דאָס?
גיט זי בייז אַ פרעג.
— קיינער, קיינער וויינט ניט,
גיי זיך אין דיין וועג.

זעצט זי זיך, אַ בייזע,
ווידער אויף דער ציג,
און זי נעמט זי שלאָגן
מיט דער לאַנגער שטריק.

רייט די באָבע טשוואָקלע
אויף דער ציג געשווינד,
הערט זיך איין, צי וויינט ניט
ערגעץ־וואו אַ קינד.

## ניט געשטויגן — ניט געפלויגן

הערט אַ מעשה, קינדערלעך,
הערט מיט נאָז און אויגן;
איבער באָבע יאַכנעס דאַך
איז אַ קו געפלויגן.

דאָס איז אמת, דאָס איז אמת,
דאָס איז אמת אַלץ געווען.
דאָס איז אמת, דאָס איז אמת,
איך אַליין האָב דאָס געזען.

זומער אָוונט אינדערפֿרי
איז אַ שניי געגאַנגען,
און אויף אַ געברענטן שטרוי
איז אַ בער געהאַנגען.

דאָס איז אמת, דאָס איז אמת,
דאָס איז אמת אַלץ געווען.
דאָס איז אמת, דאָס איז אמת,
איך אַליין האָב דאָס געזען.

אויף אַ בוים געטאַנצט אַ שער
האָבן גענדז און ציגן,
און אַ קאַץ האָט זיך געזעצט
אויסמעלקן די פֿליגן.

דאָס איז אמת, דאָס איז אמת,
דאָס איז אמת אַלץ געווען.
דאָס איז אמת, דאָס איז אמת,
איך אַליין האָב דאָס געזען.

האָט אַ פּאַווע איינגעשפּאַנט
העכט אַ פּאָר אין צעבער.
און ביי יאָשקען אויף דער נאָז
הענגט אַ לונג און לעבער.

דאָס איז אמת, דאָס איז אמת,
דאָס איז אמת אַלץ געווען.
דאָס איז אמת, דאָס איז אמת,
איך אַליין האָב דאָס געזען.

## ברוך — איך האַנדל

איך האָב פאַרקויפט מיין שטוב און פעלד
און זיך געלאָזן אויף דער וועלט.
נאָר ניט אַהין און ניט אַהער,
איך וויים ניט וואָס און וויים ניט ווער.

גו, האָב איך מיר ניט לאַנג געקלערט,
און איינגעהאַנדלט זיך אַ פערד.
ארויסגעפאָרן נאָר פון שטאָט —
מיין פערד גיט ווייטער ניט אַ טראָט.
נאָר ניט אַהין און ניט אַהער,
איך וויים ניט וואָס און וויים ניט ווער.

איך האָב מיין פערד פאַר האַלב פאַרקויפט
און האָב אַ בהמה זיך געקויפט.
אַ גרויסע קו און שיין ווי גאָלד —
האָט זי זיך מעלקן ניט געוואָלט.
נאָר ניט אַהין און ניט אַהער,
איך וויים ניט וואָס און וויים ניט ווער.

פאַרקויפט די קו — געקויפט אַ ציג,
און ניט געהאַט צו איר קיין גליק.
וואו נאָר אַ פעלד, אַ גאָרטן קרויט —
אַהאַ! מען שינדט איר שוין די הויט.
נאָר ניט אַהין און ניט אַהער,
איך וויים ניט וואָס און וויים ניט ווער.

איך האָב מיין ציג מיר אויך פאַרקויפט
און האָב אַ קעצעלע געקויפט.
און אויך ניט אָפּגעשניטן גוט:
זי האָט מיין נאָז צעקרעלט אויף בלוט.
נאָר ניט אַהין און ניט אַהער,
איך וויים ניט וואָס און וויים ניט ווער.

# אַ מעשהלע

איז אַ בעטלער צו אַ גרויסן גביר געקומען,
און דער גביר געווען איז אַ קאַרגער.
— גיט מיר עפּעס, גוטע מענטשן, אַ נדבה,
איך בין הונגעריק און מיד פון וועג.

— גיי! איך האָב דיר גאָרניט וואָס צו געבן,
האָט דער גביר זיך אויף דעם אָרעמאַן צעבייזערט, —
אַלע וואָלטן שטיקער נאָר פון מיר געריסן,
גיי זיך, אַלטער, גיי זיך אין דיין וועג!

און ביים פענצטער איז דעם עושרס ווייב געזעסן,
און זי האָט דעם אורח באַלד אַריינגערופן:
— קומט אַריין, רב ייד, זייט מוחל, קומט אַריין,
זעצט זיך צו, רוט־אָפּ און וואַשט זיך עסן.

און זי האָט פאַר אים צום טיש געגרייט,
ערשט זי זעט — אַ גרויסע ליכטיקייט אין צימער!
— זאָגט מיר נאָר, רב ייד, איך בעט אייך,
שיינען דאָס איצט זיבן זונען אויפן הימל?

— ניין, דאָס שיינען ניט קיין זיבן זונען,
נאָר דאָס שיינט דיין ליכטיקע נשמה,
און דאָס שיינען דיינע גוטע מעשים,
און דאָס שיינט די צדקה וואָס דו האָסט געגעבן.

האָט די פרוי דאָ זייער זיך דערשראָקן:
— זאָגט מיר, אפשר זייט איר טאַקע אליהו?
— שרעק זיך ניט, דו גוטע פרוי, ניט שרעק זיך —
אליהו הנביא איז דאָ איצט פאַר דיר.

האָט זי אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען:
— איך האָב דאָך געוואַרט אַזוי פיל יאָרן,
דו זאָלסט קומען און מיך בענטשן מיט אַ קינד,
אַז מיין נאָמען זאָל פאַרבלייבן אויף דער ערד...

— דיינע קינדער וואָלטן זיין רשעים,
ווי דיין מאַן, וואָס וועט זיך מאַטערן אין גיהנום!
איצטער קום, מען וואַרט אויף דיר אין הימל,
קום, און בעט דאָרט רחמים פאַר דיין מאַן.
און די פרוי געענטפערט האָט: איך גיי.

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

ווען דער עושר איז אין הויז אַריינגעקומען,
האָט ער שוין דעם בעטלער ניט דערווישט;
אויף דער ערד געלעגן איז זיין ווייב, ווי איינגעשלאָפן,
און פון פענצטער איז אַ טויב אַרויסגעפלויגן.

# די באָבע טאַנצט

מילד און גרוי און ליכטיק ווי אַ טויב,
אין אַ שיינעם בלימלדיקן הויב,
שטייט די באָבע שמייכלענדיק אין ראָד,
און פירט־אָן דעם ברייטן קאַראַהאָד:
— האַלט זיך קינדער, אַלע פאַר די הענט,
און ניט שאַרט זיך נאָענט צו די ווענט...
פלינקער, שנעלער! טרעט ניט אַזוי קרום —
איצטער דרייט זיך אַלע אויס אַרום...
ווערט דאָרט אַ געלעכטער, אַ געשריי:
— באָבע, עפּעס טאַנצט זיך ניט אַזוי...
באָבעניו, נו טאַנץ שוין בעסער דו!
בעט די באָבע: לאָזט מיך שוין צו רו...
הויבט זיך אויף אַ טומל און אַ קאָך —
ווערט די באָבע בייז, און גיט זיי נאָך.

טאַנצט אַ טאַנץ די באָבע, טאַנצט אַ טאַנץ!
וואַכט איר יוגנט אויף אין פולן גלאַנץ...
נייע קרעפּטן האָט זי איצט דערפילט,
ווייטע פרייד האָט זיך אין איר צעשפּילט;
עפּעס אַנדערש ווערט די באָבע גאָר...
טאַנצט אַ טאַנץ די באָבע, טאַנצט אַ טאַנץ, —
וואַכט איר יוגנט אויף אין פולן גלאַנץ...

קוקט דאָס יונגוואַרג זיך פאַרוואונדערט אָן,
און מען ווייס אַליין ניט וואָס צו טאָן;
פילט מען זיך אַ ביסל ווי פאַרשעמט.
עפּעס איז די באָבע איצטער פרעמד...
עפּעס איז די באָבע, דוכט זיך, יונג,
עפּעס האָט זי גאָר אַן אַנדער שוואונג!
שאַ! די באָבע בלייבט אין מיטן שטיין,
מורמלט וואָס און לאַכט צו זיך אַליין...
טוען אַלע זיך אַ לאָז צו איר, —
טוט זי מיט איר צאַרטער האַנט אַ פיר;
שמייכלען אַלע איינגעהאַלטן שטיל:
זאָל די באָבע זאָגן וואָס זי וויל!
נאָר זי לאָזט אַראָפּ פאַרשעמט דעם בליק —
און זי ווערט אַ באָבע שוין צוריק...

# אַ מעשהלע וועגן אַ מייזעלע

סוף־ווינטער, אין אַ בלויער נאַכט,
האָט דאָס פּאַסירט:
עס האָבן מייזעלעך אין קיך
אַ קאַראַהאָד געפירט.

אַ דריידל אַ געפלאָכטענע,
ווען איר וואָלט נאָר געזען...
די פירערקע איז גאָר אַ פּראַכט
אַ מייזעלע געווען!

אין טשעפּיקל מיט בענדעלעך
איז זי געוועזן שיין!
זי איז געשטאַנען אין דער מיט,
געוויזן ווי צו גיין.

און אַלע פאַר די לאַפּקעלעך
געדרייט זיך אין אַ ראָד;
געשמייכלט און געקיצלט זיך,
געשטיפט ביי יעדן טראָט.

זיי האָבן דאָרטן גוטמוטיק
און זייער פיין פאַרבראַכט;
ערשט מיטאַמאָל האָט זיך אַ „מיאַו"
דערהערט אין מיטן נאַכט.

„מיאַ־אַ־או" — האָט זיך פון דרויסן שטיל
דערטראָגן אַ געוויין.
אַ קאָץ! אין אימה זיינען דאָרט
געבליבן אַלע שטיין.

און באַלד אין אַלע לעכער דאָרט
צעלאָפן זיך אויף שנעל;
אַ מייזל האָט, אַנטלויפנדיק,
זיך אויסגעגלימשט ביים שוועל.

גערפאלן, נעבעך, איילנדיק...
זיך אויפגעכאפט צעמישט,
א רגע מיטן לאפקעלע
דאס נעזל זיך געווישט, —

און ווידער, א דערשראקענע,
שאר־שאר אזוי, אויף גיך...
און שטיל, און פוסט, און אומעטיק
געווארן איז אין קיך.

א פליג נאר האט פון שלאף, ווייזט אויס,
א זשום געטאן פארטראכט,
און דורכן פענצטער האט געקוקט
די שטערנדיקע נאכט.

# וועגן קאַרפּן און אָדלערס

איינמאָל אין אַ שיינעם טאָג,
גאָר אַ פיינעם זומער־טאָג,
האָט די קאַרפּיכע צום קאַרפּ,
צו איר מאַן, געטאָן אַ זאָג:

— „לאָמיר כאַפּן, קאַרפּ, אַ שווים
אין די וואַסערן אַרום!
זע, ווי שטיל עס איז און קלאָר,
ווי עס פינקלט אומעטום"...

ווילט זיך אים ניט... גאָר טו, מאַך,
ווען די יונגע ווייבל וויל!...
האָט דער קאַרפּ, כאָטש אַ פּוילאַק,
צוגעבאָמקעט אין דער שטיל.

שווימען זיי זיך אין דער טיף;
ער — געמאָסטן יעדער קער,
איינגעהאַלטן, לאַנגזאַם, שטיל —
שוין קיין יינגעלע ניט מער...

נאָר די קאַרפּיכע, אַ פרוי —
שטענדיק גרייט און שטענדיק יונג —
שווימט און שטיפט און קוליעט זיך,
נאָך אַ פלי, און נאָך אַ טונק!

נאָר אַ הויב זיך אין דער הויך,
נאָך אַ שפּרונג... נאָר אָט — אַ שרעק!
נעמט זי זינקען ווי אַ שטיין
גאָר אָן אָפּהאַלט גלייך צום דעק...

לאָזט זיך שנעל דער קאַרפּ צו איר:
— „וואָס איז דיר אַזוינס געשען?"
שטאַמלט זי אים קוים אַרויס:
— „אוי, וואָס איך האָב דאָרט געזען!"...

—„וואָס געזען! און וואו געזען!"
פרעגט דער קאַרפּ, און טוט אַ טראַכט —
פאָרט אַ פרוי... דער שוואַכער מין,
איז זי, נעבעך, אָפּגעשוואַכט...

— „אוי מיין מאַן! איך האָב געזען
דאָרטן, אויבן, אָך און וויי, —
וואו מען קען ניט אָטעמען, —
עפּעס מאָדנע ברואים צוויי!...

ניט זיי שווימען, נאָר אַזוי...
כ'וויים ניט — נאָר עס דוכט זיך מיר,
אַז זיי זיינען מאַן און ווייב,
פונקט אַזוי ווי איך מיט דיר!"

טראַכט דער קאַרפּ — נו, ווייס איך וואָס...
מאַלע וואָס אַ פּרוי פּאַלט-איין!
גיט ער איר אַ קיצל לייכט:
„גיי שוין, גיי — עס קען ניט זיין".

אין דער זעלבער שטילער שעה,
אין דעם זעלבן שיינעם טאָג, —
טוט די אָדלעריכע שטיל
צו איר שטאָלצן מאַן אַ זאָג:

— „לאָמיר גאָר אַ פּלי טאָן איצט,
אָדלער-לעבן, אָדלער-קרוין,
ס'איז דער זומער אַזוי קורץ,
און דער טאָג איז אַזוי שיין!"...

יע געוואָלט, צי ניט געוואָלט —
פּליט מען, ווען אַ ווייב באַפעלט!...
אויך אַ מלך איז, ווייזט אויס,
ביי זיין ווייב אַ קנאַפּער העלד...

הויבן זיי זיך אויף פון נעסט
אין דעם בלויען רוים אריין,
איבער בארג און איבער טאָל,
איבער וואַסערן אין שיין.

אויבן — הימל טיף און בלוי,
אונטן — וואַסער פריש און קאַלט, —
פליען זיי, ערשט מיט אַ מאָל
מאַכט די אָדלערין אַ גוואַלד.

לאָזט דער אָדלער זיך צו איר:
— „וואָס איז דאָ מיט דיר געשען?"
ענטפערט זי דערשראָקן אָפּ:
— אוי, וואָס איך האָב דאָרט געזען!"...

פרעגט דער אָדלער: „וואָס געזען?"
און עס קומט אים אין געדאַנק,
אַז זיין ווייב איז אפשר מיד
פון ארומפליען צו־לאַנג...

ענטפערט זי: — „אוי, אונטן דאָרט!
וואו די אָדלערס קומען אום,
וואו מען קען ניט אָטעמען, —
שוועבן ברואים צוויי אַרום!...

עפּעס מאָדנע ברואים גאָר!
ניט זיי פליען, נאָר אַזוי...
הערסטו דו? און עס פאַלט מיר איין
אַז זיי זיינען מאַן און פרוי.

זי פאַראַוים, און ער נאָך איר...
און עס דוכט זיך מיר, מיין מאַן,
אַז דאָרט אונטן אין דער טיף
איז אַן אַנדער וועלט פאַראַן!"...

טראַכט דער אָדלער, — ווייס איך וואָס?
מאָלע וואָס אַ פרוי פאַלט איין...
גיט ער איר אַ קוש אין קאָפּ: —
— „גיי שוין, גיי — עס קען ניט זיין!"

# אַ חתונה

ניט אַהינטער ים און טייכן
אין אַ פּאַלאַץ אין אַ רייכן,
ניט אַהינטער בערג און טאָל,
ווי מען זאָגט אייך אַלע מאָל, —

האָט ניט, קינדער, קיין פּאַראַיבל:
נאָר אין גאָר אַ קליינעם שטיבל
האָט אַמאָל אַ יונגע פּליג
חתונה געהאַט מיט גליק.

ס'איז אַ חתונה געווען,
וואָס מען קאָן גאָר ניט פאַרגעסן,
ווייל עס טרעפט זיך זעלטן ווען
אַזאַ חתונה צו זען!

מחותנים רייכע אַלע...
און דער חתן מיט דער כלה —
זעלטן ווען מען זעט עס גאָר
אַזאַ צוגעפּאַסטע פּאָר.

גרויסע מיוחסים ביידע:
ס'האָט דעם חתנס עלטער-זיידע,
פלעגן זאָגן אַלטע לייט,
נאָך געשטאַמט פון טיטוס-צייט.

צו דער חתונה, פֿאַרשטייט זיך,
האָבן אַלע שטאַרק געגרייט זיך.
אַזאַ זעלטענעם פּאַראַד
האָט קיין פֿליג נאָך ניט געהאַט.

אין דעם חופּה־טאָג באַגינען
זיינען פֿליגן אָן אַ זינען
אומגעפֿלויגן הין און הער
און געאַרבעט נעבעך שווער:

דעם — האָט אויסגעפּעלט אַ פּליאַטע,
דעם — אַ יאַק צי אַ קאַפּאָטע,
קורץ, מען האָט זיך אומגעדרייט,
צום באַזעצנס זיך געגרייט.

כלה־פֿליגן שטאַרק צעטראָגן
האָבן זיך געפּוצט, געצוואָגן;
די האָט צוגענייט דעם שלעפּ,
יענע האָט פֿאַרפֿלאָכטן צעפּ.

אַז מען איילט זיך — דעמאָלסט גייט ניט,
און דער טאָג, דער טאָג ער שטייט ניט,
באַלד וועט שוין די זון פֿאַרגיין,
צו באַזעצנס דאַרף מען גיין!

און אין גאַס דערווייל די גרילן,
האָבן שוין גענומען שפּילן
אַ „דאָברידזיען", אַ וויוואַט,
חתנס צד און כלהס צד.

שפּעט אין אָונט ערשט גענומען
האָבן ביסלעכווייז צו קומען
מחותנים פון דער ווייט,
פיינע, אָנזיכטיקע לייט:

זיבן בינען ווי די גלאָקן
אין די גאָלד־געשטרייפטע ראָקן
האָבן זיך געלאָזט אַליין
צו דעם חתן־מאָלצייט גיין.

און נאָך זיי, ווי פיינע קווייטן,
אַכט גאָטס־בהמהלעך אין רויטן,
פלאַטערלעך פיר וויים און גרין,
און אַ שפּרינגער לאַנג און דין.

גלייך נאָך דעם קבלת־פּנים
זיינען אַלע מחותנים
מיט דעם חתן שיין און פיין
צום באַדעקנס שטאָלץ אריין.

נאָך די ערשטע טענץ נאָך אַלע
האָט מען דאָרט געשטראָפט די כלה
און, ווי ס׳פירט זיך אויף דער וועלט,
האָט קיין טרער דאָרט ניט געפעלט.

חתנס צד האָט זיך געבלאָזן...
ביז מען איז דאָרט מיטן חתן
אין אַ גוטער שעה אַוועק
צו דער חופה איבער וועג.

אונטערפירער בלויע פליגן
אויסגעפוצט, — אַ פאַרגעניגן,
מיט הבדלות אין די הענט
האָבן גאָר אַ וועלט געברענט!

און אַנטקעגן הינטער הרובע
האָט מען אויפגעשטעלט אַ חופה!
דאָרטן האָט די יונגע פּאָר
זיך פאַרקניפּט אויף לאַנגע יאָר.

„פון דער חופה צו דער סעודה
האַלט זיך, האַלט זיך מיט דער דודע",
אויפגעשפּילט האָט די מוזיק, —
מזל טוב! זאָל זיין מיט גליק!...

פון דער חופה נאָך געקומען,
האָט מען תיכף זיך גענומען
צו דעם רומפל, ווי עס פּאַסט,
אויסצוזוען יעדן גאַסט.

מיט א סדר... ניט פאַרגעסן
וועמען וואָס צו געבן עסן,
ס׳האָט אויף דעם געהאַט איר בליק
אַ געניטע שפּאַניער פליג.

אין די שאָלעכצן פון ניסלעך
איז געוועזן אַלץ צו ביסלעך:
ברעקלעך צוקער, גרייפּלעך, ברויט,
און אַפילו ווערעם־קרויט.

אַלץ געוועזן, גאָט צו דאַנקען!
און די עסנס, די געטראַנקען,
האָבן אַלעמען געשמעקט,
ס׳האָט די פינגער נאָך געלעקט.

אומעטום, אין יעדן ווינקל,
האָט געלויכטן און געפינקלט,
ס׳האָבן דאָרט די גוטע פריינט,
פייער־פליגעלעך, געשיינט.

און אַ פּלאַטערל אין ווייסן
האָט דאָרט נאָכדעם, ביים פאַרבייסן,
אויסגערופן מיט אַ דאַנק
יעדן איינעמס דרשה־געשאַנק.

נאָכן עסן האָבן גרילן
אָנגעהויבן טענץ צו שפּילן,
און דער עולם האָט מיט פרייד
אין אַ רעדל זיך געדרייט.

אָנגעטאַנצט מיט פאַרגעניגן
האָבן אַלע פרייסן, פליגן,
נישט געקוקט מיט ווֶעמען ווער,
זיך געהאָפּקעט אין אַ שער.

יונגוואַרג האָבן כלה־חתן
אין אַ קאַראַהאָד געשלאָסן,
און מיט טומל און געשריי
זיך געהאָפּקעט אַרום זיי.

אויך אַ חסידל האָט שפּעטער
דאָרט געטאַנצט, אַן אַלטער פעטער,
צוגעזונגען, צוגעקנאַקט,
און געהאָצקעט זיך צום טאַקט.

און וואָס ווייטער — מער דערוואָרעמט,
מער געטומלט, מער געליאַרעמט,
ביז מען האָט באַשטעלט ביים גריל
אַ צוועלף־פּאַריקע קאַדריל.

מחותנעסטעס אין יאָרן, —
גאָר ווי אויפגעריכט געוואָרן, —
האָבן מיט אַ יונגן חן
זיך צום טאַנץ געלאָזן גיין.

טענץ אַמאָליקע... אַ בורע,
אַ לאַנסע מיט פיל פיגורן,
און אַ שטאָק־טאַנץ ברייט און פריי
מיט געלויף און פּאַטשעריי.

און די מוקן, וואוילע יונגען,
האָבן פריילעך צוגעזונגען,
און אַ פלאַטערל אין גרין
האָט צעקושט זיך מיט אַ בין.

מיטאַמאָל, אין מיטן רומל,
איז געוואָרן דאָרט אַ טומל:
ערשט מען זעט — אַ שפּין קומט אָן,
גלייך צום רעכטן אויבנאָן!

גייט און ציט נאָך זיך אַ קניילכל...
און זיין קײלעכדיק פּעט בייכל, —
אַזוי מאָדנע ווי עס איז, —
וויגט זיך אויף די דאַרע פּיס.

איז געוואָרן אַ מהומה.
פון דער כלהס צד אַ מומע
האָט אין גרויסן טומל דאָרט
גלייך געחלשט אויפן אָרט.

קוים דערמינטערט זי אַ ביסל...
מיט אַן אויסגעלינקטן פּיסל,
האָבן חברה יונגעלייט
אָפּגעפירט זי אַן דער זייט.

און אין טומל אין דעם גרויסן
האָט מען זיך געשטופּט צום דרויסן,
נאָר דער לאַנגער שפּרינגער דאָרט
האָט זיך ניט גערירט פון אָרט,

ער האָט גאָר זיך ניט פאַרלאָרן,
נאָר אַ ביסל בייז געוואָרן, —
זיך אַ שטעל געטאָן און באַלד
אויפגעהויבן דאָרט אַ גוואַלד:

„סטייטש, אַ שמחה גאָר פאַרשטערן!
לאָמיר נאָר אַפּריער הערן,
אפשר קומט דער שפּין אַהער
ווי אַ פראָסטער גאַסט, ניט מער!

איך וועל קאָרשט אים גיין אַנטקעגן,
און איך וועל אים טאַקע פרעגן, —
ווייל דער שפּין איז, ווי מיר שיינט,
מיינער גאָר אַן אַלטער פריינד".

און אַ ביסל אָנגעבלאָזן,
האָט ער זיך צום שפּין געלאָזן.
וואָס גערעדט זיי האָבן דאָרט,
האָט מען ניט געהערט קיין וואָרט.

גאָר ער איז צוריקגעקומען
מיט דעם גאַסט אַרומגענומען, —
„קום, מיין ליבער פריינט, אַריין
נעמען דאָ צו ביסלעך ווייַן."

און אַ הויכע פליג, אַ דאַרע,
האָט גענומען מאַכן וואַרע,
מאַכן וואַרע ווי עס פּאַסט
פאַר אַן אָנגעלייגטן גאַסט.

און די קלעזמער — קלוגע גרילן —
האָבן אָנגעהויבן שפּילן
פאַר דעם גאַסט מיט גרויס פּאַראַד
אַ גרויסאַרטיקן וויוואַט.

און דער שפּין האָט פון דערווייטן
זיך גענויגט אין אַלע זייטן,
און ער האָט דער יונגער פּאָר
צוגעוואונטשן לאַנגע יאָר.

„אַז צום גוטן — איז מיט גוטן,
בין איך אויך דאָך אַ מחותן...
טאַקע ווי איר זאָגט אַליין:
נאָר אויף שמחות זאָל מען גיין"...

אָנגעקוואָלן האָבן אַלע,
ווען דער חתן מיט דער כלה
האָבן אַזוי שיין און פיין
מיט דעם גאַסט געטרונקען וויין.

די גאָטס בהמהלעך די קליינע,
אין די מאַנטעלעך די שיינע,
האָבן פאַרן שפּין מיט גלאַנץ
דורכגעטאַנצט דעם ברוגז-טאַנץ.

באַלד האָט דאָרט אַ ברען — אַ מומע
אין אַ קאָזאַק זיך צעשוואומען;
און דעם „גזלן”, גאָר אַנטיק,
האָט געטאַנצט אַ כלה־פּליג.

און אַזוי איז מען געזעסן
און געטרונקען, און געגעסן.
נאָכדעם האָט דער שפּין אַליין
זיך געלאָזט אַ טענצל גיין.

אַלע האָבן צוגעזונגען,
און לחיימס פיל געטרונקען.
און אַזוי האָט מען אַ נאַכט
ביז אין העלן טאָג פאַרבראַכט.

אוי, וואָס דאָרטן האָט געטאָן זיך!
איצטער אויך, אַז איך דערמאָן זיך,
נעמען מיינע פיס אַליין
אין דער שטוב אַ טענצל גיין.

ס'איז אַ חתונה געווען,
וואָס מען קאָן גאָר ניט פאַרגעסן,
ווייל עס טרעפט זיך זעלטן ווען
אַזאַ חתונה צו זען.

## שוואַרצע רויזן

אין מיין האַרצן בליען רויזן,
שוואַרצע רויזן פון דעם אומעט...
נערן זיי די טויען־טרערן
און ס׳דערוואַרעמען זיי זיפצן.

ווען דאָס לעבן שיינט און צויבערט
און עס לויכט דער יונגער פרילינג,
בליט דער אומעט אין מיין האַרצן,
בליען מיינע שטילע רויזן...

שוואַרצע אומעטיקע בלומען!
מיינע פינצטערע געזאַנגען
און פאַרשוואונדענע חלומות
און פאַרלאַנגען ניט דערגרייכטע!

מיינע קוויטן! קיינער פילט ניט
אייער וואונדערלעכע שיינקייט!
און אויך שפּעטער, רויזן מיינע,
זאָלט איר בליען אויף מיין קבר...

# הויכע הימלען

הויכע הימלען אָן אַ גרענעץ,
שטילע פעלדער... ס׳טוט מיר באַנג...
און דער אַלטער וואַלד פון ווייטן
איז פאַרטיפט אין זיין געדאַנק.

שטיל און טונקל... אָפּטע בליצן
וועקן אויף פון שלאָף די נאַכט;
עפּעס שטיל דערציילט דאָס ווינטל
און עס רעדט אַזוי פאַרטראַכט...

וואָלקנס ציען... און פאַרצווייפלט
ווינקען ווייטע בלייכע שטערן, —
אויפן האַרץ איז שווער... פאַרדראָסיק.
פון די אויגן פאַלן טרערן.

אין דעם שאָטן פון די ביימער
וואַקסן בלימלעך לעבן קוואַל,
נאָר עס שיינט אויף זיי די זון ניט —
און זיי בענקען נאָך אַ שטראַל...

## ש נ י י

שניי און שניי, עס בלענדט די אויגן!
ווייס די פעלדער און דער וואלד;
רואיק שטיל איז אויף די פעלדער
און דאָס לעבן שטיל און קאַלט.

שניי און שניי, אַ ווייסער חלום
האָט באַדעקט די ערד אויף לאַנג.
ווי אַ קינד אין שפּעטן אָוונט
איז פאַרשלאָפן דער געדאַנק.

שניי... וועסט פרילינג זיך צערינען
מיט אַ רוישיקן געשריי...
וועב דערווייל זיך, חלום ווייסער,
שטילער, שטערנדיקער שניי.

## ווייסע וועגן

ווייסע וועגן, ווייס דאָס פעלד,
אומעטום נאָר שניי און שניי;
לאָז איך זיך אַוועק און גיי
אָנקוקן די ווייסע וועלט.

דאָרטן האָט געשפּילט אַ קוואַל
אין דעם שיין פון הייסן שטראַל,
צוהערן פלעג איך זיך לאַנג
צו זיין רוישיקן געזאַנג.

בלימלעך האָבן דאָרט געבליט —
איצטער זע איך זיי שוין ניט...
אויף אַ בוים נאָר אין דער הויך
זיצט אַ ראָב און טרויערט אויך.

# ווייסע בלימעלעך

שניי, מיין ליבע, ס'גייט א שניי —
זיי ניט טרויעריק אזוי...
ווייסע בלימעלעך פארקלערט
פאלן שטילערהייט אויף דר'ערד.
שניי, מיין ליבע, ס'גייט א שניי —
זיי ניט טרויעריק אזוי...

שיין צו קוקן שטילערהייט
אויף די פעלדער ווייס און ברייט,
אויף דער שטיבל אן א זייט
פון דעם וועג ערגעץ ניט ווייט,
אויף דעם וואלקנדל פון רויך,
וועלכער פלעכט זיך אין דער הויך.

ווי געהיים זעט אוים די נאכט.
די לבנה קוקט און לאכט:
אט א וואלקן הילט איר איין
און באהאלט איר ווייסן שיין,
נאר אט ווייזט זי זיך צוריק
מיט איר שמייכלענדיקן בליק...

# אין צימער

אין צימער אין מיינעם איז ליכטיק און וואַרעם,
עס גליען די קוילן אין אויוועלע העל;
איך זיץ אַ פאַרטראַכטער און קוק ווי די פונקען,
די דימענטן־פונקען פאַרלעשן זיך שנעל.

ס'איז פרילינג געוועזן מיט בלעטער און בלומען,
און זומער — אַ פרייע און ליכטיקע וועלט!...
און פייגעלעך האָבן אין וועלדער געזונגען,
און ס'האָבן זיך מענטשן געפרייט אויפן פעלד.

און נאָכדעם דער האַרבסט האָט די טרוימען צעטריבן,
די בלומען צעריסן, דעם יום־טוב פאַרשטערט;
עס זיינען די ווינטן און רעגנס געקומען
און האָבן באַוויינט די פאַרלאָזענע ערד.

און איצט האָט דער ווינטער פאַרגליווערט די טרערן,—
ס'איז קאַלט אויפן פעלד, אין די וועלדער איז שטיל...
איך זיץ אַ פאַרטראַכטער און קוק ווי די פונקען,
די דימענטן־פונקען פאַרלעשן זיך שטיל.

און דאָרט הינטער פענצטער, אויף שנייאיקע פעלדער
קוים שלעפּט זיך אַ פערדל פאַרפראָרן און מיד.
אַן אָרעמער שפּאַן און אַן אָרעמער שליטן —
עס פאָרט פון אַ נאָענטן דערפל אַ ייד.

געפאָרן, געהאָפט עפּעס וואָס צו פאַרדינען;
דאָס ווייב ליגט אַ קראַנקע, און גרויס איז די נויט.
די קינדער פאַרשמאַכטע פון קעלט און פון הונגער,
ניטאָ זיי צו געבן אַ שטיקעלע ברויט.

קוים שלעפּט זיך דאָס פערדל פאַמעלעך, גלייכגילטיק,
פון ערגעץ דערטראָגט זיך אַ וואָיען פון וועלף...
דער ייִד איז פאַרטראָגן אין זיינע געדאַנקען —
וואו נעמט מען, וואו נעמט מען, אַ ליבער גאָט, העלף.

עס פאַלן פון אויבן די שנייעלעך לאַנגזאַם —
און פלעכטן אין לופטן זיך שטיל אָן אַ סוף,
פאַרהילן די פעלדער אין פוכיקע קליידער —
פאַרוויגן, פאַרטוליען די ערד ווי צום שלאָף...

אַ שלאָף אָן חלומות, אַ טיפער, אַ קאַלטער,
אַ בלענדיקע ווייסקייט אַרום און אַרום,
מען זעט ניט קיין וועגן, קיין הימל, קיין שטערן,
נאָר שנייעלעך דרייען זיך לאַנגזאַם און שטום.

## אין ווינטער

אַנגעקומען שוין דער ווינטער
מיט די קעלט און פרעסט;
אוי, ווי ווייט, ווי ווייט פאַרפלויגן
בין איך פון מיין נעסט.

ווייט, פאַרלאָרן בין איך איצטער,
עלנט אין מיין ווײ...
ווייסע פעלדער, שטילע פעלדער
איינגעדעקט אין שניי.

## אין ניי־יאָר־נאַכט

עפּעס ליגט אַ שטילער טיף־געהיימער טרויער
אין די לעצטע רגעס פון דעם אַלטן יאָר;
ווען נאָך אונדז פאַרמאַכט זיך אין דער שטיל אַ טויער
פון דעם ליבן חלום און דעם שווערן וואָר.

וואַכן אויף אין אונדז פאַרגעסענע געפילן
ווען עס שלאָגט דער זייגער צוועלף אין האַלבער נאַכט;
קליינע קינדער וויינען, קליינע קינדער שפּילן,
שטענדיק פון אַן אויג פון עמעצנס באַוואַכט...

נאָך מער אומפאַרשטענדלעך ווערט פאַר אונדז דאָס לעבן
אין די ערשטע רגעס פון דעם נייעם יאָר;
ווען מיר הויבן אָן אַ נייעם חלום וועבן
דער באַשייד פון וועלכן איז פאַר אונדז ניט קלאָר.

# שוואַרצע פייגל

שוואַרצע פייגל נאָגן,
קלאָגן
נאָך די טעג.

און די ווינטן טראָגן,
יאָגן
אויף מיין וועג.

זיפצט דער מזל, טרויערט,
לויערט
אויף מיין טראָט.

און דער טויט טוט וועקן,
שרעקן
מיט זיין סוד.

# אין פּאַרק

פאַלן בלעטער, פאַלן,
ווי די טרערן פון מיין וויי,
פאַלן בלעטער פאַלן...
פאַלן בלעטער געלע, ברוינע,
אויסגעמאַטערטע אַזוינע —
טרערן פון מיין וויי.

ערגעץ אויף די וועגן
וואַלגערן זיך בלעטער אום,
אויף די גרויע וועגן.
בלעטער געלע, בלעטער ברוינע,
אויסגעמאַטערטע אַזוינע —
וואַלגערן זיך אום.

גרוי און שווער דער הימל
ווי דער צער פון מיינע טעג,
שווער און גרוי דער הימל...
און די בלעטער געלע, ברוינע,
אויסגעמאַטערטע אַזוינע
פאַלן אויף מיין וועג.

## וואָס זיפּצט איר?

וואָס זיפּצט איר, פאַרחלומטעביימער,
אין בלייכן און בלווילעכן שיין?
אַ ביימער, פאַרחלומטע ביימער,
איך ווייס שוין פון לאַנג אייער פּיין.

און דו, מיט באַזילבערטע פליגל,
ניט כישוף מיך, איינזאַמע נאַכט;
פאַרשפּרייט די באַזילבערטע פליגל
אויף די וועמען ס'פרייט נאָך דיין פּראַכט.

ניט שיינט פאַר מיר, ליכטיקע שטערן, —
איך בין דאָך שוין נאָענט פון ברעג;
נאָר שיינט בעסער, ליכטיקע שטערן,
פאַר די וואָס פאַרבלייבן אין וועג...

## דער רעגן גייט

דער רעגן גייט
שוין שפּעט,
און רעדט, און רעדט,
שוין צייט צו גיין...
ניט וויין,
ניט וויין.

# האַרבסט

פאַרשוואונדן, פאַרשוואונדן די טעג פון דעם זומער,
פאַרשוואונדן די לויטערע בלויקייט פון הימל.
נאָר צייטנווייז לייכט נאָך די זון ווי אין טרויער
און קוקט אויף דער ערד מיט אַ שמייכל
און זעגנט זיך לאַנגזאַם.

עס בליען נאָך בלומען, די אָרעמע בלומען
דער אָטעם פון זומער האָט זיי נאָך געבוירן,
עס האָט זיי דער וואַרעמער טוי נאָך דערצויגן.
פאַרגליווערט און בלייך זיינען זייערע פאַרבן,
זיי שטאַרבן, זיי שטאַרבן.

עס שטייען פאַרטראַכטע, פאַרחלומטע ביימער
אין גאָלדענע קליידער פון שפּעטיקן זומער,
אַ בלאַט וואו ניט וואו פאַלט אַראָפּ אין דער שטילקייט
און פלאַטערט אין לופטן אַ מידער, אַ שטילער —
אַ הילפלאָזער פויגל.

און טרויעריק, טרויעריק קוקן די פעלדער,
די נאַקעטע, הוילע, פאַרלאָזענע פעלדער.
עס דוכט זיך, זיי וועלן שוין קיינמאָל ניט גרינען,
ניט לאַנג האָבן זיי נאָך געהילכט פון געזאַנגען
און פריילעכע לידער.

און באַלד וועלן קומען די רעגנס און ווינטן
און וועלן די ערד און דעם זומער באַקלאָגן,
און באַלד וועלן קומען די האַרבסטיקע נעפּלען
און וועלן אין שווערער און קלעפּיקער גרויקייט
דאָס לעבן פאַרהילן . . .

# האַרבסט-שטימונג

## א

ביי די קלעפּיק-גרויע וועגן
וועלקן שוין די לעצטע בלומען...
פלעכט זיך, פלעכט זיך, טריבער רעגן,
איצטער איז דיין צייט געקומען!

וועב דעם אומעט... צו באַדעקן
הימל, ערד אין גרויע פלעקן,
הימל, ערד אין גרויע פאַרבן,
שטאַרבן מוז מען, שטאַרבן, שטאַרבן...

אוי, דאָס האַרץ גייט אויס פאַר ליידן!
אוי, ווי שווער איז זיך צו שיידן,
מיט די געלבלעך-גרויע פעלדער
מיט די ברוינע, הוילע וועלדער,

מיט די האַרבסטיק-נאַסע וועגן,
מיט די הייזלעך אונטער רעגן,
מיט די אָפּגעבליטע בלומען,
מיט דעם פרילינג, וואָס וועט קומען...

## ב

לאַך ניט, בייזער ווינט פון פעלד,
פון דער אומעטיקער וועלט!
פריי זיך ניט וואָס בלעטער פאַלן...
אויף די פעלדער פריי און ברייט
וועט זיך ווידער זאַנגען ברויט
אין דעם גאָלד פון זומער-שטראַלן.

ג

הערט איר דאָרטן פון דער ווייטנס
ווי עס קלאָגן פידלען, פלייטן,
הערט איר דאָרט אַ ביטער וויינען
נאָך אַ יונגן מאַן אַ טויטן ?

אויפן אַלטן בית־הקברות
אין אַן אומעט אין אַ שווערן,
ווערן־אָן די אַלטעביימער
געלע בלעטער, בלעטער־טרערן...

און דער ווינט, ער כאַפּט זיי אונטער,
דרייט זיי, שליידערט זיי אין צאָרן.
און פון אויבן קלאָגט דער הימל
אויף די וויסטע טעג און יאָרן...

## אַלץ קירצער

אַלץ קירצער די טעג און די אָוונטן לענגער
דער האַרבסט איז געקומען — און ווינטער איז באַלד
און איך האָב קיין פרייד ניט געהאַט נאָך אין לעבן,
מיין פרילינג איז אויך געווען כמאַרנע און קאַלט.

און איך בין מקנא די בלעטער די געלע,
וואָס ליגן אויף ד׳ר׳ערד אונטער יעדערנס טריט.
דאָס גליק איז ניט אייביק — נאָר זיי האָבן זומער
גענאָסן פון לעבן — געוואָקסן, געבליט...

דער האַרבסט איז געקומען...געקומען פאַר יענע
פאַר וועמען די זון האָט אום זומער געשטראַלט,—
נאָר איך האָב קיין גליק נישט געהאַט נאָך אין לעבן —
מיין פרילינג איז אויך געווען כמאַרנע און קאַלט...

## די פליג

פליט אין צימער אום אַ פליג און זשומעט,
און באַטויבט.
אוי, די ווייסע פליגל פון דיין אומעט
זיינען שוין פאַרשטויבט.

און דיין צער איז מער ניט איינגעשלאָסן,
ניט געצאַמט.
האָסט דיין שוימענדיקן ווייַן צעגאָסן
אויפן הייסן זאַמד.

# און פון אַלע זייטן

און פון אַלע זייטן קומען
פינצטערע געדאַנקען, —
קינדער מיינע, טרוימען מיינע,
לאָזט מיך ניט אַ קראַנקן!

לאָזט ניט איבער מיך אין שטורעם
עלנט און פאַרטריבן;
איר זענט דאָך ביי מיר אין לעבן
איינציקע פאַרבליבן.

# דו ביסט אַוועק

דו ביסט אַוועק אין וויי טן לאַנד
און ווע סט צוריק ניט קומען;
און אויסער צער און אויסער שאַנד, —
וואָס האָסטו מיטגענומען?

און איך, וואָס בין פאַרבליבן דאָ,
וועל זיך צום וועג ניט גרייטן:
עס וועט מיך ביז דער לעצטער שעה
דיין גרויסער צער באַגלייטן.

# אַ נאַכט

אַ נאַכט פון הארבסט, אַ שווערע נאַכט,—
ניט קוק אויף מיר אַזוי פאַרטראַכט!
נעם אַפּ פון מיר דיין שטילן בליק,—
ניטאָ קיין גליק, ניטאָ קיין גליק.

דער רעגן רוישט, דער רעגן גיסט...
ניט וויין, ניט וויין, עס איז אומזיסט.
פאַרוועלקטע בלומען בליען ניט—
און יוגנט־טרוימען קומען ניט...

דו הערסט, עס קלאַגט און וויינט דער ווינט?
פאַרגעס, פאַרגעס, מיין טייער קינד.
ניט קוק אויף מיר, נעם אַפּ דיין בליק—
ניטאָ קיין גליק, ניטאָ קיין גליק...

# טראָג אַוועק

הארבסט — אַן אומעט אויף דער וועלט,
רעגנדיק און קויטיק,
שטורעם־ווינט פון וויסטן פעלד
טראָג אַוועק מיין וויסטן ווייטיק.

טראָג אַוועק מיין גרויסן ווי
איך זאָל אים מער ניט פילן.
טראָג זיך, טראָג זיך שטורעמווינט
נאָך דיין בייזן ווילן.

## האַרבסט־מעלאָדיע

גרויע הימלען, גרוי דאָס לעבן
און אַ טריבער רעגן גיסט —
און איך ווייס ניט נאָך וואָס בענק איך
און איך ווייס ניט וואָס פאַרדריסט.

צי איך בענק נאָך יענע בלומען
וועלכע וועלקן אויפן פעלד —
נאָך די עלנטע נשמות
וועלכע בלאָנדזשען אויף דער וועלט.

גרויע הימלען, טריב דאָס לעבן,
און דער רעגן גיסט און גיסט...
כ'ווייס אַליין ניט וואָס פאַרט בענק איך —
און איך ווייס ניט וואָס פאַרדריסט.

## די מידע הימלען

די מידע הימלען רעגענען,
ווי אומעטיק איז היינט,
צי וועל איך דיך באַגעגענען
אַ צווייטן מאָל, מיין פריינט?

עס ציטערן און פלאַטערן
די בלעטער וואו פאַרקלערט,
ווי לאַנג זיך וועלן מאַטערן
די מענטשן אויף דער ערד?

# ביסלעכווייז

אַלץ ווערט ביסלעכווייז פאַרלאָרן
אין געלויף פון טעג און יאָרן,
ווי אַן אָפּגרונט איז דאָס לעבן:
פרייד און ליבשאַפט, האַס און גליק —
קיין זאַך קערט זיך ניט צוריק.

יאָ, און קיין זאַך איז ניט אייביק...
דאָס געפיל ווערט אַלט און שטויביק, —
ווי אַ שפּינוועבס איז דאָס לעבן:
אין אַ ווינקל ערגעץ־וואו
טוליעט זיך דער עבר צו.

און עס בייטן זיך די פאַרבן, —
נאָך אַ כוס און נאָך אַ שאַרבן, —
ווי אַ שפּיגל איז דאָס לעבן!
שיין און מיאוס, יונג און אַלט,
אַ געשטאַלט נאָך אַ געשטאַלט...

# פערזן

וואוהין גיי איך אוועק,
צו וואס בין איך געקומען?
דער אטעם שטעלט זיך אפ
פון אימה און פון שרעק...
א וואלקן קומט פון ים,
צעשפרייט זיך, ווערט צעשוואומען —
און גיט זיין וואסער ווידער
צו דעם ים אוועק.

דערווײַלע מיט זיין קומען
טרינקט ער אן די פעלדער;
עס בליט און וואקסט און וועלקט —
א לעבן אן א סוף!
און אפשר איז אין דעם
א רמז א פארשטעלטער:
אז פאר דער זינד פון לעבן
איז דער טויט א שטראף.

אין לעבן איז דאך איינער
פאר דעם צווייטן ערב;
פון דור ביז דור דער תהום
אין אייביקייט פארשווינדט;
און אלץ וואס ווערט געבויט
דאס אלץ מוז ווערן חרוב,
און אלע מוזן צאלן
פאר דער ערשטער זינד.

און אפטמאל דוכט זיך מיר,
אט הער איך ווי מיך שעלטן
די לאנגע דורות, וועלכע
קומען פון מיין דיך...
און ס'וויינען אין מיין בלוט
די ניט־געלעבטע וועלטן
די ניט־געלעבטע וועלטן
וואס איך טראג אין זיך.

# דער זייגער

הענגט אַ זייגער אויף דער וואַנט
יאָרן, יאָרן נאָכאַנאַנד.
און דער אומרו אָן אַ זין —
וויגט זיך אום אַהער, אַהין.

מאַכט דער אומרו: טיק — טיק — טיק,
האָסט קיין גליק ניט, האָסט קיין גליק...

רוקן זיך די ווייזערס אום,
ציייגן אָן אויף עפּעס שטום;
נאָך אַ ווײַלע, נאָך אַ שעה —
ס'איז קיין האָפענונג ניטאָ.
נאָך אַ טאָג, — און נאָך אַ נאַכט...
שטענדיק, שטענדיק גוט באַוואַכט.

מאַכט דער אומרו: טיק — טיק — טיק,
וועסט ניט גיין, מיין פריינד צוריק...

שווינדן שעהן מיט אַ קלונג:
אַ געהיימניספולן וואונק —
עפּעס, עפּעס וועט געשען,
וואָס דו וועסט ניט וויסן ווען,
און דו וועסט דאָס ניט פאַרשטיין.
איך וועל, אָבער, גיין און גיין...

מאַכט דער אומרו: טיק—טיק—טיק,
אייביק, אייביק איז מיין בליק...

בויג איך איין מיין מידן קאָפּ—
שטעל זיך, צייט, אַ ווײַלע אָפּ!
נאָר דער זייגער גייט און גייט
אומפאַרמיידלעך ווי דער טויט!...

מאַכט דער אומרו: טיק—טיק—טיק,
דיין געשריי אין זיך דערשטיק...

## אויף מיין שטערן

אויף מיין שטערן רוט דער אומעט
פון דער אָסיען-נאַכט;
רעגן-טראָפּנס טריפן, רוישן
אומעטיק, פאַרטראַכט.

אויף מיין שטערן רוט דער אומעט, —
ס׳ציט מיך אין דער ווייט...
ניין... כ׳וועל בעסער דאָ פאַרבלייבן,
בענקען אָן דער זייט.

## פון טאָג צו טאָג

פון טאָג צו טאָג, פון יאָר צו יאָר —
דער וועג איז קלאָר, דער וועג איז קלאָר.

און אָפט אַ טרער פאַלט שטילערהייט
אין בעכער פון דער לעצטער פרייד.

און דאָרט, אויף יענער זייט פון צאַם,
דער שווייגנדיקער תהו־ים.

# טאַלאַנט

ווער ס'האָט פון קינדווייז אָן נאָך פיל געטראַכט
און זיך גאַנץ אָפּט אין מיטן שפּילן
פאַרקליבן אין אַ ווינקעלע אַ שטילן,
ווי אַ פאַרבענקטער פויגל אין פאַרנאַכט,
אויף יענעם רוט דער צייכן פון טאַלענט,
אַז צווישן מענטשן ווערט ער גלייך דערקענט.
קאָן זיין, אַז גאָט, ווען ער האָט אים באַשאַפן,
האָט לאַנג געטראַכט און ניט באַשטימט דערביי
צי זאָל ער זיין אַ שקלאַף פון אַלע שקלאַפן,
צי זאָל ער זיין אַן אַדלער שטאָלץ און פריי.

ווער ס'איז אין יוגנט אויך געווען אַליין...
אַרומגעגאַנגען אויפן פעלד ביינאַכט;
געוואָלט באַגרייפן אַלץ, און אַלץ פאַרשטיין,
געוואָלט דערגיין דעם גרויסן סוד פון לעבן,
נאָר אָפּטמאָל גאָר פון זיך אַליין געלאַכט,
ניט ווּסנדיק קיין ציל צו וואָס צו שטרעבן,
און אָנגעוואָרן צייטנווייז די מוט,
ווייל אויסגעפינען האָט ער ניט געקענט
דעם גרונד און אונטערשייד פון **שלעכט** און **גוט**,—
אויף יענעם רוט די קללה פון טאַלענט.

און רייף און אַלט איז ער געוואָרן דאַן,
ווען ער האָט זיך צום סוף אַליין דערטראַכט,
אַז אומרעכט נאָר איז אויף דער וועלט פאַראַן, —
און פינצטער, פינצטער איז אַרום די נאַכט.
אָ, יאָ, ער האָט פאַרשטאַנען גוט די וועלט!
זיין גייסט, זיין ווי האָט ער פאַרקויפט פאַר געלט,
און שמייכלענדיק האָט ער זיין גייסט פאַרשווענדט
גאָר טיף אין זיך, אין הארצן ערגעץ וויט
האָט ער געפילט דעם צער פון זיין טאַלענט.
פאַר די צופרידענע און זאַטע לייט.

און אין די לאַנגע ווינטער־נעכט, די טריבע,
דאַן וויינט ער, זיצנדיק ביי זיך אַליין:
אויף דעם וואָס קיינער קען אים ניט פאַרשטיין,
וואָס ניט געוואוסט האָט ער פון שטילער ליבע
און ניט געשעצט וואָס אַלעמען איז טייער...
אויף דעם — וואָס גייט זיין לעבן אין דער קרים,
און יעדער מענטש איז גליקלעכער פון אים.
אויף דעם, וואָס אים עסט אויף דער גרויסער פייער,
וואָס האָט זיין גאַנצן לעבן אים געבלענדט
און דעמאָלט, דעמאָלט שעלט ער זיין טאַלענט.

# אייביק

שווערע בלייאיק-גרויע וואָלקנס
דעקן איין דעם הימל ווייט;
אַלץ וואָס לעבט, וואָס ווערט געבאָרן
האָט אַ גרענעץ, האָט אַ צייט...

אייביק וועלן אונדז די קבֿרים
אָנווייזן דעם וועג צו גליק...
און מיר וועלן אייביק, אייביק
גיין אין ליידיקן צוריק.

און דער האַר פֿון אַלע צייטן,
ער באַדויערט אונדז נאָך מער:
שניידט ער דורך די זיבן הימלען
מיט זיין פֿייערדיקער טרער.

# נייע לידער

מען וויל איצט נייע לידער;
גערעכט:
ס'איז שלעכט
אַזוי און אָרעם
די אַלטע פֿאָרם.
און ווידער
בין איך צופֿרידן:
מען דאַרף ניט שמידן
די ווערטער אין די גלייכע צײַלן,
ניטאָ קיין צאָם,
ס'איז פֿריי.
קוים-קוים צום גראַם.
נאָר... איז דאָס ניי?
די זעלבע זאַך, די זעלבע ווערטער,
מען בייט נאָר בלויז די ע ר ט ע ר.

# קעץ

מיאַ־אַ־או!
דורך לאַנגע נעכט
ציט איר אייער ליד
פון צונויפגוס.

האַס און ליבשאַפט
מעסטן זיך
אין אייערע יללות
דורך די נעכט.

אָדער,
אפשר קלאָגט איר
אויף דעם גורל
פון דער וועלט?

און באַצוואונגענע
פון תאוה,
גייט איר אום
מיט ווילדע,
פייערדיקע אויגן —
און וויינט?...

# אָט קומען מיר

אָט קומען מיר נייע,
אָט קומען מיר פרייע —
וואָס טוען מיר דאָ?

פאַרפאַלן, פאַרלאָרן,
אין אייביקן צאָרן,
קיין אויסוועג ניטאָ...

# אין דער וועלט

איבער תהום פון לעבן
זעט ווי ליבשאַפט שיינט!
ווער עס קאָן פאַרגעבן,
יענער איז מיין פריינד.

קוויטן, וויפל קוויטן,
שטאַרבן טעגלעך אָפּ...
פילן יענעמס ווייטאָג,
דאָס איז גאָטס אַ גאָב.

מענטשלעכע באַגערן
שרומפן־איין פאַרשעמט, —
ווער עס לאַכט פון טרערן
יענער איז מיר פרעמד.

# אונדזער חנוכה

דער חזיר אין מקדש פאַראומרייניקט די וועלט!...
וואו איז אונדזער קריגער, וואו איז אונדזער העלד?
אין קרוג איז נאָך בוימל אַזויפיל פאַראַן, —
נאָר וואו איז דער כהן צו צינדן דעם פלאַם?
באַווייז זיך, אוי שנעלער, דו מוטיקער העלד!
דער חזיר, דער חזיר פאַראומריינט די וועלט...

# העננט דער חושך...

ולכל בני ישראל היה אור במושבתם...
(שמות, י)

העננט דער חושך אויף מצרים
ליכטיק איז ביי יידן בלויז...
ווען מיר איצט ווידער פרייע
פון דער פינצטערניש ארויס.

ימען שטורעמען אנטקעגן,
און קיין אויסוועג ניט פאראן; —
ווען מיר געפינען וועגן,
ווי אמאל, אין מיטן ים.

איז די רו אונדז ליב און טייער,
און אין מדבר לויערט שרעק? —
ס'מאכט ניט אוים! דער זייל פון פייער
וועט באלייכטן אונדז דעם וועג.

דורות, לענדער, וועלטן נייע —
אונדזער וועג איז נאך פארויס...
העננט דער חושך אויף מצרים,
ליכטיק איז ביי יידן בלויז!

# יאָרן

ווי שנעל! אַ יאָר און נאָך אַ יאָר,
און אַט — אַ נייער דור.
מען קוקט צו דיר אַרויף
מיט אַכטונג און רחמנות אין די אויגן...
מען שטעלט זיך פאַר דיר אויף,
אַזוי
ווי ס׳פלעגט רב פּפּא פאַר אַן אַלטן גוי
זיך אויפשטעלן אים כבוד אָפּצוגעבן...
און אַט אַזוי פאַרגייט,
גאָר אומגעריכטערהייט,
אַ לעבן.

# דער סוד...

ס׳האָט דוד המלך גאָט געבעטן:
„לאָז וויסן מיר מיין טאָג פון טויט..."
און דאָך — האָט מען אים די אַנטפּלעקונג
פון הימל קיינמאָל ניט פאַרטרויט.

און דוכט מיר, אַז די זעלבע תפילה,
דעם ניט־געענטפערטן געבעט,
הער איך אַמאָל אין שעהן שטילע
פון יעדן גראָז וואָס מען צעטרעט.

# אייביקע פאַרדראָסן

די שפּייכלערס פול מיט קאָרן,
די קעלטערס פול מיט וויין:
קיין זאַך ווערט ניט פאַרלאָרן
און אַלץ וואָס איז — וועט זיין.
און שטענדיק וועט מען זייען
און שניידן, און זיך פרייען,
ניט טעג — נאָר מיר פאַרגייען
אין אוּנטיקן שיין.

דו האָסט אונדז, גאָט, מיט לעבן
געשענקט די גרעסטע שטראָף;
נאָר האָפענונג געגעבן
האָסטו אונדז ביזן סוף.
מיר טראָגן זיך ווי שטויבן,
דאָך וואַרטן מיר און גלויבן,
חלומות, ווייסע טויבן,
באַגלייטן אונדז צום שלאָף.

מיר גייען אום פאַרשייטע
און קוקן זיך ניט אום
אויף נאָענטע און ווייטע,
אויף אַלץ וואָס איז אַרום...
מיר הילכן און מיר קלינגען
געקייטלטע אין רינגען,
מיר טרויערן, מיר זינגען
און בלייבן ענדלעך שטום.

דער מאָרגן קומט אַנטקעגן,
פאַרשלייערט און פאַרהילט;
מיט זיינע נייע וועגן
פאַרפירט ער און פאַרשפּילט.
און קומט דער אָוונט ווידער
מיט רו אין זיינע גלידער,
דערמאָנט זיך ערשט דער מידער:
זיין דאָרשט איז ניט געשטילט.

אין הערלעכע מינוטן
און אויפן טויטנבעט, —
דיין האַרץ וועט שטענדיק בלוטן:
ניט איינגיין — פרי צי שפּעט...
דו וועסט קיינמאָל ניט שטילן
דעם האַסט פון די געפילן,
וועסט אויך אין קבר פילן:
האָט עפּעס ניט דערערעדט.

דער גרויסער צער פון פריידן,
די פרייד פון גרעסטן צער —
מיר קענען זיי דאָךביידן...
נאָר וואָס איז אונדזער שכר?
אָ, אייביקע פאַרדראָסן!
עס בלייבט דאָך אַלץ פאַרשלאָסן,
און ניט איין טרער פאַרגאָסן
אויף דעם האָט שוין דער נאַר.

מיר פליען אין די הימלען,
וואו ניט אַ פויגל פליט;
אַוואו די ווינטן דרימלען
וואַכט מענטשלעכער געמיט.
נאָר ווי זאָל איך וויינען
מיט אַלעמען אין איינעם?
דעם פּרוזדור בלויז באַשיינען
און פון דעם פּאַלאַץ ניט.

ווער ווייס, וואָס דאַרף מען שעלטן —
דעם אומרו צי די רו?
מיר זוכן נייע וועלטן
און אונדזער וועלט איז וואו?
שאָף גייען צו דער שחיטה
און טוען זיך נאָך היטן,
צי טרעטן זיי אין מיטן
אָן אַנדערן ניט צו.

צוריק אַלץ מוז מען געבן,
וואָס מען האָט מיטגעבראַכט,
און מיט געזאַנג באַוועבן
די ערדס, די מוטערס טראַכט.
פאַרשווינדן און ניט ווערן,
צערינען זיך ווי טרערן,
ביז פול מיט ווייסע שטערן
וועט צופאַלן די נאַכט.

# וואָס זינגסטו

וואָס זינגסטו ווידער דיינע לידער
ביי וועמען האָבן זיי אַ ווערט?
צי האָט זיך ווען אויף דיינע ווערטער
כאָטש איינמאָל ווער עס איז פאַרקלערט?
און דיר וואָס גיבן זיי, דו שוטה,
אַ מאָל אין טאָג אַ שטיקל ברויט!
גענוג צו לעבן אין חלומות —
און חוזק מאַכן פון דער נויט.

און זע ווי רואיק לעבן יענע,
וואָס פּאַשען זיך דאָ אויף גאָטס וועלט.
וואָס גיבן דיר אַ נאָמען — דיכטער
און שמייכלען צו ווען זיי געפעלט.

## ניט געגלויבט

אוי, ניט געגלויבט האָב איך, אַז שווער וועט זיין אַזוי צו שטאַרבן...
אַז טייער וועלן זיין אַזוי די לעצטע טעג;
אַז אַנגענעם און לעבלעך וועט מיר ווערן —
מיין לאַנגער שטייניקער און אויסגעקרימטער וועג.

און איצטער ווען עס וועט מיין בלוט, קען זיין, באַפאַרבן
דעם ערשטן ווייסן אומשולדיקן שניי —
באַקומט די וועלט ביי מיר אַן אַנדער אויסזען
און טייער ווערן מיר די לידעלעך פון וויי.

## און איך קען ניט געפינען

און איך קען ניט געפינען
קיין אָרט אויף דער וועלט,
און איך ווייס ניט אַליין
וואָס איך וויל, וואָס מיר פעלט,
און איך קאָן ניט געפינען
קיין אָרט אויף דער וועלט,
ווי אַ ווינט...

ווי אַ בלעטל פאַלט אָפּ
פון מיין לעבן אַ טאָג,
ניט איך האָף, ניט איך גלויב,
ניט איך טרויער און קלאָג,
ווי אַ בלעטל פאַלט אָפּ,
פון מיין לעבן אַ טאָג,
און פאַרשווינדט...

## אָפּטמאָל

אָפּטמאָל ווערט מיין האַרץ אין מיר צעריסן
אין אַ שטילן ווײ;
מענטשן זיינען אַזוי שרעקלעך עלנט,
אומגליקלעך אַזוי.

קיינער אויף דער וועלט איז ניט צופרידן, —
ליידן אומעטום...
טרערן זע איך אויך אין זאַטן שמייכל,
ווערעם אויף אַ בלום.

כ׳ווייס ניט ווי איז גוט און ווי עס דאַרף זיין,
נאָר ס׳איז ניט אַזוי...
אָפּטמאָל ווערט מיין האַרץ אין מיר צעריסן
אין אַ שטילן ווײ.

## צו דעם וואָס זעט

בלויז דער וואָס זעט ווייטן
קאָן ווימן זיין שכר;
ער וועט ניט פאַרבייטן
אויף לאָרבער זיין צער.

ער וועט ניט צעברעכן
די גילדענע קרוין:
זיין לעבן פאַרשוועכן
פאַר ערדישן לוין.

און דער וואָס האַלט טייער
זיין אייגענע פּיין
וועט לויכטן, אַ פרייער,
אין אייביקן שיין.

# מײַן האַרץ

ברייט איז ברייט מײַן האַרץ — נאָך ברייטער ווי מײַן פּײַן,
רייסט זיך אין מײַן האַרץ אַ שטראַל פון פרייד אַרײַן.

ברייט איז ברייט מײַן האַרץ — נאָך ברייטער ווי מײַן פרייד,
רייסט זיך אויס אַ זיפץ פון האַרצן שטילערהייט.

ברייט איז ברייט מײַן האַרץ — נאָך ברייטער ווי די וועלט,
בין איך ווי אַ שומר צו מײַן האַרץ געשטעלט.

ברייט איז ברייט מײַן האַרץ, וואָס גאָט האָט מיר פאַרטרויט, —
וועט שוין מיך מײַן האַרץ באַהערשן ביזן טויט.

# צום נײַעם יאָר

כ'האָב נאָך אַ בלעטל אומגעקערט
אין אַלטן בוך פון לעבן;
דאָס בוך האָט נאָך ביז איצטער מיר
קיין נחת ניט געגעבן.

ווי צו די דורות ביזן מיר
וואָס זײַנען שוין פאַריבער...
דאָך ווערט דאָס בוך פון טאָג צו טאָג
מיר טײַערער און ליבער.

איך לייען און פאַרשטיי גאָר ניט
וואָס דאָרטן איז געשריבן...
כ'האָב נאָך אַ בלעטל אומגעקערט, —
אַלץ ווייניקער געבליבן.

## וואונדערלעך באַשיידן

ברויט און מילך און קליידער,
אַ שמייכל און אַ טרער...
ווי וואונדערלעך באַשיידן
איז מענטשלעכער באַגער!

מיט געפיל פון הארצן
באַפאַרבן מיר די וועלט:
דער טרויער גייט אין שוואַרצן,
די פרייד — אין ליכטיק־העל.

קליינע קינדער שפילן,
די אַלטע לייט — פאַרביי...
און ס'לויכטן די געפילן
דורך אייביקייטן ניי.

## פאַרגיב

דיין וועלט זיי מקריב, גיב אַוועק דאָס לעבן,
און טוט מען דיר יסורים — נעם דאָס אָן פאַר ליב;
און ווען דו פילסט שוין, אַז דו קאָנסט ניט מער פאַרגעבן —
פאַרגיב!

שטייג איבער און באַזיג דיין צאָרן,
און זאָל דיין לויטערקייט דורך גרויסן צער אַרויס;
בלי אויף! אַזוי ווי אויפן שטעכעדיקן דאָרן
די רויז.

פאַרגיב און שמייכל — זיי פון קיינעם ניט דערוויטערט,
אין פייער פון דער וועלט וואַרף דרייסט דיין האַרץ אַריין;
און אויפגיין וועט דיין גייסט פון אַל־דאָס־בייז געלייטערט
אין שיין!

# קיינער

קיינער באַדאַרף ניט דיין גייסט און פאַרשטאַנד...
האָסטו קיין גאָלד ניט — זיי שטיל ווי די וואַנט!

האָסטו קיין גאָלד ניט איז נאַריש דיין שכל.
האָסטו קיין גאָלד ניט? — מען איז דיר ניט מוחל.

גאָלדענע קעלבער דו פלעגסט פון זיי שפּאָטן —
זע, ווי זיי האָבן דיין גאָרטן צעטראָטן!...

טראָגט נאָר אַ גאָלדענעם קאָלנער דאָס הינטל
רופט שוין „רב הונט” אים דאָס גאַנצע געזינדל.

האָסטו קיין גאָלד ניט, איז ביליק דיין לעבן,
וועט פאַר אים קיינער קיין צווייער ניט געבן...

# אויפֿן וואָקזאַל

עס שטייט דער צוג און אָטעמט שווער,
צום וועג איז ער שוין גרייט.
באַגעגנט זיך,
געזעגנט זיך
און ווידער זיך צעשיידט.

כאָטש נאָך אַ וואָרט און נאָך אַ בליק, —
ווי שווער עס איז, ווי שווער!...
דיך נעמט אַוועק
דער ברייטער וועג,
ניט זען וועל איך דיך מער.

דער צוג גייט אָפּ, אַדיע, אַדיע...
עס קלעמט דאָס האַרץ און נאָגט;
דיך אומקערן,
זאָלסט אויסהערן,
וואָס כ׳האָב דיר ניט דערזאָגט.

דער צוג אַוועק... און אין דער הויך
האָט זיך דער רויך צעשפּרייט.
באַגעגנט זיך,
געזעגנט זיך
און ווידער זיך צעשיידט.

## אַ שטימונג

די יוגנט איז אוועק פון מיר
אין שטילן אומעט
און מיך געלאָזט אין לעבן ביי דער זייט.

אַלץ שטילער ווערן מיינע טריט
און קלענער ווערט מיין פייער,
און געדאַנקען בלאַנדזשען ערגעץ ווייט.

מיך רופט אַ שטים,
אַ שטים אַ מעכטיקע פון אויבן,
די ערד־געררוישן הער איך שוין ניט קלאָר...

דערפאַר אין הויכן אומעט
זינגען מיינע ווערטער,—
איך פיל דעם טויט שוין אויפן וואָר.

פאַרגיי, פאַרגיי, מיין לעבן,
ווי אַ ווינט אַ פרייער,
און דו, מיין ערד, צעמיש זיך מיט דער ערד...

מיך רופט אַ שטים,
אַן אומעטיקע שטים פון אויבן,—
דעריבער זיינען מיינע רייד אַזוי פאַרקלערט.

## חלומות פון יוגנט

חלומות פון יוגנט,
געשטאַלטן פון גליק,—
זיי ווערן ניט קיינמאָל
פאַרשוואונדן פון בליק.

דער וועג אַזוי פייניק
און שווער דאָס געמיט...
נאָר רגעס פון תענוג
פאַרלעשן זיך ניט.

זיי גליען, זיי שיינען
דערמאָנען אַן רייד,
די גליקלעכע וועלטן
פון ערדישער פרייד...

# ערד און הימל

ערד און הימל טרעפן זיך צוזאמען,
ווען עס גייט אוועק דער טאג אין פלאמען, —
און א שטערן צינדט זיך אן פון ווייטן,
ווען די נאכט קומט אן דעם טאג פארבייטן.

ווען דער ווינט טוט געלע בלעטער טראגן,
טוען ערד און הימל זיי באקלאגן;
נעפלען טוען אויף דער ערד זיך שפרייטן,
ווען עס הויבן אן צו וועלקן קווייטן...

נאר דעם מענטשן, ווי, איז ניט באשערט,
אז נאך אים זאל טרויערן די ערד
און דער הימל זאל אין רויט זיך צינדן...

שטיל פארגייען זיינע טעג פון פרייד!
און אין שטילן צער פארשעמטערהייט
טוט ער אין דער נאכט אריין פארשווינדן...

# אין עלנטקייט

ניט-געזייטע פוסטע פעלדער
רינגלען מיך ארום.
הויל און נאקעט איז מיין לעבן,
טרויעריק און שטום.

און ווי מידע רעגן-טראפנס
ציען זיך די טעג,
עלנט בין איך — און וועל בלייבן
ווי א שטיין ביים וועג.

# מיין גורל

מיין גורל אין וואָגלען — און צוזען פון ווייטן
די מענטשלעכע ליידן און מענטשלעכן גליק,
און באַלד מיט אַ שמייכל, אָן ווערטער, באַליידיקט,
אוועקגיין, אַהינטערן פאַרהאַנג צוריק.

מיין גורל איז וואָגלען, — און צוזען דאָס לעבן
מיט אָפענע אויגן גלייכגילטיק און קלאָר.
עס ווילט זיך מיר אָפטמאָל מיט ווילדע געשרייען
באַווייזן די מענטשן דעם שרעקלעכן וואָר.

# צו ה. ג.

האָף ניט, וואַרט ניט, ליבער פריינד!
וויל דער מאָרגן איז ווי היינט,
אייביק, אייביק, וועט דער טויט,
שפּאָטן, לאַכן פון דיין פרייד.

וויין ניט, קלאָג ניט, ליבער פריינד,
שטענדיק, שטענדיק, עפּעס שיינט,
שטענדיק, שטענדיק עפּעס בליט...
ווייגען, זיפצן דאַרף מען ניט.

ניט באַדויער, ליבער פריינד,
ניט דעם מאָרגן, ניט דעם היינט,
ניט דעם זונשיין, ניט די קעלט, —
שוויג, און שמייכל פון דער וועלט!...

# אויגן

האָבן אויגן, שוואַרצע אויגן
טיף אַריינגעקוקט אין מיר, —
האָבן אויגן, שוואַרצע אויגן
מיך געלאָזן ביי דער טיר.

ווי אַ בלימל וואָס צעבליט זיך
בלויז אַ רגע אין דער נאַכט,
האָט מיין האַרץ בלויז אויף אַ רגע
זיך צעעפנט און פאַרמאַכט.

האָבן אויגן, שוואַרצע אויגן
מיך באַהערשט מיט זייער שיין, —
האָבן אויגן, שוואַרצע אויגן
אויסגעלאַכט זיך פון מיין פּיין.

# איך טראָג ניט קיין צאָרן

ניין, איך טראָג איצטער אויך ניט קיין צאָרן,
און איך פריי זיך נאָך אַלץ מיט דער וועלט,
נאָר ניטאָ שוין, ניטאָ שוין די יאָרן,
וועלכע האָבן מיין לעבן באַהעלט.

יעדער טאָג איז געווען ווי אַ בלימל
אין קרישטאָל פון פרימאָרגיקער טוי;
יעדער טאָג ווי אַ שמייכל פון הימל —
אַזוי צאַרט און פילפאַרביק אַזוי.

זיינען שמייכלען פאַרשוואונדן געוואָרן
און די בלימלעך פאַרוויאַנעט פון קעלט, —
נאָר איך טראָג איצטער אויך ניט קיין צאָרן
און איך פריי זיך נאָך אַלץ מיט דער וועלט.

## שפעט אין נאַכט

שפּעט אין נאַכט, ווען אַלע רוען,
וואַך איז דער געדאַנק;
און עס וועבט זיך אוים מיין אומעט
אין אַ שטיל געזאַנג.

שווימען דורך, ווי שטילע שאָטנס,
דורכגעלעבטע טעג, —
נאַקעטע און פּוסטע וועלדער
ביי מיין וויסטן וועג.

## צי האָט איר ווען געזען?...

צי האָט איר ווען געזען
אַ פּייערל אין וואַלד?
צי האָט איר ווען געזען
אַ ליבלעכן געשטאַלט,
מיט איילבערט-ברוינע אויגן
מיט סאַמעט-שוואַרצע האָר,
צי האָט איר ווען געזען
אַ חלום אויפן וואָר?

צי האָט איר ווען געזען
אַ יונגן בוים פאַרנאַכט,
וואָס שטייט ביים ברעג פון וואַלד
באַשיידן און פאַרטראַכט?
איר האָט דאָס ניט געזען,
איר האָט דאָס ניט געזען...
אַזאַ איז מיין געליבטע,
אַזאַ איז זי געווען...

# אונדזער ווייטיק

**דעם אָנדענק פון די געפאַלענע**
**אין די פּוילישע פּאָגראָמען**

מיט אונדזער ווייטיק ווילן מיר זיך איצט ניט שעמען,
זאָל שטורעמען די וועלט אַזוי ווי אונדזער האַרץ.
און אויב נקמה קענען מיר פאַר זיי ניט נעמען —
דאַן זאָל פון אונדזער וויי דער הימל ווערן שוואַרץ!

און אויב מיר מעגן נאָר די ליפּן מאַכטלאָז בייסן,
און האַלטן צוגעמאַכט, פאַרשלאָסן אונדזער מויל, —
איז ווען מיר ווילן קריעה נאָך די קדושים רייסן,
זאָל שוידערן די ערד פאַר אימה און פאַר גרויל!

פון אייביק־אָן געצוימט אין אייער וועלט דער פרייער
דורך דורות־לאַנג פון אימה און פון האַס באַוואַכט
זאָל אונדזער ווייטיק איצט זיך דורכרייסן ווי פייער
און אויך אין אייך צעשטערן די רו פון אייער נאַכט.

# אַ שלאָפלאָזע נאַכט

רעיונות שוועבן
אין בלענדיקן געדריי.
אַט קומט דער עבר פאַר מיין בליק —
די זעלבע בענקעניש נאָך גליק,
דער היינט — אַ טאַנץ ביים פייער וואָס גייט אוים.
אַ טאַנץ מיט עקדישן אין שוים...
דער מאָרגן — אויך: מען גייט.
ס'איז קאַלט,
און באַלד
דער טויט.
דאָך ווילט זיך אָן אויפהער גיין
און ווי אַ ווייטער קלאַנג
אין הויכע בערג פאַרלאָרן זיין.
עס עקבערט דער געדאַנק:
צו וואָס?
פאַרוואָס?
קיין ענטפער איז ניטאָ.
דער זייגער שלאָגט,
אריבער נאָך אַ שעה...
עס טאָגט.

# עסן

זייט די פויערטע די אַלטע
רעטעך, מערן און אוקראָפּ —
קוק איך ווי זי אַרבעט פלייסיק,
און איך שאָקל מיטן קאָפּ.

הינער קוקן אויך פון ווייטן
ווי די אַלטע אַרבעט שווער...
ס׳הייסט? קאָן זיין אַ גרויסער שררה
וועט נאָך עסן אירם אַ מער!

וואו איך קוק, איז אַלץ דאָס זעלבע:
עסן, פרעסן, מאַכט מען גרייט;
גערשטן-פעלדער — טעפּלעך קאַשע,
קאָרן-פעלדער — לאַבנס ברויט...

גרייט מען עסן אויף די פעלדער
אומעטום וואו כ׳גיי פאַרביי, —
און פון אויבן שיינט דער הימל,
ערגעץ זינגט אַ פויגל פריי...

זינג, מיין פויגל! דאַרפסט ניט זייען,
כ׳בין מקנא דיר דיין גליק...
מיט אַמאָל — אַהאַ! דער זינגער
נעמט זיך יאָגן נאָך אַ פליג.

## גרוי און האַרבסטיק

גרוי און האַרבסטיק... נאָר דער פרילינג וועט דאָך קומען,
וועט דאָך קומען;

ווידער וועלן אויף די פעלדער בליען בלומען,
בליען בלומען.

נאָר אַ פרייד אין אונדזער הארצן בליט נאָר איינמאָל,
בליט נאָר איינמאָל;

און צו אונדז אַ צווייטער פרילינג קומט ניט קיינמאָל,
קומט ניט קיינמאָל...

## און די יוגנט...

און די יוגנט — די חלומות.
און דאָס לעבן איז אַוועק,
און די ריינע ווייסע בלומען
וואלגערן זיך אויפן וועג.

און איך זע שוין פון דערווייטן,
די פאַרטראַכטע עלטער גייט,
און אַהינטער איר צופרידן
שמייכלט דאָרט דער שטומער טויט.

# ווי שטענדיק

און, ווי שטענדיק, וועט דיך קיינער
ניט פֿאַרשטיין, ניט פֿאַרשטיין.
עלנט וועסטו מוזן בלייבן,
אַליין אַליין, אַליין אַליין...

אין אַ לאַנד פֿאַר דיר אַ פֿרעמדן,
ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט,
וועסטו וואָגלען און וועסט שטאַרבן
אָן אַ צייט, אָן אַ צייט...

און די זון וועט לייכטן, שיינען
ווי געוועזן, ווי געוועזן.
דו וועסט אָבער אירע שטראַלן
מער ניט זען, מער ניט זען...

# קאַלט און פּראָסטיק

קאַלט און פּראָסטיק, —
נאָר דער פרי־יאָר
וועט דאָך קומען;

ווידער וועלן
אויף די פעלדער
בליען בלומען.

נאָר אַ פרייד
אין מענטשנס האַרצן,
בליט נאָר איינמאָל;

און צו אונדז
אַ צווייטער פרי־יאָר
קומט ניט קיינמאָל...

# ברויט

ס'איז דער מענטש פון לאַנג פאַרשאָלטן, —
יאָ, איך וויים,
און ער מוז זיין ברויט פאַרדינען
מיטן שוויים.

מאַטערן זיך דורות
נאָכאַנאַנד...
וויפל קנאה, האַס און טרערן,
וויפל שאַנד!...

טייער קאָסט אונדז, אוי ווי טייער —
אונדזער ברויט.
און מיר מוזן פאַר אים צאָלן
ביזן טויט...

## דאָ און דאָרטן

מענטשן דאָ, און מענטשן דאָרטן —
יעדער איינער אויף זיין פלאַץ,
דער אַ מויז און דער אַ קאַץ.

ווער וועט דער שפּיל געראָטן?
הילכט דאָס פּייקל, קלינגט דער טאַץ,
שטאַרבט אַ בלימל אין אַ לאַץ.

קליפּ, קלאַפּ, באַלד צעטראָטן,
ניט קיין מויז און ניט קיין קאַץ,
מאַכט אַ וואַרע, מאַכט אַ פּלאַץ!

מענטשן, מענטשן דאָ און דאָרטן...
מענטשן האַלבע אידיאָטן...

## אין שטילן טרויער

פול און פאַרביק איז דאָס לעבן,
שיינענדיק און רייך;
פול און שטראָמיק איז דאָס לעבן,
ווי אַ ברייטער טייך.

דערפלעך קליינע, — מענטשן לעבן
דאָרט אויף גאָטס באַראָט;
ברייטע טומלדיקע גאַסן
פון דער גרויסער שטאָט. —

ווי! כ׳בין אומעטום דער זעלבער,
און פון לאַנד צו לאַנד
גיי איך אום אין שטילן טרויער
יאָרן נאָכאַנאַנד.

# אָ, שטעטלעך און שטעט

אָ, שטעטלעך און שטעט וואו מיר זיינען געבאָרן
ווי נאָענט זענט איר אונדז, ווי נאָענט און ווי ווייט!
איר האָט דאָך טיף אין אונדז געלעבט די גאַנצע יאָרן,
מיר האָבן דאָך נאָך אייך געבענקט די גאַנצע צייט...

און אין דער צייט פון בלוט און גרויזאַמער צעשטערונג,
ווען איבער אייך שוועבט הונגער, פיין און טויט, —
ווי האָבן מיר געקאָנט פון אייך דערווייטערט ווערן,
און בלייבן קאַלט צו אייער מוראדיקער נויט?

דער וויי־געשריי פון אייך האָט זיך צו אונדז דערטראָגן,
און ס'האָט דער אַלטער צער אין האַרץ ביי אונדז דערוואַכט:
אָ, שומר, שומר, ווען וועט אָנהויבן צו טאָגן,
ווי לאַנג געדויערן וועט נאָך די שווערע נאַכט?...

פון אייביק־אָן האָט אונדזער עלנט פאָלק געליטן,
נאָר שטענדיק איז די הילף געקומען צו דער צייט.
אָ, שטעטלעך פון פוילן, פון רייסן און פון ליטע,
ווי נאָענט זענט איר אונדז, ווי נאָענט און ווי ווייט!...

## פֿאַנטאַזיע

אין דער שטילער שעה פֿון אָוונט
איז צו מיר אַ גאַסט געקומען,
מיט אַ קראַנץ פֿון האַלב-פֿאַרוועלקטע,
ווייסע, אומעטיקע בלומען.

אויסגעשטרעקט צו מיר די קוויטן
און אַ שטילע שטיין געבליבן
מיט אַ שטראַלנדיקן פּנים,
מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

נאָר אויף אירע לאַנגע ברעמען
איז אַ קלאָרע טרער געהאַנגען...
איך האָב אויך געוויינט... אין דרויסן
איז דער טאָג אין רויט פֿאַרגאַנגען.

# קריזיס-צייט

ערגעץ-וואו אויף די שנייאיקע פעלדער
גיט פון הונגער דער וואָלף אַ געשריי,
און דורך שטומע, פאַרכמורעטע וועלדער
הילכן-אָפּ זיינע קלאַנגען פון וויי.

און אָט דאָ, אין מדבר פון שטיינער,
אין דער רוישיקסטער שטאָט פון דער וועלט,
הילכן אָפּ אויך די זעלבע געוויינען
פון פאַרהונגערטע וועלף אויפן פעלד.

און אָט דאָ, צווישן פייערן העלע,
אויף דער ברייטער און רוישיקער גאַס, —
קלאָגט, אַ שטומער, דער מענטשלעכער עלנט,
שלייכט, אַ בייזער, דער ביטערער האַס.

גייען מענטשן אין דרייען געבויגן...
און מיט טרויער, נקמה און שאַנד
ברענען וועלפיש די מענטשלעכע אויגן
דאָ ביי אונדז אין דעם גאָלדענעם לאַנד...

## פראַגמענט

מענטשן גלויבן — נאָר פאַרשיידן
יעדער ווי ער וויל;
דעם זאָגט אונטער מער זיין שכל,
יענעם — זיין געפיל, —
קיינער אָבער, קיינער ווייסט ניט
וואו עס איז דער ציל.

וועלטן בויען און צעשטערן
איז ניט אין מיין מאַכט,
וואָס איז שטערבלעך, וואָס איז אייביק
האָב איך ניט דערטראַכט...
נאָר דערוואוסט: אַז טאָג איז ליכטיק
און ס'איז פינצטער נאַכט.

## צום ניי־יאָר

דאָס נייע יאָר באַנייען נאָר
וועט אַלע אַלטע זאָרגן;
איר גלויבט דען, פריינד, אַז פון דעם היינט
וועט אַנדערש זיין דער מאָרגן?

דאָך וויל מען זיין היינט שיין און פיין,
ווייל יעדער וויל זיך נאַרן:
מען ווינטשט זיך צו אין פרייד און רו
אַ צווייטן יאָר דערהאַרן.

דערווייל איז גוט אויף דער מינוט:
מען רייסט זיך ניט די נעזער...
נו, מענטשן־וועלף, עס שלאָגט שוין צוועלף,
פילט אָן מיט וויין די גלעזער!

און מאָרגן וואָס, מיט וואָס, צו וואָס, —
געננוג פון דעם צו קלערן...
געננוג זאָל זיין, דען ס'וועט דער וויין
זיך אויסמישן מיט טרערן.

## מיין מזל

מיין מזל האָט שטענדיק מיר טייוויליש געשמייכלט,
און שטענדיק געררייצט זיך מיט מיר;
פלעגט נעמען מיך, מיטגיין אין ליכטיקן פּאַלאַץ —
און לאָזן מיך שטיין ביי דער טיר.

איצט פירט מיך מיין מזל דורך פיינלעכע וועגן,
אין פּאַלאַץ פון אייביקער נאַכט;
איך ווייס ניט צי מיינט ער דאָס איצטער שוין ערנסט,
צו ווידער ער רייצט זיך און לאַכט?

## כ׳וויל ניט זינגען

כ׳וויל ניט זינגען זאַטע לידער,
זיין פון זיך אליין צופרידן;
נאָר איך וויל, אַז אַנגסט און אומעט
זאָלן מיינע לידער שמידן.

אַז זיי זאָלן ווי אין נעפּל
יעדן מענטשנס הארץ פאַרהילן:
זאָל דער גליקלעכער אַ טראַכט טאָן —
און דער ליידנדער דערפילן,

אַז ער איז ניט אַזוי עלנט
אין זיין גרויסן צער פאַרבליבן,
אַז ער האָט מיט מיר צוזאַמען
מיינע לידער אָנגעשריבן!

# אַ קלאַנג

עס האָט אַ קלאַנג
געציטערט לאַנג, —
אַנטשוויגן.

ווער וועט מיין פּיין
אין שטילן שיין
פאַרוויגן?

ווער וועט פון וויי
דאָס שטום געשריי
דערהערן,

דעם צער פאַרשטיין,
פון אַ געוויין,
אַן טרערן?

ווער וועט די זינד,
פון שלעכטן קינד
פאַרגעבן,

מיט פרייד — דעם שרעק
פון שווערע טעג
פאַרוועבן?

נאָר אין דער הויך,
די שטערן אויך, —
פאַרגייען...

און ווער וועט זיי,
אין זייער וויי,
דערפרייען?...

## טרוימען

די בוימער, ווי גילדענע זיילן,
געטראָגן זיך האָבן פאַר מיר, —
און איך האָב דורך מיילן און מיילן
געטראַכט און געחלומט פון דיר.

די בלעטער — פאַרבלאָנדזשעטע פייגל
געפלויגן פאַראויס איבער וועג,
און איך האָב געטראַכט פון די אויגן
וואָס זיינען מיר ליב אָן אַ ברעג.

עס זיינען די וואָלקנס פון אויבן
געשוואוּמען פאַרביי שטילערהייט...
און איך האָב געפילט נאָר דעם צויבער
פון דיינע פאַרטרוילעכע רייד.

## ביי דיין טיר

דורך אַלע טומלדיקע קלאַנגען
האָב איך דערהערט דעם רוף פון דיר;
דורך טויזנט וועגן דורכגעגאַנגען
און בין געקומען צו דיין טיר.

איין וואונטש האָט נאָר אין מיר געפלאַטערט,
איין נאָמען האָט געברענט אין מיר...
און איצט ווען איך בין אויסגעמאַטערט, —
איצט טרייב מיך ניט אַוועק פון דיר.

איך האָב די פריידיקייט פאַרלאָרן
וואָס איך געטראָגן האָב צו דיר...
דערלויב מיר מיינע לעצטע יאָרן
געטריי צו וואַכן ביי דיין טיר.

## ווילדע פייגל

ווילדע פייגל, פרייע פייגל
פליען איבער ווייטן פעלד;
מיט אַ גרויקייט שוין באַצויגן
איז די אומעטיקע וועלט.

אוי, איר פייגל מיינע, פרייע,
שווער איז איצטער מיין געמיט!
ווייניק שפּע אין מיין שייער
נאָך די זאַטע טעג פון שניט...

ווייניק פרייד איז מיר פאַרבליבן
אויף דעם האַרבסטיק־קאַלטן וועג...
טראָגט איר זיך דורך פעלדער טריבע,
מיינע אומעטיקע טעג.

## דער זעלבער

וועט זיך אויסלעשן מיין פרייד —
וועל איך בענקען שטילערהייט.
וועט אַוועק פון מיר מיין צער —
בלייב איך אַלץ דער זעלבער נאַר.

בלייבן וועל איך ווי איך בין,
וואַרטן, האָפן אָן אַ זין —
און דאָס לעבן, פרעך און פריי,
שנעל וועט דורכשווימען פאַרביי.

## איך ווייס אַליין

איך ווייס אַליין, איך ווייס אַליין,
אַז אַלץ פאַרגייט און מוז פאַרגיין, —
דאָך וויל מיין הארץ ניט רואיק זיין.

אָ, הארץ מיינס, רואיק זיי!
ניט איצט — איז שפּעטער... סיי־ווי־סיי
וועסטו דאָך איינשלאָפן אין פּיין...

צו וואָס אַזוי פיל צער אומזיסט,
דו קינד, דו נאַריש וואָס דו ביסט!...
דאָך וויל מיין הארץ ניט רואיק זיין.

## צי דו שעלטסט

צי דו שעלטסט אין דיינע קלאַנגען,
צי דו פליסטערסט ווי אַ קינד, —
דיינע קלאַנגען און געזאַנגען
טראָגט אין מדבר אָפּ דער ווינט.

פון דעם לעבנס־רויש דערווייטערט
בלאָנדזשען אום ווי דו אַליין
אין דער וויסטעניש פאַרשליידערט
דיינע שמייכלען, דיין געוויין.

## אַ רגע דאָ

אַ רגע דאָ, אַ רגע דאָרט —
און ווי אַ ווינט אַ פרייער,
גיי איך אַרום פון אָרט צו אָרט
און רו ביי יעדנס פייער.

אַ שמייכל דאָ, און דאָרט אַ טרער —
און — ס׳ווערן טעג צעשוואומען.
איך ווייס ניט וואָס איז מיין באַגער
און ווייס ניט וואו כ׳וועל קומען.

אָט ערשט געלאַכט — און אָט איך וויין,
איך טרעט מיט ברייטע שפרייזן.
איך נאָר די וועלט און זיך אַליין
און לאַך פון מיינע גרייזן.

## ווילדע ווינטן

ווילדע ווינטן פון די וועגן,
האָט איר וואו מיין פרייד באַגעגנט?
אפשר איילנדיקערהייט
האָט איר וואו געזען מיין פרייד?

ערגעץ אין די טיפע וועלדער,
אָדער אויף די ברייטע פעלדער, —
אפשר דאָרטן האָט מיין פרייד
אומגעוואַנדערט שטילערהייט...
אָדער אפשר אונטער רעגן,
ביי דער שיידונג פון די וועגן
האָט מיין שטילע פרייד געקלאָגט,
ווען איר האָט פאַרבייגעיאָגט?

## פאַרלאַכט

פאַרלאַכט אין יאוש האָב איך מיינע יונגע יאָרן
און איצטער לאַך איך אויס מיין טרויעריקן היינט;
און איבעריק בין איך ביי זיך אַליין געוואָרן,
ווי איבעריק איך בין ביי מיינע גוטע פריינט.

נאָר יעדער איינער קאָן און מעג מיך אפשר טרעטן,
ווייל איך אַליין מאַך חרוב וואָס איך האָב געבויט...
איך האָב שוין וויפל מאָל דעם טויט אויף זיך געבעטן,
און יעדן מאָל אין שרעק אַנטלאָפן פון דעם טויט.

## קלאָג ניט

קלאָג ניט, בייזער ווינט פון פעלד,
פון דער אומעטיקער וועלט,
קלאָג ניט וואָס די בלעטער פאַלן; —
זינג פון פרילינגדיקע שטראַלן,
זינג פון וואַסערן, וואָס שוימען,
זינג פון בלויע הימל־רוימען, —
וואו די פרייע פייגל שוועבן,
זינג פון זומער, זינג פון לעבן...

## דער רוף

מיך האָט אַ שטורעמווינט פון מדבר־זאַמד דערהויבן,
די ערד־גערוישן הער איך שוין ניט קלאָר...
און איך פאַרנעם אַ שטים אַ מעכטיקע פון אויבן:
איך פיל דעם טויט שוין אויף דער וואָר.

פאַרביי, פאַרביי מיין לעבן, אין דער פאַרב פון אָוונט!
און דו, מיין ערד, מיין חומר, מיש זיך אוים מיט ערד...
עס אַרט מיך ניט: עס איז ניטאָ קיין ווייט און נאָענט
פאַר דעם וואָס האָט דעם רוף פון יענער זייט דערהערט.

## אייביקע וואַנדערער

אייביקע וואַנדערער,
יאָרן פאַרגאַנגענע!
שאָטנס פון טרויער
און ליכטיקע פרייד...
צו דעם פאַרשוואונדענעם
שטענדיק געבונדענע,
גייען מיר נאָך
אייער וועג שטילערהייט.
חלום און האָפענונג,
ווייטקייטן אָפענע,
ווערן פאַרשלונגען
אין אייערע טריט...
אייביקע וואַנדערער,
איינס נאָכן אַנדערן
ציט איר אונדז אויך
אין די ווייטקייטן מיט.

# האַליפאַקס

ווייל דער מענטש זיין גייסט באַווייזן,
ווערט די ערד אין שלעכטס פאַרזונקען,
ווייל דער מענטש זיין קראַפט באַווייזן,
ווערט די ערד אין בלוט פאַרטרונקען.

ווערן גרוים און קליין פאַרטיליקט;
אייזן, בלוט און פלייש צוזאַמען...
גייען אונטער שטעט און וועלטן,
ווערן חרוב אין די פלאַמען.

ערגעץ איז אַ בליק אַ קלאָרער
און אַ שווערע האַנט באַהאַלטן;
די גערעכטיקייט באַווייזט זיך
אין פאַרשיידענע געשטאַלטן...

# אָפּגרונטן

איך עפן אויף די אָפּגרונטן און קוק אין זיי אַריין;
און טרינק דאָס אומפאַרשטענדלעכע ווי ברויזנדיקן וויין;
און זע ווי דאָרטן שפּיגלען זיך דער ניט־זיין און דער זיין...

די טיף געהיימע טיפעניש פאַרציט מיך מער און מער...
פאַרשוואונדן ווערט און אָפּגעמעקט דער גרענעץ, דער באַגער;
צוזאַמען ווערן אויסגעמישט מיין שמייכל און מיין טרער.

ווער בין איך? — אין דער טיפעניש אַ פאַלנדיקער שטיין,
און באַלד נאָך מיר וועט אויך מיין שפּור פאַרשווינדן און פאַרגיין —
צי אפשר אַלע טיפענישן שאַף איך גאָר אַליין?

איך עפן אויף די אָפּגרונטן און קוק אין זיי אַריין;
און טרינק דאָס אומפאַרשטענדלעכע ווי שפּילעוודיקן וויין;
און זע ווי דאָרט פאַרשוואונדן ווערט פון מיר אַליין דער שיין...

## צו אַ פֿאַרביטערטן

דו האָסט בן־אדם צו פיל שוין גענומען זיך אין זינען —
מען טאָר ניט שטאַרבן פֿאַר דער צייט, מען מוז דעם טויט פֿאַרדינען.

פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָן און צוליב וואָס — ניט העלפן וועט דאָס פרעגן,
דו ווייסט פֿאַרוואָס עס שיינט די זון, פֿאַרוואָס עס גייט אַ רעגן?

דו קאָנסט ניט שווייגן — שריי... נאָר לייד צוגלייך מיט אַלע מענטשן,
דער טויט אַליין וועט דאַן מיט רו און זעליקייט דיך בענטשן.

# אין וואַנדער

מיט דעם טרויעריקן שמייכל
יאָרן נאָכאַנאַנד, —
גיי איך אום פון מענטש צו מענטשן
און פון לאַנד צו לאַנד.

פול און מעכטיק איז דאָס לעבן,
שיינענדיק און רייך,
פול און שטראָמיק איז דאָס לעבן
ווי אַ ברייטער טייך.

דערפלעך קליינע — מענטשן לעבן
דאָרט נאָך גאָטס געבאָט,
ברייטע טומלדיקע גאַסן
פון דער גרויסער שטאָט...

ווײ... כ׳בין אומעטום דער זעלבער...
און פון לאַנד צו לאַנד —
גיי איך אום אין שטילן טרויער
יאָרן נאָכאַנאַנד.

# וויי־געשריי

איך האָס אייך בייזע וועלף, איך האָס אייך און איך שעלט,
איך האָס אייך אַלעמען, איר האָרן פון דער וועלט!
פאַרשאָלטן זייט אויף אייביק, מערדעריש געזינד,
פאַר יעדער טראָפּן בלוט פון מיין געטויטן קינד.

מיין פייערדיקער האָס צו אייך האָט גאָר ניט קיין סוף
אַזוי ווי ס'וועט ניט האָבן גאָר קיין גרענעץ אויך די שטראָף
וואָס וועט אייך פּלוצלינג טרעפן ווי אַ ווייטע קויל,
און וועט אַרויסרייסן די רויב פון אייער מויל.

פאַרשאָלטן זייט איר פרומע וועלכע זיפצן שווער
און לאָזן רואיק אַ פאַלשע קאַלטע טרער
און בענטשן נאָך מיט צלמים גאָטספאַרכטיק און פרום
די בלוטיקע גזלנים וואָס ברענגען קינדער אום.

# אומפאַרמיידלעכקייט

מיר דערציילן שטיל די ווינטן
און אין מיטן נאַכט די שטערן, —
אַז דעם מזלס וועג דעם בלינדן
קאָן מען קיין מאָל ניט דערקלערן,
ניט דערקלערן.

און מיר זאָגט די זון אין זומער,
און אין האַרבסט דער קאַלטער רעגן, —
אַז דער מעכטיקער, דער שטומער,
וועט ביי אונדז קיין זאַך ניט פרעגן,
גאָרניט פרעגן.

נאָר מיר גייען און מיר שווייגן,
אויף דעם וועג פון אומבאַוואוסטקייט
רוישן איבער אונדז די צווייגן
און עס הילכט די גרויע פוסטקייט.
און מיר גייען...

# אַזוינע זיינען מיר

די — איילן, יענע גייען זיך,
דאָך פֿאָלגט מען דעם באַפֿעל...
צי טרויערן, צי פֿרייען זיך,
דער שומר איז ביים שוועל.

און אַלע זיינען בלינד;
אַלץ טוט זיך לייכט און אומגערן,
מיר קאָנען זיך נאָר צוהערן
צום אָפּקלאַנג וואָס פֿאַרשווינדט.

אין טעג פֿון יוגנט שיינען מיר
די עלטער בענקט פֿאַרקלערט...
און אָט אַזוי זיינען מיר,
די קינדער פֿון דער ערד.

# עס פלאַטערן פאָנען...

עס וויקלען זיך אויף און עס פלאַטערן פאָנען,
דאָרט שטייען שוין מענטשן געגרייט ביי דער וואך;
דאָרט לויערט דער טויט שוין מיט טויזנטער אויגן,
ער זעט פאַר זיך גרייטע קרבנות א סך.

און מענטשן זיי גייען מיט קאַלטע געזיכטער,
זיי גייען מיט הערצער פון אייזן געשמידט;
די שרעק גייט פאָרויס און די אימה אהינטער, —
און עמיצער לאַכנדיק ציילט זיי די טריט.

איין קלאַנג רייסט זיך אויס פון די טויזנטער ברוסטן,
עס פייערן בליקן, און ס׳בלויזט זיך די שווערד.
און נייע אומשולדיקע בלוטיקע שטראָמען, —
אוי, וועלן פאַרפלייצן שוין ווידער די ערד...

און וויפל אומשולדיקע לעבנס פאַרוועלקטע,
און וויפל פאַריתומטע קינדער אין גאַס!
דערבאַרעם זיך, הימל, פאַרניכט און פאַרטיליק
די וועלט וואָס איז שיכור פון בלוט און פון האַס...

## באַרג און טאָל

בין איך אויפן באַרג אַרויף העכער צו דעם שיין,
אוי, ווי קאַלט איז מיר געוואָרן אין דער הויך צו זיין.

בין איך מיר פון באַרג אַראָפּ און צורק אין טאָל,
האָב איך פּלוצלינג אָנגעהויבן ווײנען אויפן קול.

## טרייסט

יאָ, איך האָב אַ טרייסט געפונען:
ביסטו עלנט, ביסטו גרויס;
וואָס דיין צער האָט אויסגעשפּונען
קיינעם, קיינעם זאָג ניט אויס.

און דיין גרויסער ווײ באַהאַלטן
זיין זאָל שטענדיק טיף איר דיר;
און דעם אומריינעם, דעם קאַלטן
מיט דיין פייער ניט באַריר.

ווייך פון מענטשן, מענטשן זיינען
דערנער שטענדיקע אין וועג;
זע, אַז בלויז אויף דיר נאָר שיינען
זאָל דער צער פון דיינע טעג.

# פרייע סטעפעס...

פרייע סטעפעס, פרייע פעלדער —
און דאָס פאָלק איז פריי.
נייע לידער, נייע טרוימען —
און דאָס לעבן ניי.

יעדנס ליפּן פרייט דער שמייכל,
און עס ברויזט די פרייד.
איך בין אויכעט שטאַרק צופרידן —
אָבער שטילערהייט.

דען ס׳דערמאָנט זיך מיר א מאָלצייט
ביי א גרויסן גביר —
און די אָרעמינקע מומע
וועלכע טאַנצט ביים טיר.

אויסגעמישט מיט שטילן טרויער
איז מיין פרייד דערפאַר.
און עס קלינגט אין מיין געלעכטער
אויך א זיפץ פון צער...

## מיין פאָלק...

מיין פאָלק, ביסט וואונדערבאַר און אומפאַרשטענדלעך!
דו טראָגסט אין זיך אַ געטלעכע געהיימע קראַפט;
דיך האָבן שווערד און פייער ניט געקאָנט פאַרלענדן,
און ס'איז דיין העלדן-גייסט געבליבן ניט פאַרשקלאַפט.

מיין פאָלק, איך זע נאָך איצט פאַר זיך די פלאַמען-פייער
פון וועלכע דיינע קינדער האָבן גאָט געלויבט, —
און זייער גייסט פאַרבליבן איז אין דיר, אַ פרייער,
פון דורות ניט באַפלעקט, פון מענטשן ניט בארויבט.

און אָט דער הויכער גייסט וועט אייביק אין דיר גליען!...
איך ווייס אַז דיין דערלייזונג וועל איך שוין ניט זען...
דאָך הילכט אין מיר, מיין פאָלק, דאָס וואָרט פון די נביאים —
דער וואונדער וועט געשען, דער וואונדער וועט געשען!

# דורך דורות

לעבט אַ דור און ווערט פאַרלאָרן,
אים פאַרבייט אַ צווייטער,
און עס ציען זיך די דורות
ווי די טרעפּ אין לייטער.

און מען יאָגט זיך, און מען איילט זיך
העכער אַלץ געשטיגן,
און ווי פייער, און ווי וואַסער
וועט מען לופט באַזיגן.

צו יופּיטער, מאַרס, סאַטורן —
שטערן און פּלאַנעטן,
וועט מען זיך נאָך קאָנען שיפן
אין די לופט-קאַרעטן.

נאָר וואוהין? צו דעם קיין ענטפער
וועט מען נישט באַקומען.
ס'האָט דער מענטש זיין וועג דורך דורות
אַלץ נאָך נישט געפונען.

## דער וועג איז אַ לאַנגער

דער וועג איז אַ לאַנגער
און ניט אַ געמאָסטענער, —
ער צווינגט מיך אַלץ ווייטער צו גיין.
אוי, אָט בין איך ווידער
אַן עלנט־פאַרלאָזענער,
אויף נאַקעטע פעלדער אַליין.

ניטאָ קיין קוויטן,
ניטאָ מער קיין דערנער, —
דורך שטיינער דורך גרויע אַ וועג;
ניט זון און ניט רעגן,
נאָר בליצן און דונער
באַלייכטן, פאַרהילכן די טעג.

## דאָס געזאַנג פון מולך

צינדט־אָן די וועלט! די גאַנצע וועלט
צינדט־אָן פון אַלע זייטן!
פאַר מיר, פאַר מולך, אייער געץ
פון די אוראַלטע צייטן.

מיט טרערן שווערע, בלייענע
טריפט מיין בליק דער בלינדער,
און מיינע הענט די קופערנע
אויסגעשטרעקט נאָך קינדער.

די פויקן מיינע שלאָגן הויך,
הילכן און פאַרטויבן,
ניטאָ קיין געטער אַנדערע —
ניט אונטן און ניט אויבן!...

## טאַנצן מענטשן

טאַנצן מענטשן שיכורע,
טאַנצן מענטשן ניכטערע —
קינדער טאַנצן אין אַ ראָד.

גייען מיר צופרידענע,
גייען מיר פאַרלאָרענע
צו דעם סוד.

## דו לץ

אוי, דו לץ און בדחן,
מיט דיין פּייקל — מיט די גראַמען,
האָסט זיך ווידער שוין צעזונגען,
און די אויגן דיינע פלאַמען.

ווערטער קייקלען זיך ווי אַרבעס,
און די שנעלע גראַמען קלינגען,
דו פאַרגעסט זיך גאָר אינגאַנצן,
ווי די פייגל ווען זיי זינגען.

און די לאַנגווייליקע שמייכלען
מערקסטו ניט אויף די געזיכטער,
כאַפּ זיך אויף פון שלאָף, פון חלום —
אַך דו לץ, דו לץ און דיכטער!

# וויג־ליד

שלאָף מיין אומשולדיקער פויגל,
מאַך די אויגן צו,
קוים נאָר סודען זיך די בלעטער —
ליולינקע, ליו־ליו.

און פון אויבן די לבנה
ווי פאַרטראַכט זי קוקט,
אוי, דאָס ציגעלע, דאָס ווייסע,
האָט אַ בער פאַרצוקט.

און די אומעטיקע שטערן
ווינקען דיר אין וויג...
ניט געקומען איז דיין טאַטע
פון דעם גרויסן קריג.

קיינער האָט אים ניט באַוויינט דאָרט,
קיינער ניט באַקלאָגט,
אויף זיין קבר האָט קיין קדיש
קיינער ניט געזאָגט...

וואו געשטאָרבן, ווען איז יאָרצייט,
ווייס איך ניט, מיין קינד,
פרעג די שטערן, דער לבנה,
פרעג דעם פרייען ווינט.

ווינטן יאָגן, ווינטן טראָגן,
האָבן ניט קיין רו.
שלאָף, מיין אומשולדיקער פויגל,
ליולינקע, ליו־ליו.

## דער טרייער דינער

ס׳ציען זיך צום פּאַלאַץ מענטשן,
רוישן, קייקלען זיך ווי וואַסער.
אין דעם קייסערלעכן פּאַלאַץ
גייט דער קעניג אום אַ בלאַסער.

און ביים טיש, די פֿאָלקס־שליחים
שטרענג באַפֿעלן אים ווי געטער:
— זאָג זיך אָפּ פון דיין מלוכה,
דען ס׳וועט צ ו ש פּ ע ט זיין שוין שפּעטער.

גרויזאַם קלינגען אים די ווערטער;
ער, דער גאָט־געזאַלבטער קעניג —
זאָל זיך אָפּזאָגן פון הערשן,
און דעם פֿאָלק זיין אונטערטעניק!

און דער קעניג איז צעטומלט,
קוקט זיך אום אויף אַלע זייטן.
נאָר די הויפליים און די האַרן
קוקן שווייגנדיק פון וויטן.

שטאַרק צעשראָקן — און די אויגן
צו דער ערד אַראָפּגעלאָזן —
אַלע האָבן זיי דעם קעניג
אין זיין שווערער צייט פאַרלאָזן.

און פאַרשטאַנען האָט דער מלך
אַז דאָס פֿאָלק וועט אים באַזיגן.
און אַז צווישן אַלע האַרן, —
וועט ער מער קיין פריינד ניט קריגן.

און מיט ציטעריקע פינגער
עלנט, מאַכטלאָז און פאַרשטויסן —
האָט דער קעניג אָנגעשריבן
אַלץ וואָס מען האָט אים געהייסן.

און די פירער פון דעם אויפשטאַנד
זיינען שנעל אַרויסגעגאַנגען.
אויפגענומען האָט דאָס פאָלק זיי
היים, מיט פייערלעכע קלאַנגען.

און די הויפלייט אויך — פון פּאַלאַץ
זיינען איינציקווייז פאַרשוואונדן.
שוין צעריסן זיך די קייטן
וועלכע האָבן זיי פאַרבונדן...

און פאַרבליבן איז דער קעניג
אין זיין פּאַלאַץ ווי געפאַנגען.
אַלע האָבן אים פאַרלאָזן!
אַלע זיינען זיך צעגאַנגען...

נאָר אַן אַלטער, טרייער דינער
איז אין זאַל אַריינגעקומען
און דעם קייסערס בילד מיט טרערן
שטיל פון וואַנט אַראָפּגענומען.

אויפגעהויבן האָט דער קעניג
פון זיין אָרט זיך אַ פאַרקלערטער.
פאַר דעם אַלטן טרייען דינער,
האָט ער זיך געבייגט אָן ווערטער.

## אַ מענטשנס האַרץ

אַ מענטשנס האַרץ —
ווי טיף עס איז!
אַן אָפּגרונט שוואַרץ,
אַ שאַרפער שפּיז,

אַ זונען־שטראַל,
אַ צאַרטע בלום,
אַ טיפער קוואַל, —
אַ קבר שטום...

ווער ווייס וואָס דאָרט
באַהאַלט זיך טיף?
ניטאָ קיין וואָרט,
און קיין באַגריף!...

## גלות

איך גיי אויפן פעלד מיר אין אָוונט שפּאַצירן.
עס צייטיקט זיך ברויט פאַר דער וועלט.
עס פרייט מיר דאָס האַרץ, — אָבער פּלוצלינג דערפיל איך:
ניין, ניין! ניט פאַר מיר איז דאָס פעלד!

איך גיי אַ צעקלעמטער צוריק פאַרביי טייכל
און קוק אויפן וואַסער פאַרטראַכט...
וואָס טראַכסטו פון שיינקייט, פון ביימער און פעלדער!
גיי ווייטער, גיי! — רוימט מיר די נאַכט.

און נאָר ביים נר־תמיד אין אַלטן בית־מדרש,
אין שם און אין עבר'ס געצעלט,
דערפיל איך ווי פריי און ווי שיין איז מיין לעבן
ווי ליכטיק און גרויס איז מיין וועלט.

# מלחמה־בילד

אויף די פעלדער און די וועגן
הערשן האַס און מאָרד און טויט.
מענטשן פאַלן אויף די וועגן,
קינדער גייען אוים פאַר ברויט.

ווייבער בלאָנדזשען אום ווי שאָטנס,
איינגעהויקערט און פאַרקלאָגט;
הערן נייס פון דער מלחמה, —
וואָס מען רעדט און וואָס מען זאָגט.

אָט־אָ טראָגט מען אויף אַ בעטל
אַ פאַרוואונדעטן פון שלאַכט;
ווייטער קאָן מען אים נישט פירן,
האָט מען אים אַהער געבראַכט!

זיין געזיכט איז געל ווי פאַרמעט,
אויגן — היים, צעעפנט ברייט,
רופט ער אויפן וואונק אַ יידן,
קוים צו הערן זיינע רייד.

און באַקומענדיק אַן ענטפער,
אַז די היים פון אים איז ווייט,
בלייבט ער ליגן אומבאַוועגלעך
און פאַרטראַכט, אַ ביסל צייט.

— איר זאָלט איבערגעבן, בעט איך,
מיינע קינדערלעך אַ גרוס,
און מיין ווייבל זאָלט איר זאָגן,
זאָל ניט האָבן קיין פאַרדרוס:

מיר האָט נאָך אַ גליק געטראָפן,
איך וועל שטאַרבן דאָ אין שטאָט,
צווישן יידן וועל איך רוען...—
און דערפאַר אַ דאַנק דיר, גאָט.

און די יידענעס פון וויטן
לאָזן אין דער שטיל אַ טרער:
„דאַנקען גאָט, אַ שטיקל טרייסט נאָך", —
און מען רעדט קיין וואָרט ניט מער.

## איינפאַך

וואויל צו יענע, וועלכע לעבן
איינפאַך אויף דער וועלט;
וועלכע ווייסן וואָס זיי האַסן
און וואָס זיי געפעלט.

וועלכע האָבן אויסגעמאָסטן
זייער וועג פאָראויס, —
בויען זיי זיך פאַר די קינדער
זיכער זייער הויז.

און זיי היטן ווי מטבעות
גאָלדענע די טעג...
נאָר אַ צער אויף מענטשן, וועלכע
האָבן ניט קיין וועג,

ווייל זיי גייען אום פאַרטראַכטע,
קוקן זיך אַלץ צו —
וואו איז זיי באַשערט צו קריגן
ענדלעך זייער רו.

## אַ טרוים

אַ שטיבעלע אין מיטן וואַלד
פאַרשלאָסן און פאַרשלאָגן;
אַהינצו, ווייט פון קלוגע לייט,
וועל איך מיין צער פאַרטראָגן.

אַליין מיט הימל, בערג און גאָט
וועל איך מיין וועלט באַקלאָגן;
און ס'וועט מיין קלאַנג פון הארצן באַנג
אין מארק זיך ניט דערטראָגן.

# איך דאַנק דיר, גאָט...

**א.**

איך דאַנק דיר גאָט,
איך דאַנק דיר גאָט,
ווי שטיל און צאַרט,
און אומדערוואַרט,
איז מיר מיין פרייד.
מיין גרויסע פרייד,
וואָס קוואַלט
און שטראַלט,
און רייסט זיך אויס
און פירט מיך ווייט אַרויס
פון מיינע איילן פיר,
און עפנט אויף פאַר מיר
אַ טיר
אין לאַנד
פון שמייכלען און פאַרשטאַנד.
איך דאַנק דיר גאָט,
איך דאַנק דיר גאָט.

ב.

איך דאַנק דיר גאָט
פאַר יעדן טראָט,
מיין יעדער טראָט
איז מיר אַ וועלט,
און אַלץ איז מיין:
דאָס ברייטע פעלד,
די העלע שיין,
דער פויגל אין דער הויך,
דער וואָלקן און דער רויך.
דער אָטעם פון דער בלום,
דער גייסט,
וואָס שפרייזט
אויף יעדער זאַך אַרום, —
און אַלץ אויף וואָס עס פאַלט,
און רוט, און שטראַלט
מיט גליק
מיין בליק.
איך דאַנק דיר גאָט,
איך דאַנק דיר גאָט.

ג.

איך דאַנק דיר גאָט.
דו האָסט אין מיר
אַ טייל פון דיר
און פון דיין גרויסן סוד
באַהאַלטן ערגעץ ווייט.
און איך פאַרגיב
די בייזע, אומגליקלעכע לייט.
און מיר איז ליב
דער אָנהויב און דער סוף,
די ערשטע און די לעצטע שעה
וואָס איך האָב דאָ.
און מיר איז ליב
די שטראָף פון סוף, די רו,
וואָס דעקט דאָס לעבן צו...
איך דאַנק דיר גאָט,
איך דאַנק דיר גאָט.

## שניידער־יינגלעך

דריי שניידער־יינגלעך, אין דער אַרבעט נאָך גאָר פריש
געאַמפּערט האָבן זיך ביים מייסטערס טיש;
און יעדער איינער האָט געמיט זיך צו באַווייזן —
וואָס, אייגנטלעך, איז פאַרן בגד וויכטיקער:
די שער,
די נאָדל, צי דער אייזן?
זיי האָבן זיך דערביי
אַזוי געהיצט אין זייער קריגעריי,
אַז אַט־אַט־אַט — און ס'וואָלטן פּעטש געפלויגן!...
נאָר אַ געניטער פּועל, וואָס איז די גאַנצע צייט
געזעסן ביי דער אַרבעט איינגעבויגן,
און האָט געשוויגן,
האָט זיי באַמערקט געלאַסן פון דער ווייט:
„צו וואָס, בחורימלעך, זאָלט איר זיך קריגן,
און טומלען, אַמפּערן זיך נאָך און נאָך?
איר אַלע זייט גערעכט, ס'איז יעדנס מיינונג ריכטיק!
ווייל יעדער שניט און שטאָך,
און יעדער גלעט איז פאַרן בגד וויכטיק...
נאָר סוף־כל־סוף —
דער עיקר איז די שטאָף!"

# דער יום־טובדיקער מלבוש

דער גליבישקאָווער גבאי, ר׳ מיכאל־בער
האָט, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ שטאַנד אַ גבאים,
געהאַט אַן אַטלעסענע זשופּיצע פאַר שבת
ניט מער,
וואָס, אונדז צו לאַנגע יאָר, זיין שווער,
(אַ ייד אַ גביר געווען — ר׳ חייקל שלום־אבאם)
האָט די קאַפּאָטע אים געמאַכט
אַ קימא־לן שוין פון אַ וויפל יאָרן!
נאָך פאַר דער גרויסער שרפה, ווען ניט היינט געדאַכט,
אַ האַלבע שטאָט איז אָפּגעברענט געוואָרן.
דער מלבוש, הייסט דאָס, איז שוין ניט גאָר ניי געווען;
האָט טאַקע ר׳ מיכאל־בער אַמאָל דערזען,
ווען ער האָט ערב־שבת זיך אין שול געקליבן,
אַז זיין קאַפּאָטע איז שוין עפּעס גאָר ניט דאָס...
אַזאַ פאַרדראָס!
אַרום די אַרבל וואו־ניט־וואו צעדריבלט,
און ערטערווייז שוין טאַקע אויסגעריבן,
און, דוכט זיך אויך דער קאָלנער גלאַנצט שוין היפּשלעך מער
ווי זייד און אַטלעס דאַרפן גלאַנצן...
„— אַ שאָד! — אַ טראַכט געטאָן האָט ר׳ מיכאל־בער, —
געווען אַ פיינער מלבוש ביז אַהער
און איצט — שוין עפּעס גאָר ניט יום־טובדיק אינגאַנצן...״
דערווייל, לכבוד שבת קעמענדיק די באָרד,
האָט ער אַ קוק געטאָן אין שפּיגל, וואָס איז דאָרט
אַנטקעגן אויף דער וואַנט געהאָנגען.
משמעות, אַז זיין פּנים, זיין געשטאַלט,

וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון שפיגל, האָט אים באַלד
אַרויסגעפירט שוין גאָר אויף אַנדערע געדאַנקען.
„—וואָס איז? — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין, —
וואָס זינדיקסטו? ניט שיין, מיכאל־בער, ניט שיין!
תּרעומות גאָר צו אַ קאַפּאָטע?
צעדריבלט, זאָגסטו? אויסגעריבן? וויים איך וואָס! ס'איז בלאָטע!
אַ מלבוש איצטער אויך נאָך שיין און פיין!"
ער האָט זיך אויסגעמוסרט ווי עס דאַרף צו זיין,
די וואָכעדיקע שטות־רעיונות אָפּגעשלאָגן,
און שוין אַ שבתדיקער, זויבער, אויסגעצוואָגן,
איז ער, ווי אַלע מאָל, אַוועק אין שול אַריין.

---

וואָס נאָך קען איך אייך דאָ, רבותי, זאָגן?
ניט פיל... דאָך דוכט זיך מיר, ווען כ'גיב אַמאָל אַ קלער
פון גליבישקאָווער גבאי, ר' מיכאל־בער,
אַז ווען ער וואָלט אויך וויפל מתושלח לעבן,
וואָלט ער
זיין יום־טובדיקן מלבוש אַלץ ניט אויפגעגעבן.

# דער פּיקהעלץ

„דו — פויגל נאַרישער, דו פּיקהעלץ דו!
וואָס לאָזטו ניט דעם בוים צו רו
און רוסטו אַליין זיך אויך ניט אָפּ אַ ביסל? —
באַמערקט האָט צו דעם פּיקהעלץ פון דער זייט
אַ יונגער וועוויריק, קנאַקנדיק די גאַנצע צייט
אַ ניסל נאָך אַ ניסל —
אַ פייגעלע אַ קליין, וואָס מען באַמערקט דיך קוים,
נעמסטו זיך איינברעכן אַזאַ געזונטן בוים,
וואָס גרינט און בליט און שפּרייט זיך אויס אין אַלע זייטן!
און פּיקסט דעם בוים, און פּיקסט, און דזשובעסט נאָכאַנאַנד, —
אַז ס'איז אַ חרפּה, פּשוט, און אַ שאַנד
פאַר לייטן!..."
„— טוק־טוק, — געענטפערט האָט דער פּיקהעלץ אים פון ווייטן,
זאָלסט וויסן, יונגערמאַן,
אַז וואו איך פּיק איז דאָרט אַ ווערעמל פאַראַן."

# אַ חזיר און אַ פייגעלע

— „מען זאָגט, אַז פליען איז, אוי־אוי, אַ גרויסע זאַך...
מען דאַרף זיך טאַקע נעמען אויסלערנען דעם פאַך, —
באַשלאָסן האָט דער חזיר, און דערווײַלע — טראַך!
אין בלאָטע ביזן האַלדז זיך אויסגעצויגן.
אַ פייגעלע, וואָס איז פאַרביי דאָרט דורכגעפלויגן
און האָט געהערט דעם חזירס רייד,
האָט זיך מיט אמתדיקער פרייד
צעזונגען אין דעם הימל־רוים דעם קלאָרן:
— „ווי גוט איז וואָס חזירים פליען ניט!
ווען, גאָט באַהיט,
אַ חזיר פליט, —
אוי־וויי, וואָס פון דעם הימל וואָלט געוואָרן!"

# אַ צופאַל

מען האָט אין גאַס אַ יונגנמאַן געפונען,
וואָס האָט אַליין דאָס לעבן זיך גענומען;
פאַרוואָס ער האָט אַליין אויף זיך דעם סוף געבראַכט,
אוים ליבע, צי אוים שמאַכט, —
האָט קיינער ניט געוואוסט, דער האָט דאָך געשוויגן...
נאָר זיכער איז
געוויס,
אַז טאָן אַזוינס-אַ טוט מען ניט פון פאַרגעניגן!...
און ס'האָט ביי יעדן זיך אַרויסגעהויכט אַ קרעכץ —
דער אויבערשטער זאָל אויסהיטן פון שלעכטס!
עס זיינען אָנגעשטאָנען איצט אַזוינע יאָרן,
אַז הפקר איז דער מענטש ביי זיך אַליין געוואָרן!
און ווייבער, — גרינג אויף טרערן אַלעמאָל, —
באַקלאָגט אים האָבן אויפן קול:
— „אַ בוים אַזאַ, אַ יונגער און אַ פיינער,
אַז וויי און ווינד איז, נעבעך שוין דער מאַמען זיינער"
און ס'האָט ביי יעדן אין דער שטיל
דאָס האַרץ געוויינט אין מיטגעפיל...
אַ מאַן אַ גוט-באַוואוסטער,
פון גאַס דער שוסטער,
האָט אויך זיך דאָרטן דורכגעשטופט צו זען
דעם בראָך וואָס איז געשען, —
ווי אַ יונג לעבן איז אומזיסט-אומנישט פאַרפלויגן...
באַטראַכטנדיק דעם מאַן פון אויבן ביז אַראָפּ,
האָט ער פאַרטרויערט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ,
און האָט מיט טרערן אין די אויגן
אַ זאָג געטאָן אַליין צו זיך:
— „נאָך גאָר אַ נייאינקע פאָר שיך!..."

---

און ס'איז אַ מערקווערדיקע זאַך, —
אַז מיר פאַרגעסן קיינמאָל גאָר ניט אונדזער פאַך...

# דער טייך

סוף־זומער, איינמאָל אין אַ רויטלעכן פאַרנאַכט,
האָט זיך דער אַלטער בוים, פאַרטרוילעך און פאַרטראַכט,
געסודעט מיט דעם טייך, וואָס איז געלעגן
ווי אַ באַשיינטער שפּיגל, שטיל אין זיינע ברעגן:
„ווי שיין, ווי וואונדערלעך, אַ טייך, ביסטו
אין דיין סוף־זומערדיקער רו!
דו ווייסט גאָרניט מיט וויפל דו ביסט איצט שענער
ווי אין די פרילינג־טעג,
ווען הויך אַן אויפגעשלאָגענער פון ברעג צו ברעג,
האָסטו אין זיך געטראָגן זאַמד און שוים און שפּענער!...
ווייל איצט, ווען דו ביסט אויסגערוט, פאַרטראַכט,
איצט שפּיגלסטו דאָך אָפּ דעם הימל מיט זיין פּראַכט
אין דיינע שטילע וואַסערן די קלאָרע!"
„יאָ, יאָ", האָט קוים
דער טייך געמורמלט צו דעם בוים,
„איך בין איצט רואיקער געוואָרן,
און כ׳בין, קען זיין,
אַ דורכגענומענער מיט אומעט און מיט שיין, —
נאָר איך בין שוין פאַרטאָן אין ווינטערדיקן דרימל.
אין פרילינג אָבער, ווען איך שוים און ברויז,
און ריים זיך פון די ברעגן אויס —
וואָס גייט מיך דעמאָלסט אָן דער הימל!"

# מוטער און קינד

אַ פייגעלע האָט פליען ניט געקאָנט,
און ביי דער מוטער האָט עס אַלץ געמאָנט:
„— פאַרוואָס מוז איך אין נעסט דעם גאַנצן זומער ליגן,
ווען אַלע מיינע ברידער־שוועסטער, וואָס מיט זיי
צוזאַמען, גלייך, האָב איך זיך אויסגעשיילט פון איי,
זיי פליען דאָך אַרום — אַ פאַרגעניגן!"
„— מיין קינד — געענטפערט האָט די מוטער אים
מיט שטילן צער אין שטים —
דיר איז ביז איצט נאָך פליען ניט געלונגען
דערפאַר נאָר בלויז,
ווייל ס'איז ביי דיר אַ פליגעלע צו־גרויס..."
— „צו גרויס? — האָט זיך דאָס אומגליקלעכע קינד
צעזונגען —
די שכנים זאָגן דאָך פאַרקערט! נאָך זייער מיין
איז גאָר ביי מיר אַ פליגעלע צו־קליין!"...

אַ, פויגל, אומגליקלעכער, ליבער,
וואָס מאַכט דאָס אויס?
צו־קליין, צו־גרויס —
דיין גורל בייט דאָך דאָס ניט איבער.

## דער יונגער האָן

אַ יונגער האָן, אַנטציקט
פון דעם וואָס ער האָט אָנגעהויבן קרייען,
איז אויף אַ פּלויט אַרויפגעשפּרונגען מיט געשרייען:
„קומט אַלע, הערט ווי גאָט האָט מיך באַגליקט!
איר האָט גאָר אַזאַ קרייען, כ'לעבן,
און אַזאַ שיינעם קלאַנג
נאָך ניט געהערט אין אייער לעבן!
מען הערט גאָר ניט אַזאַ געזאַנג,
אַזוינע וואונדערלעכע טענער,
פון אַלטע הענער!"
אויף נייס צו הערן האָבן אין דער הינער־וועלט
נאָך קיינמאָל קיין בעלנים ניט געפעלט...
האָט זיך אַ היפשער עולם טאַקע אָפּגעשטעלט
אַרום דעם שטאָלצן הענדל.
דער יונגער האָן באַטראַכט האָט אַלעמען גאַנץ שאַרף,
אַוועקגעשטעלט זיך ווי מען דאַרף,
(מישטיינס געזאָגט — אַ קריי אַ רענדל)
אַ פּאָר מאָל מיט די פליגל אָנגעקלאַפּט, —
נאָר דאָ פון אויפרעגונג האָט אים דער אָטעם גאָר פאַרכאַפּט.
און ווי ער האָט זיין קעפּל ניט געצויגן,
אין שרעק
אַראָפּגעלאָזט און אויפגעשטעלט דעם עק,
פאַרמאַכט און אויסגעגלאָצט די אויגן, —
אַרויסברענגען אַ טאָן
איז פאָרט אים ניט געלונגען...
און אָן אַ קריי איז נעבעך דאָ מיין האָן
פון פּלויט אַראָפּגעשפּרונגען.

---

איך וועל דיר אויסזאָגן אַ סוד, מיין ליבער העלד:
ווען דו וואָלסט שוין געקרייעט גלייך ווי אַלע הענער,
צי — טאַקע ווי דו מיינסט — אַפילו שענער
וואָלסטו דאָך אויך ניט איבערראַשט די וועלט.

# דער אָדלער און דער וואָרעם

אַן אָדלער אויף אַ הויכן פעלדז, האָט ביי דער זייט,
פון זיך ניט ווייט,
דערזען אַ ווערעמל אַ קליינעם:
— „ווי קומסטו דאָ צו זיין מיט מיר אינאיינעם?
דו האָסט דאָך ניט קיין פליגל וועלכע זאָלן דיר,
אַזוי ווי מיך,
אַהער דערהויבן!...“
— „איז וואָס, —
געענטפערט האָט דער וואָרעם מיט פאַרדראָס, —
—אַבי, — דו זעסט דאָך, — איך בין דאָ מיט דיר פון אויבן...
קיין פליגל האָב איך טאַקע ניט — ס'איז ניט מיין שולד, —
נאָר קריכן קאָן איך, און איך האָב געדולד...“

---

מיר זעען אָפט מיט גדולים, אויבן־אָן גאַנץ פיין,
אַזוינע לייט, וואָס דאַרפן דאָרט ניט זיין...
זיי קוקן זיך נאָר אום מיט גרויס נצחון —
וואָס מאַכט דאָס אויס! אַהין־אַהער, אַבי דערקראָכן.

# די הון און די קוקאָווע

אַ הון האָט דער קוקאָווע אָנגעהויבן שטראָפֿן:
— „איך האָב נאָך אין מײַן לעבן ניט געטראָפֿן
אַ צווייטן פֿויגל, וואָס זאָל אויך אַזוי ווי דו
קיין נעסט קיין שטענדיקע ניט האָבן ערגעץ־וואו!
אויב ניט אונטער אַ דאַך, איז ערגעץ אין די צווייגן...
איך רייד שוין דאָ ניט פֿון די פֿיינע שטייגן
אין אַ פֿאַרצוימטן אָנשטענדיקן הויף!...
און דו? דו קוקסט אַפֿילו ניט דערויף,
עס קימערט דיך אַ האָר ניט,
און גאָרניט!
פֿליסט אום צו פֿרעמדע פֿייגעלעך אין געסט,
און לייגסט דערווײַל דײַן איי בײַ זיי אין נעסט!...
ווי שעמסטו זיך דאָס ניט פֿאַר לײַטן?
און גלאַט — ווי האָסטו מוט
פֿאַרטרויען זיך אויף פֿרעמדע מיט דײַן פֿלייש און בלוט!"
— „איז וואָס? — באַמערקט האָט די קוקאָווע פֿון דערווײַטן, —
איך ווייס גאַנץ גוט, אַז ווער עס זיצט מײַן איי ניט אויס,
אַלץ איינעם קומט אַ קוקאָווקעלע אַרויס."

# דער הונט

א הונט אַן עזות־פּנים, גרויס און בייז און שוואַרץ,
האָט פאַרן פוקס גענומען אויסריידן דאָס האַרץ:
— „פאַרוואָס האַלט שטענדיק זיך דער וואָלף מיט מיר פון ווייטן?
און טרעפן מיר זיך ווען עס איז,
גלייך נעמט ער שטעלן פּיס
און וויל מיט מיר קיין בליק אַפילו ניט צעבייטן...
מיר זיינען דאָך נאָך קרובים פון די אַלטע צייטן!
און שרעקט ער זיך, דער וואָלף, פאַר מיר, פאַר מיינע ציין —
באַדאַרף ער וויסן זיין און פילן,
אַז איך, גראָד, האָב צו אים די פריינטלעכסטע געפילן".
— „גאָר פּראָסט, ר' הונט, — האָט אים דער פוקס געגעבן
צו פאַרשטיין, —
דער וואָלף האָט מורא ווייניק־וואָס פאַר דיר אַליין,
נאָר, גלאַט, ער האָט ניט ליב דיין בילן".

# דער לייב

א הונט, וואָס האָט דעם לייב באַדינט,
פלעגט — ווי דער שטייגער איז פון מערסטע הינט —
דעם לייב די גרעסטע שבחים שטענדיק זאָגן,
און פלעגט אַלץ נייע שמייכעלעך
און נייע חניפהלעך
אים אונטערטראָגן:
„— ניטאָ גאָר אַזאַ חיה, קליין צי גרויס,
וואָס זאָל, מיין האַר, מיט דיר, דעם שטאַרקסטן און דעם גרעסטן,
אין גבורה זיך פאַרמעסטן!
אַ קלייניקייט? אַז בלויז
אַפילו פון דיין וויטן ברומען,
ווערט דאָך אין גאַנצן וואַלד אַן איינלויף, אַ מהומה
און אַלע וואַרפן זיך אין פחד אויף דער ערד.״
„— און דאָך — געענטפערט האָט דער גיבור אים פאַרקלערט, —
ס׳איז אפשר גאָר צום לאַכן...
אַ פליגעלע, אַ מוק, דער שוואַכסטער פון דעם שוואַכן,
קען מיך אַמאָל אינגאַנצן הילפלאָז מאַכן.״

---

גאַנץ אָפט, און איבערהויפּט נאָך איצטער, פאַלט מיר איין,
אַז אויף דער וועלט וואָלט אפשר אַזוי שלעכט ניט זיין,
ווען מעכטיקע, אין זייער גרויסקייט,
געפונען וואָלטן מוט און דרייסטקייט
אַזוי ווי אונדזער לייב, — צו זען און צו פאַרשטיין
די שוואַכקייטן אין זיך אַליין.

## דאָס שפּענדל

אַ שפּענדל, אָפּגעשפּאָלטן פֿון אַ האָלץ,
איז מיטן שטראָם געשוואומען שטאָלץ
פֿאַרביי אַ שטיין, וואָס איז ביים ברעג אַנטקעגן
אַן אומבאַוועגלעכער געלעגן.
— „פֿאַרוואָס, — געחוזקט האָט דאָס שפּענדל פֿונעם טייך, —
פֿאַלסטו אַראָפּ צום דעק פֿון אונטן גלייך,
און אויבן אויפֿן וואַסער קאָנסטו ניט פֿאַרבלייבן, —
און איך — פֿאַרקערט —
איך שווים אַהין וואוהין די שטראָמען טרייבן”...
— „איך מיין, — געענטפֿערט האָט דער שטיין פֿאַרקלערט, —
די זאַך איז גאַנץ געוויינלעך:
איך גיי צום גרונד ווייל איך בין שווער,
און דו — דו וואַקלסט זיך אַהין־אַהער,
ווייל דו ביזט גרינג און קליינלעך”.

# דאָס קינד און דער כוס

אַ קינד, זיך שפּילנדיק, צעבראָכן האָט אַמאָל
אַ כוס פון טייערן קרישטאָל...
געוואָלט צונויפשטעלן צוריק — פאַרפאַלן!
האָט זיך דאָס קינד צעוויינט פון גרויס פאַרדראָס,
דערווייל איז אויף די שפּריצלעך פון דעם כוס
אַ שטראַל פון ערגעץ־וואו געפאַלן,
און מיט אַ וואונדערלעכן פלאַם
האָט אויפגעבליצט אין זיי אַ גאַנצער ים
פון געקאָלירטע שפּילעוודיקע שטראַלן!
דאָס קינד איז מיטאַמאָל געבליבן שטיין
אין מיטן זיין געוויין:
„—ווי שיין, ווי שיין!
איך האָב דאָך איצט אַזוי פיל דאָ מיט וואָס צו שפּילן!"
אויך מיר, מיט אונדזער קינדערישן בליק,
באַמערקן ערשט דעם שיין פון אונדזערע געפילן,
ווען שוין אויף שטיקלעך איז צעבראָכן אונדזער גליק.

## נייע צייטן

די פרייע ווינטלעך פון דער נייער צייט
וואָס קיינער ניט בכוח איז זיי אָפּצוהאַלטן,
אַריינגעדרונגען האָבן אויך אין וואַלד אין אַלטן:
אויך דאָרטן האָט די יוגנט, שוין ביז גאָר פאַרשייט,
גענומען קשיות פרעגן,
און זוכן נייע וועגן
ווי נאָכצוגיין דער צייט אין טראָט.
מען האָט גענומען מיטן שכל אַלץ דערקלערן,
און פירן שפּאָט
פון אַלץ וואָס קען ניט אַזוי לייכט פאַרענטפערט ווערן...
און איבערהויפּט האָט מען מיט פרומען ברען
גענומען אויסוואָרצלען
דעם איינגעשטעלטן שטייגער פון די אַלטע צייטן,
אומשטיינס געזאָגט — די זאַבאָבאָנעס, נאַרישקייטן,
און איבערבלייבענישן פון פאַרצייטן,
וואָס האָבן אין דער אויפגעקלערטער נייער צייט,
אין לויף פון יאָרן,
דעם זין און דעם באַדייט
אינגאַנצן שוין פאַרלאָרן...
און וועגן זעלבן ענין, ניי און אַלט,
האָט זיך געטומלט, גאָר אַ גוואַלד,
אויף דער אַסיפה פון די פוקסן טיף אין וואַלד;
אַ יונגער פוקס, פון שטענדיק־אָן אַ גרויסער שרייער,
האָט אויף דער אַלטער וועלט געשפּריצט מיט פייער:
— „וואָס הייסט! די זיידעס האָבן אַלץ שוין איינגעשטעלט,
און מיר, דער דור דער נייער,
באַדאַרפן נאָכטאָן בלינד וואָס זיי געפעלט?
ס'איז אונדזער צייט און אונדזער וועלט!
מיר טאָרן פאַר קיין נייעם אויפטו זיך ניט שרעקן,
און מוזן שטענדיק גיין פאָרויס!
אָט האָבן מיר, למשל — אַלע, קליין און גרויס —
אַ נאָכשלעפּעניש פון די אַלטע צייטן — עקן...

אַ ווילדע זאַך, וואָס איז אונדז איבעריק דורכאויס!
צו וואָס? די עקן פלאַנטערן זיך נאָר און שטערן,
און פענטען אונדז אויף שריט און טריט...
מיר מוזן פון דער אַנשיקעניש פּטור ווערן!
גענוג! מיר דאַרפן מער קיין עקן ניט!"
דער עולם — איבערראַשט און שטאַרק פאַרוואונדערט —
איז שטיל געבליבן אויף אַ ווייל... נאָר באַלד
האָט די אסיפה אויפגעדונערט —
אַ גוואַלד!
די יונגע — פאַר דעם נייעם אויפטו, מיטן רעדנער,
און די עלטערע, פאַרשטייט זיך, שטאַרקע קעגנער.
געוויינלעך אין אַ סכסוך צווישן יונג און אַלט,
ווי שטאַרק דער אַלטער צד זאָל זיך ניט קליגן,
וועט אַלעמאָל די יוגנט זיגן...
וואָלט שוין אויף דער אַסיפה אויך אַזוי פּאַסירט,
און ס'וואָלט, ווי אַלעמאָל, די יוגנט אויסגעפירט...
נאָר פלוצים האָט אַ פוקס, אַ זקן —
באַליבט און שטאַרק געאַכט ביי לייט און לאַנד
פאַר זיין געשיקטקייט און זיין זעלטענעם פאַרשטאַנד —
זיך אויפגעשטעלט אַ וואָרט צו זאָגן,
און זיך געווענדט צום עולם ניט געאיילטערהייט:
— „רבותי!
מיר האָבן דאָ געהערט פיל קלוגע רייד,
און ווערטער וויכטיקע און גרויסע;
געווים האָט יעדער דור זיין נייעם גאַנג
און נייע פירונג —
און פאַר אַ גוטן אויפטו קומט אַ דאַנק.
נאָר ביז מיר גיבן־אויף די עקן — גאָטס געשאַנק
און אונדזער שענסטע צירונג —
איז, דוכט זיך מיר, כדאי
מיר זאָלן פון דאָס ניי
זיך גוט באַטראַכטן איידער מיר באַשליסן...
און דו, מיין פריינט" — האָט ער דערביי
באַזונדער אויף דעם רעדנער אָנגעוויזן —
„אויב דיר איז נאָר ניט שווער,
איז גיב, זיי מוחל, זיך אַ קער,
און לאָמיר זען מיט וואָס פאַר אַ מין פיינעם ווייִדל
דו ווילסט דאָס אַזוי גערן זיך צעשיידן."

נאָר אויסגעלאָזן האָט זיך אַקוראַט,
אַז מעשה שטן, האָט דער אויפטוער דער נייער,
דער טומלער און דער שרייער,
אַליין קיין עק גאָר ניט געהאַט.
וואָס פאַר אַ טומל,
וואָס פאַר אַ לאַכעריי
און זידלעריי
ס׳איז דאָרטן איבער דעם אַרויסגעקומען,
איז אפשר צו דערציילן ניט כדאי...
נאָר כאָטש דאָרט זיינען נאָך פאַרבליבן
אַ סך פון די וואָס זיינען גרייט אַליץ נאָכצוטאָן,
אַבי נאָר מיטצולויפן מיט אַ נייעם שטראָם,
האָט מען דעם שווינדלער אָבער באַלד פאַרטריבן,
און עקן טראָגט מען עד היום.

# די רויז

אַ רויז האָט אויפגעבליט אין גאָרטן,
און האָט זיך פריש צעשמייכלט אין דעם שיין אַרום.
און אונטן דאָרטן
אַרום די וואָרצלען פון דער בלום,
איז קליין און אָרעם
אַרומגעקראָכן זיך אַ וואָרעם.
און ציענדיק דעם קאָפּ
אַרויף־צו און אַראָפּ,
געווענדט האָט ער זיך צו דער רויז פון אויבן:
„— וואָס ביזטו שטענדיק נאָר פאַרטיפט אין זיך אַליין?
דו האַלטסט זיך גרויס, געהויבן,
מיט דעם וואָס דו ביזט שיין!
דאָך דאַרפסטו ניט פאַרגעסן,
אַז איך, אַ וואָרעם בלויז, נעם ווייניק־וואָס אין אַכט
דיין שיינקייט מיט דיין גאַנצער פּראַכט,
און ווי איז דיר, ווען מיר פאַרווילט זיך עסן.“

---

איך ווייס ניט ווער פון זיי איז ווירקלעך גרויס,
נאָר אָך און ווי איז צו דער רויז.

# דער טייך און דער קוואַל

אַ ברייטער טייך, וואָס האָט צום ים זיך שטאָלץ געטראָגן,
גערעדט האָט צו דעם קוואַל, וואָס האָט פון באַרג געשלאָגן:
„— איך זע ניט איין
מיט וואָס דו האָסט דאָ צו שטאָלצירן,
און שפּיגלען זיך אין שיין
מיט אַלערליי קאָלירן,
ווען דו ביזט אַזוי קליין און שוואַך!
אויב איך בין שטאָלץ — פאַרמאָג וואַסער דאָך אַ סך;
אין פרילינג־צייט צעגיס איך זיך אויף אַלע זייטן
און אַלץ וואָס איז מיר נאָר אין וועג
טראָג איך מיט זיך אַוועק
אין ווייטע ווייטן.
איך שוים, איך ברויז,
פון מיינע ברעגן רייס איך זיך אַרויס,
און וואַרף אַן אימה אָן אויף לייטן,
ווען כ׳ווייז מיין קראַפט מיין ווילדע אויס
און דו, מיין פריינט, ווי לאַנג דו זאָלסט ניט פליסן,
וועט קיינער דאָך פון דיר ניט וויסן”...
„— געווים, איך ווייס אַז איך בין קליין, —
גערוישט האָט שטיל דער קוואַל, — נאָר איך בין אָבער ריין,
און פון מיין וואַסער האָט מען ליב צו טרינקען...
מיין נאָמען וועט, ווי דיינער, אויף דער וועלט ניט קלינגען,
נאָר איך וועל אָבער שטענדיק אין דער שטיל
אַרויסברענגען מיין וואַסער פריש און קיל
פון די פאַרבאַרגענע און טיפע תהומען...
און צווישן אונז גערעדט —
אין דיינע ברייטע שטראָמען
צעוואַשט מען אָפטמאָל גרעט”.

# דער שאַך און דער פּאָעט

אין אַלטן פּערסיע, דאָס היימלאַנד פון כאַיאַמען,
גילעבט פּאַרצייטן האָט אַ שאַך,
וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן פיל מיט שרייבן גראַמען.
נו, גראַמען־פלעכטער זיינען שטענדיק דאָ אַ סך...
נאָר זיין אַ דיכטער —
איז שוין גאָר אַן אַנדער זאַך!
און צווישן אונדז נאָר זאָל דאָס בלייבן,
איז אונדזער שאַך גאַנץ ווייט געווען פון אַ פּאָעט...
ער פלעגט מיט גראַמען בלויז די צייט פאַרטרייבן,
און האָט אַזוי זיך, סתם, געפלוידערט און גערעדט
פאַר וואַסער און פאַר פייער!
(אַנטשולדיקט — נאָר עס פאַלט מיר איין,
אַז אין דער איצטיקער צייט דער נייער,
וואָלט ער גאָר אפשר אַ מאָדערנער דיכטער זיין...)
אַ מלך שרייבט — ווער קאָן דאָס אים פאַרווערן?
נאָך איבערהויפּט, ווען אַלע הויפליים הערן,
און קוועלן־אַן פון יעדן וואָרט!...
האָט זיך געמאַכט אַמאָל, אַז אין דער הויפּטשטאָט דאָרט
איז אַ באַרימטער דיכטער אָנגעקומען!
אַ מענטש, וואָס האָט זיין לעבנס־גאַנג
באַגלייט מיט לויטערן געזאַנג,
און מיט דערהויבענעם, פאַרטיפטן אומעט.
דער שאַך האָט אים מיט גרויסן כבוד אויפגענומען,
געמאַכט לכבוד אים אַ מאָלצייט, ווי עס פּאַסט,
און אויפן מאָלצייט האָט ער פאַר דעם גאַסט
גענומען לייענען די שירים וואָס ער האָט פאַרפאַסט.
אַ מרה שחורה איז דעם דיכטער גלייך באַפאַלן
פון מלכס שרייבעריי...
וואָס קאָן מען אָבער טאָן? פאַרפאַלן.
האָט ער געדולדיק אויסגעהערט די פלאַפּלעריי...
און ווען דער מלך האָט באַמערקט, אַז ער וואָלט גערן
געוואָלט די מיינונג פון אַ דיכטער הערן,
האָט אים דער דיכטער גוטמוטיק דערקלערט,
אַז, אייגנטלעך, פּעגאַס איז ניט אַ מלכס פערד...
ס'הייסט פשוט — זיינע לידער טויגן אין דער ערד.

דער שאָך איז אויפגעבראַכט געוואָרן,
און האָט אין גרויסן צאָרן
געגעבן אַ געשריי:
—„נו, אויב אַזוי,
וועל איך אַ פּאַסיקערע אַרבעט דיר געפינען!”...
און לויט דעם שאַכס באַפעל,
האָט מען דעם דיכטער אויפן שטעל
אַוועקגעפירט אין שטאַל, דעם מלכס פערד באַדינען.
מען ווייס ניט ווי דער דיכטער האָט זיך דאָרט געפילט, —
נאָר ווען דעם מלכס כעס האָט זיך איינגעשטילט,
האָט ער אים אין אַ וואָך אַרום גערופן ווידער,
און האָט פאַר אים די קעניגלעכע לידער
גענומען פאָרלייענען פון דאָס-ניי.
נאָר דער פּאָעט, אַנשטאָט צו שמעלצן זיך פון פאַרגעניגן,
ווי אַלע האַרן און אַרומיקע דערביי, —
האָט זיך אַ ווײַלע צוגעהערט, געשוויגן
און מיטאַמאָל זיך גיין געלאָזן צו דער טיר.
—„וואָס הייסט, דו לאַכסט פון מיר? —
האָט אים דער שאָך געפרעגט מיט כעסדיקע בליקן, —
דו האָסט דאָך מיך נאָך ביזן סוף ניט אויסגעהערט!”...
—„מיין האַר, — האָט אים דער דיכטער דאָ דערקלערט, —
צו וואָס זאָל איך נאָך וואַרטן ביז דו וועסט מיך שיקן,
איך גיי אַליין שוין בעסער צו די פערד”...

# אַ באַנקעט

אַ בער וואָס האָט זיך גאוהדיק געהאַלטן מיט די שכנים
און איז געווען פאַר אַלעמען גאַנץ שווער,
האָט איינמאָל אין אַ טאָג אַ שיינעם
באַשלאָסן אויף אַ צייט אוועקצוגיין פון וואַלד.
און ווי ס'איז נאָר פון דעם באַוואוסט געוואָרן
האָט ביי די חיות אויפגעהויבן זיך אַ גוואַלד:
וואָס הייסט? דאָ אָפּגעווען אַזויפיל יאָרן!
דער שטאָלץ פון וואַלד... און מיטאַמאָל... אַזאַ פּאַרדראָס...
הכלל, פאַרפאַלן. האָט מען באַלד גענומען קלערן
אויף וועלכן אופן און מיט וואָס
זאָל מען דעם בער באַערן.
און ווען מען האָט די זאַך גענוג אַרומגערעדט,
האָט מען באַשטימט דעם בער צו מאַכן אַ באַנקעט.
און ס'איז שוין איינמאָל אַ באַנקעט געווען!
פון אָוונט־אָן ביז שפּעט
איז מען ביי טישן פון כל־טוב געזעסן,
געטרונקען און געגעסן,
און אויך געהאַלטן דרשות ווי ס'באַדאַרף צו זיין.
מען האָט דעם בער ביז הימל גאָר געהויבן
און אויף אַ רגע אים נישט אויפגעהערט צו לויבן.
און אַלץ איז צוגעגאַנגען אַזוי גלאַטיק, פיין —
אַז אונדזער בער האָט זיך פון נחת גאָר צעשוואומען,
און האָט אויף יעדנס רייד —
אָן אונטערשייד —
געענטפערט באַלד מיט אַ גוט־ברודערישן ברומען.
צום סוף האָט אויך דער הונט אַ וואָרט באַקומען:
„מיין פריינד, מיין גרויסער פריינד! —
האָט ער מיט טרערן אין די אויגן
צום בער זיין לאַפּע אויסגעצויגן —
האָסט שטענדיק אונדז דעם וואַלד באַשיינט...
און אַלע וועלן מיר דיין נאָמען
מיט ליבשאַפט און מיט שטאָלץ דערמאָנען!
פאַרבלייב געזונט, און קום געזונטערהייט צוריק,
איך ווינטש דיר גליק
וואו דו וועסט זיך ווענדן נאָר און קערן;
און אונדז, — האָט זיך ניט־ווילנדיק ביי אים
אַרויסגעריסן מיט אַ פרייד אין שטים —
וועט דאָ דערווייל אַ ביסל גרינגער ווערן"...

# די גוטע הון

— „אַ גוטע הון געוועזן, כ'לעבן!
זי האָט דאָך מיר אויף פּסח פיר פונט שמאַלץ געגעבן"...
אַזוי
האָט זיך פאַר נאָך אַ פרוי
באַרימט אַ באַלעבאָסטע,
אַ יידענע אַן ערלעכע, אַ פראָסטע. —
און איך האָב זיך אַזוי געטראַכט:
די הון האָט מען געוויס אין מיטן נאַכט
געכאַפּט, געבונדן,
געקוילעט, אָפּגעפּליקט און אָפּגעשונדן.
דאָך זאָגן זאָגט מען אַלץ:
אַ גוטע הון — זי האָט געגעבן שמאַלץ...

# די גאַנדז און דער האָז

א גאַנדז האָט זיך געפּאַשעט אויפן גראָז
מיט אירע גענדזעלעך די קליינע;
פון ערגעץ-וואו אַרויסגעשפּרונגען איז אַ האָז,
אַזוי זיך, אָנצוקוקן נאָר די וועלט די שיינע:
ס׳איז גרין אַרום געווען
און וואַרעם...
ווי נאָר די גאַנדז האָט אים דערזען,
נו-נו, האָט זי דאָס אויפגעהויבן דאָרט אַ ליאַרעם!
האָט אויסגעשטרעקט פאָראויס
איר האַלדז אין גאַנצער גרויס,
און באַלד צו אים אַ לאָז געטאָן זיך מיט אַ שיפּען,
אַ כאָרכלען און אַ כריפּען —
דורכאויס
אַזוי ווי מען וואָלט זי געשניטן!
און מיטן קורצן עק
געדרייט, אַ שרעק,
דער אויבערשטער זאָל היטן!
דאָס העזעלע איז באַלד
אַ טויט-דערשראָקענער אַנטלאָפן,
מיט אַ רציחה — גאָר אַ גוואַלד!
„וואַרט אויס!” האָט איר אַ קלוגער שפּערל נאָכגעשריען,
„גענוג שוין דיר, דו נאַרישע, דיין האַלדז צו ציען,
און איינלייגן אַזוי די וועלט!
דער האָז איז ניט קיין שונא קיינעם,
און ס׳איז קיין קונץ ניט קעגן האָז צו זיין אַ העלד.
אַז ער באַרירט דאָך ניט קיין פליג אין פעלד,
און ציטערט גאָר פאַר יעדן איינעם.
פאַר דיר איז מער סכנה ניט דער גזלן-האָז,
נאָר גראָד דיין פיינער גוטע באַלעבאָס.”

# באַלעבאָסטעס

פאַרהאַוועט און צעטראָגן,
געטראָפן האָבן זיך צוויי פרויען, גוטע פריינט,
אין מאַרק ביים פולן וואָגן.
— „איר זעט מיר אויס ווי עפּעס ניט אינגאַנצן היינט...״
האָט איינע
זיך צוגעשטעלט אַ ווײַלע מיט דער שכנה.
(און צווישן אונדז גערעדט,
געוועזן זיינען זיי ביידע ווי די גענדזולעך פעט.)
„איר ווייסט דען וואָס עס הייסט אַ דינסט אין שטוב צו האָבן?״
געענטפערט האָט די צווייטע שטאַרק דערשלאָגן.
„אָט האָט זיך נעכטן גראָד מיין מויד
פון העלער הויט,
פאַרוואָלט די גרעט צו וואַשן און צו באַקן ברויט!
באַדאַרף איך דאָך אייך שוין ניט זאָגן,
וואָס פאַר אַ טאַראַראַם זי האָט געמאַכט אין הויז!
איך בין אַ גאַנצן טאָג אין ערגעץ ניט אַרויס,
געזעסן
און נאָכגעקוקט איר וואָס זי טוט,
קוים צייט געהאַט נאָר אָפּצוכאַפּן מיטן עסן...
דאָס גראָד, זי האָט ביי מיר קיין רגע ניט גערוט,
און איז צום שפּיגל ניט געלאָפן אַלע ווײַלע;
זי האָט געאַרבעט ווי אַ שד, געשווינד און גוט,
און דאָס איז טאַקע אַלע מאָל איר מעלה...
ביי איר האָט דאַרטן פּשוט אין די הענט
געברענט!
און וואָס אַן אמת, איז אַן אמת —

זי האָט די גרעט צעוואַשן זילבער־ריין
און שיין,
און איידער וואָס און ווער מענס
דעם ברויט מיר אָפּגעבאַקט אַזוי ווי אויף דער זון!
און איך, איז ווי איר קוקט מיך אָן, שלעפּ זיך אַרום,
אַנשטאָט אין בעט צו ליגן...
די דינסטן, הערט איר, ווען מיך אַריינטרייבן אין גרוב!"
די צווייטע פרוי, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן,
האָט צוגעגעבן מיט דעם זעלבן ניגון:
„אַ קלייניקייט צו אויסהאַלטן אויף זיך אַ שטוב!"

---

מיר ווילן זיך גאָר קיינמאָל ניט פאַרטראַכטן,
וואָס פאַר אַ גרויסע אַכטונג
מיר האָבן אָפּט צו מענטשן פון דעם זעלבן שניט, —
וואָס טוען גאָר קיין האַנט אין קאַלטער וואַסער ניט,
און זיינען נאָר פון יענעמס אַרבעט, נעבעך, מיד.

# דער באָק

א גרויסער באָק,
וואָס האָט אין סטאַדע דאָרט דעם גאַנצן טאָג געגעבן,
האָט זיך געווענדט צום פוקס: — „איך זע דיך טאָג נאָך טאָג,
און קאָן גאָר ניט פאַרשטיין דיין לעבן!
ליגסט־אָפּ שעהנווייז באַהאַלטן אין די גראָז,
דערהיטנדיק א פויגל...ס'איז דאָך א פּאַרדראָס!
דעם אמת, ווייסטו, קען מען ניט באַהאַלטן,
(דאָס האָב איך נאָך געהערט פון אונדזער באָק דעם אַלטן,
וואָס האָט שוין אין גן־עדן איצט זיין רו...)
דו גיסט זיך אָפּ מיט נאַרישקייטן
ווען דו
וואָלסט דאָך אין אַלע צייטן
געווען אימשטאַנד
מיט דיין פאַרשטאַנד
די גרעסטע סטאַדע אָנצופירן!
מיר וואָלטן דאָך מיט דיר געקענט שטאָלצירן
פאַר לייט און לאַנד!
א קליינינקייט — דיין שכל!...”
— „מיין ליבער, בערדלדיקער באָק” —
האָט אים דער פוקס געטאָן א זאָג
באַהאַלטנדיק א שמייכל.
— „ס'איז טאַקע זייער שיין פון דיר,
וואָס דו האָסט אַזאַ הויכע מיינונג וועגן מיר, —
נאָר מוחל בין איך דיר דעם פאַרגעניגן
צו זיין דער פירער פון א סטאַדע ציגן.”

# אַ פערד אַ פילאָסאָף

א פערד, וואָס האָט זיך צוגעקוקט פון ווייטן
ווי צו דעם פויער אויפן הויף
איז אין דער מיטן נאַכט אַ פוקס אַרויף,
צי האָט אַ טיר זיך וואו ניט אויפגעמאַכט,
אַרומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן, —
און צי אַ הינטל האָט, חלילה, ניט דערוואַכט, —
האָט קייענדיק דאָס היי געטראַכט:
„— איך ווייס גאָר ניט פאַרוואָס ביי לייטן
איז אָנגענומען, אַז דער פוקס איז קלוג!
אַז פאַר זיין גאַנצער חכמה וואָלט איך דאָך, אין פלוג,
קיין האָבער־קערנדל ניט געגעבן...
ווייל נעמען איינשטעלן אין קאָן
דאָס לעבן
איבער אַ הינדל, צי אַ דאַרן האָן...״
נאָר דאָ האָט זיך דערווייל ביים פערד אין מיטן עסן
אַ שטרויעלע אַריינגעמאַכט אין נאָז:
„פר־ר־ר!״ — האָט ער פון זיך געטאָן אַ בלאָז,
און האָט זיך אויף דעם גאַנצן ענין גאָר פאַרגעסן.

---

און אפשר איז כדאי
דערביי
צו זאָגן אָפן:
אונדז זיינען ניט צום הארצן יענע פילאָסאָפן,
וואָס מעסטן אַלץ, אָן מיטגעפיל, אויף זייער מאָס.
זיי וועלן שטענדיק יענעם מוסרן און שטראָפן
כל־זמן זיי שטעלט זיך ניט אַ שטרוי אין נאָז.

# די הונגעריקע פליג

א פליג, פארהונגערט, האָט זיך אומבאַמערקטערהייט
פון קאַלטן דרויסן אין אַ הויז אַריינגעדרייט;
און האָט גענומען באַלד פארשמאַכטערהייט
אַרומפליען און נישטערן און זוכן
מיט וואָס דאָס האַרץ זיך אָפּצוכאַפּן... כאַטש אַ לעק,
אַ שמעק, —
אַבי נאָר עפּעס צו פאַרזוכן...
די פליג האָט זיך אַרומגעדרייט אויף אַלע זייטן,
ערשט מיטאַמאָל — אַ גליק —
אַ כלי צוקער אויף אַ טיש פון ווייטן!
האָט זי צום אוצר האַסטיק זיך געטאָן אַ לאָז!
דאָס צוקער אָבער איז געשטאַנען אונטער גלאָז...
און אונדזער פליג, וואָס האָט צום מאָלצייט זיך געקליבן,
האָט אין איר אימפּעט זיך אַזוי צעשלאָגן דאָרט
אַז זי איז נעבעך אויפן אָרט
שוין ליגן דאָרט געבליבן.

---

און ווי, — ווי אָפט זיך יאָגנדיק נאָך ברויט און גליק,
פּאַסירט מיט אונדז וואָס מיט דער פליג.

# די געלערנטע קאַץ

אַ מאַן האָט אומגעפּירט אין מאַרק
אַ קאַץ; און ניט אַבי אַ וועלכע!
ס׳איז זעלטן ווען מען טרעפט גאָר קען אַזעלכע, —
זי איז געווען געבילדעט שטאַרק!
זי האָט געקענט זיך קוליען, שפּרינגען,
אויף הינטערפיסלעך גיין און אין אַ גלעקל קלינגען...
זי האָט אַזעלכע שטיק געקענט אַ סך,
און האָט צום וואונק פאַרשטאַנען יעדע זאַך!
(די קאַץ האָט זיך מיט דעם ביי לייטן
אַ גרויסן שם געמאַכט!)
דער עולם האָט געקוקט, געלאַכט
און נייגעריק די קאַץ באַטראַכט פון אַלע זייטן.
נאָר איינער, גאָר אַ לץ — ווייזט אויס, האָט פון דער וויטן
אַרויסגעלאָזט דאָרט מיטאַמאָל אַ מייזל פאַר דער קאַץ,
ווען זי, אויף הינטערפיסלעך, מיט אַ טאַץ,
האָט גראָד ביים עולם געלט געקליבן...
ווי די קאַץ האָט דאָרט איר פאַנג דערזען —
וואָס, ווען!
פון איר בילדונג איז קיין זכר ניט געבליבן!
די אַלע קונצן זיינען גלייך ביי איר פון קאָפּ אַרויס...
און פלינק, אַן אויסגעצויגענע אין גאַנצער גרויס,
האָט זיך די קאַץ געלאָזן נאָך דער מויז.

---

מיר טרעפן אָפט אַזוינע לייט אין לעבן:
זיי האַלטן זיך אַזוי, וואָס בעסער קען ניט געבן,
צו זייער בילדונג, דוכט זיך, איז נישטאָ קיין שאַץ!
דאָך זיינען זיי ניט בעסער פון מיין קאַץ...

# דער לייב און דער אָקס

דער לייב געטראָפן האָט זיך מיט דעם אָקס אין פעלד,
און האָט דעם פירער פון דער סטאַדע
צו זיך אויף מיטאָג איינגעלאַדן;
„איך האָב אַ קוכער — איז ער איינער אין דער וועלט!
און ער וועט מאָרגן
מיר אָפּבראָטן די שעפּס, וואָס כ'האָב געקראָגן —
ערשט דאָ ניט לאַנג
פון פּאַסטעך אַ געשאַנק...
איז קום צו גיין, איך וויל דיך זען באמת גערן!"
דער אָקס האָט זיך געפּרואווט אַפילו ווערן,
אַז ער פאַרזוכט קיין פליישיקס ניט, אַהין, אַהער —
נאָר אָפּזאָגן אַ לייב איז, ווייסט איר דאָך, גאַנץ שווער,
האָט ער דעם כבוד אָנגענומען.
נאָר ווען ער איז צו דער באַשטימטער צייט
אַרום דער הייל דעם לייבס געקומען,
האָט ער זיך צוגעשטעלט אין דרויסן פון דער ווייט,
זיך גוט אַרומגעקוקט אויף יעדער זייט
און האָט זיך גלייך צוריק פאַרנומען.
— „וואָס איז, וואָס פאַלט דיר איין?" —
איז שוין דער לייב אים בייזלעך נאָכגעלאָפן —
„וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט, וואָס האָט געטראָפן?
קום, קום, רב אָקס, אַריין,
און באַלד וועט דאָס געבראָטנס פאַרטיק זיין..."
— „מיין האַר" — געענטפערט האָט אים דער באַזוכער,
און האָט צו אים די שאַרפע הערנער אויסגעדרייט —
„צו זיין מיט דיר איז מיר אַ כבוד און אַ פרייד,
איך האָב אָבער ניט קיין שום צוטרוי צו דיין קוכער...
און ווען איך האָב באַטראַכט
די כלערליי הכנות וואָס ער מאַכט,
האָב איך באַקומען אַ פאַרדאַכט,
אַז ניט קיין שעפּס, ווי דו האָסט אָנגעבאָטן,
נאָר עפּעס גרעסערס קלייבט ער זיך צו בראָטן."

# דער שטעקן

אַ ייד וואָס פלעגט ביי פּריצים אין די הויפן
און אין די דערפער סחורות אַלערליי פאַרקויפן,
איז דורך אַ צופאַל מיטאַמאָל געוואָרן רייך,
און ווי געוויינלעך האָט ער גלייך
זיך אָנגעהויבן פירן אויף אַ ברייטן אופן:
גלאָזן הערן דאָ און דאָרט
זיין גביריש וואָרט
אין קהלשע ענינים,
געשאַפן זיך פיל שונאים, —
און האָט אין שטאָט אַ שם אַלס קלוגער מענטש געקראָגן.
דאָך ניט אַליין דער גביר איז אונדז דאָ וויכטיק בלויז,
נאָר אויך זיין שטעקן וועלכן ער פלעגט מיט זיך טראָגן;
ווייל אָן דעם שטעקן איז ער ניט אַרויס
פון הויז.
און וואו ער פלעגט נאָר קומען
האָט ער דעם שטעקן מיטגענומען,
און ניט געשטעלט אים אין אַ ווינקל אָן דער זייט,
נאָר דווקא אויבן־אָן, פון זיך ניט ווייט;
און קיינער האָט ניט אָנגעהויבן וויסן
פאַרוואָס ער פלעגט דאָס טאָן...
דאָך פלעגט מען אָבער גלויבן,
אַז אויב אַ פּראָסטן שטעקן האָט דער גביר דערהויבן,
פאַרדינט דער שטעקן שוין געוויס דעם אויבן־אָן...
מסתמא איז אין אים אַ קראַפט עפּעס באַהאַלטן,
און אפשר איז דער שטעקן גאָר
אַ סגולה, ווי מען זאָגט, צו לאַנגע יאָר,
צי אפשר קען מען גאָר מיט אים דעם ים־סוף שפּאַלטן...
ביז ס'האָט אַ יונגערמאַן געפרעגט דעם גביר אַמאָל —
פאַרוואָס ער טוט אַזוי דעם שטעקן ערלעך האַלטן?
— „גאָר פּראָסט, — צעלאַכט האָט זיך דער עושר אויפן קול, —
דער שטעקן איז מיר טייער נאָך פון יענע יאָרן,
ווען איך פלעג אין די הויפן ראַנגלען זיך מיט הינט, —
ער האָט מיר דעמאָלט גוט געדינט...
און זאָגן מוז איך דיר, מיין קינד,
אַז פון אַ הונט איז מען אין ערגעץ ניט באַוואָרנט"...

# דער אָדלער

אַן אָדלער האָט פון הויכן פעלדז זיך אויף דער ערד
אַראָפּגעלאָזן;
און האָט דערהערט,
ווי פייגעלעך צוויי ריידן צווישן זיך פאַרקלערט:
„—ווי גליקלעך איז דער אָדלער! אים איז פריי די וועלט!
וואו קיינער האָט קיין פוס נאָך ניט געשטעלט,
אַפילו אויף די העכסטע פעלדזן-שפּיצן
קען ער זיך רואיק זיצן
און צוזען ווי עס יאָגן זיך די בליצן!
ניטאָ פאַר אים קיין אָפּהאַלט און קיין צאַם
און וואו ער וויל, אַהינצו פליט ער!
ער שוועבט דאָך אויך איבער די אָפּגרונטן פון ים—
און דאָך—זיין אָדלער-האַרץ טוט קיינמאָל ניט אַ ציטער...
ווי נישטיק-קליין
עס מוז אים אויסזען אונדזער לעבן אין דער נידער!"
„—אָ, קליינע פייגעלעך,—האָט דאָ צו זיך אַליין
דער אָדלער אָפּגעזיפצט,—זיי קענען ניט פאַרשטיין,
ווי שווער עס איז צו זיצן אויף אַ פעלדז אַ הויכן,
און פילן אַז דעם הימל קען מען ניט דערגרייכן..."

# דער מעצענאַט

צום אויסגעדינטן פערד, וואָס האָט אַ שם געהאַט
(אַ סברא, אויב מען זאָל נאָר לייטן גלויבן,
אַלס ליבהאָבער פון קונסט און גרויסער מעצענאַט,
אַז ער פלעגט אויך אַפילו ווען־ניט־ווען דערלויבן
דעם גאַלאַגאַנסקן האָן
ביי זיך פון פולער קאָרעטע אַ פּיק צו טאָן...)
איז צופעליק זיין אַלטער פריינד אַריינגעקומען,
דער פוקס, וואָס האָט דעם פערד שוין ניט געזען
זינט אונדזער פערד איז נאָך אַ פּראָסטער פערד געווען,
און איז אין פעלד נאָר גאַנצע טעג געווען פאַרנומען.
פאַרשטייט זיך, אַז דער פערד האָט ווי עס פּאַסט
דעם אָנגעלייגטן גאַסט
מיט טאַקט און שכל אויפגענומען;
געמאַכט פאַר אים דאָרט לעבן זיך אַ פּלאַץ, און באַלד
אים פאָרן עולם פאָרגעשטעלט אַלס איינעם
פון זיינע נאָענטסטע און ליבסטע פריינד און שכנים,
מיט וועמענס חכמה עס שטאָלצירט דער וואַלד!
און אין דער שטיל דערוויל אים אָנגעוויזן
אויף אַלע מעלות פון די איבעריקע געסט:
— „קוק־אָן דאָרטן דעם אָקס, דו זעסט?
איז וויל איך דו זאָלסט וויסן,
אַז ער איז נאָך גאַנץ יונג,
נאָר, זאָג איך דיר, האָט ער אַ צונג
צום דרשנען און ריידן —
סכנות! פייער־פלאַם!
און ווען מען וואָלט אים לאָזן,
וואָלט ער אַפילו שופר אויך געבלאָזן.
און זעסט דאָרטן דעם באָק צעשויבערט, אָפּגעלאָזן,
נאָר מיין ניט, אַז ער איז אַ באָק אַזוי־זיך, סתם...
ער איז אַ דיכטער און אַ מייסטער פון דעם גראַם
אַ גרעסערער ווי היינע!
און האָט דערצו אַ שפּראַך אַ זעלטן־שיינע.
און זעסטו ביי דער זייט

דעם זשוואַון הינטל?
שטודירט ער יעדן פינטל
און יעדע קלייניקייט
אין לעבנס־שטייגער פון די פליגן,
און האָט צוויי ביכער וועגן זיי שוין אָנגעשריבן!..."
געוועזן דאָרט אויך אַ גאַנדז, אַ צייכנערין פון נייעסטן שניט;
אַ חזיר וועלכער האָט אין מעשהלעך און לידער
געפּרעדיקט נאָבלקייט
און אײדלקייט —
און האָט געקרענקט פאַר זיינע אומגליקלעכע ברידער;
אַ מוילוואָרף, וועלכער האָט אַ לעבן־לאַנג
געפאָרשט די נייע וועגדזונג אין געזאַנג, —
הכלל — אין יעדן גאַסט גאָר אַ באַזונדער ברכה!
— „איז וואָס זאָגסטו, ר' פוקס, צו מיין משפחה?" —
האָט אים מיט שטאָלץ אַ פרעג געטאָן דער פערד.
— „אָו־וואַ!" — האָט מיט אַ שמייכעלע דער פוקס דערקלערט,
— „איך פיל זיך פּשוט ווי פאַרלאָרן
צו זיין צווישן אַזויפיל קענער דאָ, וואָס איך אַליין
קען זייער גרויסקייט קוים פאַרשטיין...
נאָר זאָג מיר, פערד, איך קען דאָך דיך אַזויפיל יאָרן,
זינט ווען ביסטו דו אַ מבין דאָס געוואָרן?"

# אין פּאַסטקע

א מויז האָט אין אַ פּאַסטקע זיך אַריינגעכאַפּט;
ווי נאָר דאָס טירעלע האָט זיך נאָך איר פאַרקלאַפּט,
פאַרשטאַנען גלייך האָט שוין די אומגליקלעכע מויז,
אַז זי וועט שוין פון דאָרטן ניט אַרויס...
ווייל זי געהערט האָט פיל מאָל פון דער מוטער
אַז מייז באַצאָלן טייער פאַר דאָס ברויט מיט פוטער...
נאָר וועלנדיק פאַרבלייבן פאַר דער וועלט אַ העלד,
האָט אונדזער מויז אַ ביסל מוט זיך צוגעגעבן:
„מען דאַרף פאַרשטיין דאָס לעבן...
געוויס, מען טאָר אין זיך ניט זיין גענאַרט,
נאָר צו דער וועלט מוז מען דאָך אויך פאַרבלייבן ערלעך:
מען וואָלט מיך זיכער הינטער גראַטעס ניט פאַרשפּאַרט,
ווען איך וואָלט ניט געווען גרויס און שטאַרק געפערלעך..."

---

אין מענטשן אויך באַמערקט מען די זעלבע טרייסט.
איר ווייסט?

# דער שפּערל אין וואַלד

אַ יונגער שפּערלינג, נייגעריק און פלינק,
באַחנט און שפּילעוודיק, און גרינג,
איז פון זיין נעסט דעם דאָרפישן אין וואַלד פאַרפלויגן;
עס האָט אים גוואַלדיק ווי געצויגן
צו זען די מיוחסים פון דער פויגל-וועלט;
די אַלע גרויסע זינגער און די הויכע פליער
פון וואַלד און פעלד,
מיט וועלכע ער איז שוין באַקענט געווען פון פריער,
נאָר בלויז דורך לייטנס רייד...
פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז איבעריק גאָר צו דערקלערן,
ווי גרויס עס איז דער אונטערשייד
פון זען ביז הערן!...
אַזוי, למשל דאָרט אין וואַלד
איז אונדזער שפּערבעלע דערגאַנגען,
אַז די קוקאַווע, וואָס דערוועקט ביי יונג און אַלט
אַ בענקעניש מיט אירע טרוימערישע קלאַנגען,
איז, אין דער אמתן גאָר, נאָר אין זיך פאַרליבט...
און אַז דער נאַכטיגאַל, פון וועלכן אַלע ריידן,
דער גרויסער זינגער, איז גאָר שעמעוודיק, באַשיידן,
און איז גאַנץ אָפּט אַליין פאַראומערט און באַטריבט...
ער האָט דאָרט אויך געזען די גדולים וואָס שטאָלצירן
מיט זייער איינציקן פאַרמעג,
די פּאָר באַפאַרבטע לאַנגע פעדערן אין עק, —
די אַלערליי פאַזאַנען, נארישע — אַ שרעק,
וואָס גרויסן זיך מיט זייערע קאָלירן
און האַלטן זיך ווי גאוהדיקע נאָבל-לייט;
געזען די צניעותדיקע טירקל-טויב די שטילע,
פאַרטיפט אַזוי ווי אין אַ תּפילה;
דעם פעטן וואַלדשנעפּ, שטענדיק אין דער זייט...

די רויטע קרוינדלעך מיט די טשוביקלעך די שיינע,
דעם פלאַפּלער און דעם דראָזל ווי פון שוואַרצן זייד;
דעם בלוילער און די אַלע פּייפערלעך די קליינע,
וואָס זינגען ווי זיי קאָנען זייער איינפאַך ליד,
און זוכן קיין באַרימטקייט ניט —
נאָר מיט אַ פריידיקן געמיט
נעמען זיי אויף די מאָרגן־שטראַלן
מיט וואונדערלעכע, טויזנט־שטימיקע כאָראַלן!...
און ס'וואָלט דער שפּערל קיינמאָל זיך ניט פאַרגעשטעלט,
אַז גראַד דער קליגסטער פויגל פונעם וואַלד און פעלד
וואָס זיצט פאַרשטעקט אין דער געדיכטעניש פון צווייגן —
די סאָווע — איז בלינד בייטאָג, און טויבלעך נאָך דערצו!
און אַז איר גאַנצע חכמה ליגט גאָר אין איר שווייגן
און אויך אין איר טיפזיניקן „או־הו"...
און נאָך, און נאָך האָט אונדזער שפּערל אויסגעפונען:
געטראָפן פיינקייט, פריינדלעכקייט און שטותעריי,
געטריישאַפט, עוולות, ערלעכקייט און קריגעריי...
און האָט מיט יעדן טאָג דערביי
דעם וואַלד אַלץ מער און מער ליב באַקומען!
ניט איינמאָל האָט ער אויך דעם לעבן איינגעשטעלט
צו זען די רויב־פויגלען, די שפּאַרבער און פאַלקאָנען,
וואָס וואַרפן־אָן אַ פחד אויף דער פויגל־וועלט
שוין בלויז מיט זייער נאָמען...
און מיט אַ ווייטאָג אויסגעפונען האָט ער אויך,
אַז רויבער פליען הויך...
פון אַלע פויגלען העכער!
אויף שטאַרקע פליגל ברייט־צענומענע ווי פעכער,
מיט שנאָבלען־אייזן, און מיט נעגל־שטאָל!
זיי לויערן פון אויבן איבער באַרג און טאָל,
מיט שאַרפע, שפּיזיקע און קאַלטע אויגן
ביז... מיטאַמאָל —
אַ פלי־אַרונטער, ווי אַ פייל פון בויגן!
און גלייך אויף זייער אומגליקלעכן פאַנג...
דעם שפּערעלע פלעגט אָפט דאָס האַרץ פאַרקלעמען,
און ס'פלעגט אים קומען דער געדאַנק —
שוין צייט צוריק אַהיים זיך צו פאַרנעמען!

נאָר גיי, פאַרנעם זיך אויף צוריק,
אַז ס׳איז נאָך אַלץ ניט זאַט דער בליק...
דערווייל — די טעג און וואָכן ווי די טרעפּ אין לייטער,
אַ זומער און אַ ווינטער, נאָך אַ יאָר, אַ צווייטער —
דער שפּערל איז פאַרטאָן, נאָך דאָ צו זען אַ סך!
געוויס, געוויס — אומזיסט קומט אונדז ניט אָן קיין זאַך,
און וואָס זאָל מען זיך נאַרן?
מיט לעבן צאָלן מיר פאַר חכמה און דערפאַרונג!...
האָט אונדזער שפּערל זיך אַנטוישט? אי יאָ, אי ניין!
ס׳איז טייער אים געוועזן דער וואַלד מיט זיינע וואונדער,
מיט אַלץ וואָס איז אין וואַלד דערהויבן, גרויס און שיין;
אויך האָט ער זיך דאָרט אויסגעלערנט צו פאַרשטיין,
אַז מעלות און חסרונות קומען ניט באַזונדער,
זיי גייען האַנט־אין־האַנט, און אָפטמאָל ענג געבונדן...
נאָר ס׳איז אים אָבער אויך ביז גאָר
געוואָרן קלאָר,
אַז אים איז שוין גאַנץ ווייניק צייט פאַרבליבן
צו קאָנען אויסנוצן דעם וויסן, דעם פאַרשטאַנד,
וואָס ער האָט יאָרן נאָכאַנאַנד
געזאַמלט און געקליבן.

# די מויז און דער לייב

א פעלד־מייזל וואָס האָט ניט ווייט פון לייב געוואוינט
האָט ביסלעכווייז צו אים אַזוי זיך צוגעוואוינט,
אַז זי פלעגט גאָר צו אים קיין שרעק ניט פילן,
און פלעגט זיך מיט דעם לייב ווי מיט איר גלייכן שפּילן:
זיך פּלאָנטערן אין קרוין פון זיינע האָר,
אים צופּן פאַרן עק, און אויפרעגן ביז גאָר...
און ניט נאָר פלעגט זי פון זיין טיש געניסן,
נאָר זי האָט אָפטמאָל גלייך ביי אים פון אונטער נאָז,
א ברעקעלע אוועקגעריסן;
און ווען דער לייב פלעגט אין פאַרדראָס
שוין בייזלעך אָנהויבן צו ברומען,
פלעגט זי נאָר אויף א ווייליקנע אוועק,
און ווידער קומען
א קיצל טאָן אים מיטן עק...
הכלל, זי האָט דעם לייב אין ביין אַריין דערעסן.
דער בער, וואָס איז אַמאָל ביים לייב צו־גאַסט געווען,
און האָט איר אויפפירונג געזען,
איז מוראדיק ווי אויפגעבראַכט געוואָרן:
„וואָס הייסט! — האָט ער געברומט אין גרויסן צאָרן —
מען דאַרף דאָך וויסן וואָס און ווען!
איר חוצפּה האָט דאָך פּשוט ניט קיין גרענעץ,
איך וואָלט דאָך מיט א געגעץ
פון איר א סוף געמאַכט — און אויס!"
„א גרויסער בער מעג טאָקע זיין א ביסל קליגער, —
אַרויסגעפּישטשעט האָט פון ערגעץ־וואו די מויז, —
ווייל אונדזער לייב פאַרמעסט זיך מיט אַן אָקס, א טיגער,
צי מיט א גרויסן שוטה־בער, אַזוי ווי דו...
אונדז מייז, געוויינלעך, לאָזט דער לייב צו רו".

***

קיין נייעס בין איך אייך ניט געקומען לאָזן הערן,
איך וויל בלויז נאָכאַמאָל דאָ ברענגען א באַווייז —
אַז אַט אַזוי א קאָנען לייבן פון די מייז
נאָך עד היום ניט פּטור ווערן...

# די מאַלפּע און דער טיגער

אַ מאַלפּע, שפּרינגענדיק פון בוים צו בוים,
האָט מיט אַ שפּרונג, ווייזט אויס, ניט גוט געטראָפן,
און איז אַראָפּגעפאַלן ווי אַ שטיין
גלייך אויף אַ טיגער וואָס איז אונטער בוים געשלאָפן.
דער טיגער האָט זיך אויפגעריסן מיט אַ גוואַלד,
און איז דאָרט באַלד
אַ ווילדער, מיט רציחה, אויפגעשפּרונגען,
גענומען וואַרפן זיך,
און דרייען זיך,
און רייסן זיך, —
דאָך איז אים ניט געלונגען
אַראָפּצושליידערן די מאַלפּע פון זיין קאַרק...
זי האָט זיך איינגעקלאַמערט שטאַרק
און זיך אין אים אַזוי ווי איינגעגעסן!
אין אָנפאַנג איז זי גאָר פון שרעק האַלב-טויט געווען,
נאָר ביסלעכווייז האָט זיך די מאַלפּע דאָרט אַרומגעזען,
זיך צוגעוואוינט, זיך איינגעזעסן,
און איז שוין באַלד,
מיט גדלות פאַרן גאַנצן וואַלד,
אַרומגעריטן ווי אַ שטאָלצער זיגער
אויף דעם צעווילדעוועטן טיגער,
וואָס האָט זיך בייז געשמיסן מיטן עק...
„וואָס חנ'סט דו זיך? — האָט איר אין שרעק
אַ זאָג געטון אַן אַלטע חברטע פון ווייטן, —
וואָס גיסטו בעסער ניט אַ טראַכט, דו גראָבער קאָפּ, —
ווי טראָגט מען זיך דאָ אָפּ פון אים מיט גאַנצע זייטן!...
דאָ, שוועסטערקע, איז ניט אַזוי דאָס רייטן,
ווי דאָס אַראָפּ!"...

# דער פוקס און דער שטעכלער

א פוקס וואָס איז אַ טאָג אין וואַלד אַרומגעלאָפן,
און האָט פאַר זיך קיין ביסן ניט געטראָפן,
האָט מיטאַמאָל דערזען, ווי עפּעס קריכט פאַרשלאָפן
פון ווייטן אויפן וועג...
אַהאַ! גלייך מיט אַן אויפגעשטעלטן עק
האָט זיך דער פוקס צום וועג געלאָזן!
ער גיט אַ קוק — אַ שטעכלער, ווי אַ קנויל,
מיט נאָדלען אויפגעשפּיצטע ביזן מויל!
ביים פוקס האָט זיך דער ווידל גלייך אַראָפּגעלאָזן,
און ער איז ווי צעמישט געבליבן שטיין...
נאָר באַלד, שוין מיט אַ שמייכל, ווייזנדיק די ציין,
האָט ער זיך פאַרן שטעכלער גאָר צעשוואוסען:
„— פון וואַנען האָסטו זיך דאָס, ליבער פריינט, גענומען?
ווי גייט דאָס דיר, ר׳ שטעכמאַן, לאַנג דיך ניט געזען!
כ׳וואָלט גריילעך זיך מיט דיר אַרומגענומען,
נאָר וואָס, נאָר ווען
מען קען זיך דאָך צו דיר ניט צורירן אַפילו!
די נאָדלען דיינע, צו אַלדי גוטע יאָר!
צו וואָס באַדאַרפסטו זיי אינגאַנצן גאָר?
דו ביזט ביי אונדז דאָך אַזאַ פיינער, אַזאַ שטילער,
און מיטאַמאָל גאָר שטעכערס — פע!
דו וואָלסט באַדאַרפט פון זיי וואָס שנעלער פּטור ווערן!"
„— יע, יע. —
געענטפערט האָט דער שטעכלער מיט אַ זיפץ אַ שווערן, —
דאָך מיר, די שטעכלער, האָבן נאָך ביז היינט
אַ כלל פון אַלטע צייטן:
אַ נאָענטער האָט אונדז מיט נאָדלען אויך ניט פיינט,
נו, — און געוויסע גוטע פריינט
איז גלייכער אַז מען האַלט פון ווייטן."

# די קאַץ

א קאַץ האָט אויפן דאַך אַ טייבעלע געכאַפּט;
זי האָט אַ שטילן ווינקעלע דערטאַפּט
און ס'האָט איר גאָר ניט לאַנג גענומען
דער טויב, נעבעך, דאָרט בייצוקומען...
און שפּעטער, ווען זי האָט אין שיין
זיך דורכגעדרימלט, ווי ס'באַדאַרף צו זיין,
און איר איז צופעליק געקומען פאַר די אויגן
אַ פעדערל, וואָס איז אין לופט פאַרבייגעפלויגן,
האָט זיך די קאַץ באַלעקט גאַנץ פיין,
זיך אויסגעגענעצט און דעם רוקן אויסגעבויגן
אין תענוג מורטשענדיק צו זיך אַליין:
— „איצט וויים איך שוין און קען פאַרשטיין,
פאַרוואָס מען האַלט נאָר אַלץ אין לויבן
די פיינקייט פון די טויבן...
זיי זיינען וואונדערבאַר באמת: שוואַך און שטיל!
אַזוי, אַז יעדער איינער,
ניט מורא האָבנדיק פאַר נעגל און פאַר ציינער,
קען זיך מיט זיי באַנעמען ווי ער וויל."

# דער פוקס

א פוקס ביים פריץ אויפן הויף געפאנגען,
האט איינמאל צופעליק דערהערט
דעם שמועס צווישן הונט און פערד,
וואס איז ניט ווייט דארט פון זייןביידל אנגעגאנגען:
„— פארוואס, —
האט מיט פארדראס
דער כלב אנגעפאנגען, —
האט אונדזער באלעבאס אזוי שטארק ליב דעם פוקס?
וואס איז? זיין הויכער וואוקס?
זיין גרוים געטריישאפט? זיין שיין בילן?
ניט מער — די וועלט האט פאר א חכם אים פארוויגט...
איז ביי מיין בעסטן ווילן
זע איך ניט איין די גרויסע חכמה וואס עס ליגט
אין דעם וואס מען דערשטיקט
אין מיטן נאכט א הינדל, צי א האן א דארן!
ווייל, ערשטנס, טוט דאס אויך א הונט גאנץ אפט
און ווידער, — וואס זאל מען זיך נארן, —
ווערט מען דערפאר אזוי באשטראפט,
(דער הונט האט פארזיכטיק זיך אומגעקוקט אהינטער)
אז אנשטענדיק צו לעבן איז שוין פיל געזינטער!"
„— מיין פריינד, — האט דא דאס פערד
דעם הונט מיט ערנסטקייט דערקלערט, —
דער פוקס, מוז איך דיר זאגן
איז טאקע קלוג"...
„— גענוג! —
האט דא דער פוקס דעם שמועס זיי איבערגעשלאגן, —
א הונט באפאלט מיך — קען איך נאך פארטראגן...
נאר ווי איז מיר
וואס דו, א שוטה, נעמסט זיך אן פאר מיר!"

# דער קוואַל

א קוואַל האָט פון אַ באַרג געשלאָגן,
און רוישנדיקערהייט
האָט ער, צו יעדנס פרייד,
זיין קלאָרן וואַסער־שנור אַראָפּ אין טאָל געטראָגן.
האָט אָבער דאָרט אַ שכן (ערשט פון שטאָט אַרויס,
און ניט קיין קליינער נאַר, ווייזט אויס...)
דעם קוואַל גאָר ניט געקענט פאַרטראָגן, —
דעם קוואַלס גערויש האָט שלאָפן אים געשטערט...
האָט ער מיט שטיינער און מיט ערד
פאַרשטאָפּט די לעבעדיקע שטראָמען!
דאָס האָט אים אָבער ניט געהאָלפן פיל;
ווייל פון די טיפע תהומען
האָט טראָפּנווייז דער קוואַל זיך אין דער שטיל
צוריק אַ פרייער דורכגעריסן!
און נאָכדעם, — נאָך מער קלאָר און ריין,
אַ דורכגעלייטערטער דורך זאַמד און שטיין, —
האָט ער דאָרט, ווידער זינגענדיק, אין טאָל גענומען
פליסן.

# דער ראָב

אַ ראָב וואָס האָט געהאַט
אַ גרויסן צד
און אַ משפּחה ניט קיין קליינע,
גענומען האָט זיך איינמאָל אין אַ טאָג אַ שיינעם
אַרויסווייזן פֿאַר לייטן מיט זיין שטים;
און ווי עס פּירט זיך — האָבן זיך ביי אים
אַ היבשע ביסל אָנהענגער געפֿונען...
צוויי טויבע סאָוועס מיט אַ הייזעריקן האָן,
וואָס האָבן נאָך פֿון שטענדיק־אָן
דעם נאַכטיגאַל זיין זינגען ניט פֿאַרגונען,
דערקלערט האָבן דאָרט באַלד
מיט ערנסטע געזיכטער,
אַז נאָר דער ראָב איז אין דעם גאַנצן וואַלד
דער גרויסער זינגער און גאָט־געבענטשטער דיכטער!
און מיט דער צייט
ווער ווייס ווי ווייט
ער וועט נאָך שטייגן!...
— „וואָס ווייסן סאָוועס פֿון געזאַנג! — האָט ווי פֿאַרשעמט
דער דראָזל זיך צום נאַכטיגאַל געווענדט, —
און גלאַט — ווי קען מען דאָס אַזויפֿיל לייגן?
עס נעמט דאָך אָן אַ גרויל
ווי נאָר דער ראָב נעמט עפֿענען זיין מויל"...
„מיין פֿריינט, — האָט אים דער נאַכטיגאַל באַמערקט, —
זיי מעגן וואָויל
זיך אַלע פּויקן וועגן ראָב און קלינגען
און טאַקע מאַכן אים באַרימט...
דאָך ווייס אָבער די גאַנצע וועלט באַשטימט,
אַז ראָבן זיינען ניט קיין זינגער".

# דער קצב און די קו

א קצב האָט געפירט אַ קו
אין שעכט־הויז, אָדער ערגעץ אַנדערש־וואו,
אין אַזאַ פּלאַץ וואו בהמות ווערן־אָן דאָס לעבן.
נאָר פּלוצלינג האָט די קו איר סוף, ווייזט אויס, דערפילט —
איז זי געבליבן שטיין... און מוטיק, יונג און ווילד —
האָט זי קיין טראָט שוין ווייטער ניט געגעבן!
אַז ווי, נעבעך, דעם קצב... שלעפּ און צי, און טו,
און פּועל עפּעס מיט אַן איינגעשפּאַרטער קו!...
(דעם קצבס יונגען זיינען דאָרט נאָך וואו
אַהינטער אויפן וועג פאַרבליבן
מיט בהמות אַנדערע, וואָס זיי האָבן געטריבן.)
האָט ער גענומען איינטענהן מיט איר:
„— ווי קומט אַזאַ עקשנות גאָר צו דיר!
ס׳איז פּשוט מיר אַ וואונדער, כ׳לעבן!
איך קען דאָך אַלעמען אין דיין משפּחה גוט,
זיי האָבן אַלע מאָל מיט שטילן מוט
פאַר לייטן זיך דאָך אָפּגעגעבן!
און דו? וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט?
וואָס איז מיט דיר געוואָרן!"
נאָר זיינע רייד האָט ער אומזיסט פאַרלאָרן —
די בהמה האָט פון אָרט זיך ניט גערירט.
„— ביי איצטערדיקע צייטן, —
האָט ער נאָך אָלץ מיט איר געקנעלט, —
איז יעדער דאָך מחויב ברענגען נוץ דער וועלט
און עפּעס טאָן פאַר לייטן!
נאָך איבערהויפּט"... דערוויילע זייגען פון דער זייט
די יונגען אָנגעקומען קרעפּטיק און פאַרשייט;
און אָן מחזקות, ניט פאַרלירנדיק קיין צייט,
די קו אַזוי אַ נעם געטאָן פון אַלע זייטן,
אַז זי האָט ביי זיי גלייך
איר פעסטקייט און איר מוטיקייט פאַרלאָרן...
נו, און אַ ביסל שפּעטער, ווי דאָס הארץ זאָגט אייך,
איז, לויט דעם שטייגער פון די פריערדיקע יאָרן,
פון אונדזער בהמה פלייש געוואָרן.

# די היענע

אין שיין פון דער לבנה האָבן פריי און ווילד
זיך יונגע לעמפּערטן ביים שטראָם געשפּילט.
ערשט מיטאַמאָל פון וויטן —
אַ נאָענטע באַקאַנטע, אַ היענע גייט;
זיי האָבן אַלע זיך מיט איר דערפרייט,
און אָנגעהויבן בעטן זי פון אַלע זייטן:
— „פאַרבלייב מיט אונדז! מיר האָבן ערשט געהערט,
אַז באַלד וועט מען דאָ דורכטרייבן דעם סולטאַנס פערד,
און גאָר אַ קליינע וואָך וועט זיי באַגלייטן...
פאַרשטייסטו דאָך אַליין
וואָס פאַר אַן אָנבייסן מיר האָבן שוין אַ גרייטן!"
— „ניין, ניין, —
האָט די היענע ניט געוואָלט אַ רגע שטיין, —
איך אייל זיך מיר אויפן בית-עולם גיין...
ווייל איך בין שטענדיק זיכערער מיט טויטע".

---

אויך איך געטראָפן האָב אין מיינע יונגע טעג
פון לעבן
די געטין פון באַרימטקייט אויף מיין וועג —
נאָר דער היענעס ענטפער האָט זי מיר געגעבן...

# דער פויגל־שרעקער

אין שמאַטעס פאַרביקע געקליידט,
געשטאַנען איז אין גאָרטן אויף אַ בייט
אַ פויגל־שרעקער, קוים צונויפגעשלאָגן
פון ברעטלעך, פאַקוליע און שטרוי;
און ס'האָבן זיך די פייגעלעך פאַר אים אַזוי
פון שטענדיק אָן געשראָקן,
אַז ניט געוואַגט גאָר האָבן זיי אַ פּיק צו טאָן
אַ קערנדל פון דאָרט, אַ גרייפּל מאָן —
ווי שטאַרק עס האָט זיי ניט געצויגן...
נאָר איינמאָל איז אַהין,
אין יענעם גאָרטן פריש און גרין,
אַ יונגער שפּערלינג, צופּעליק ווייזט אויס, פאַרפלויגן;
פון לופט פאַרשיכורט און פאַרבלענדט פון שיין,
האָט ער דעם שרעקער דאָרטן ניט געזען, קען זיין
און אפשר יאָ געזען... נאָר ווי עס זאָל ניט זיין —
איז אונדזער שפּערלינג יונג געווען, נאָך ניט דערפאַרן...
און האָט נאָך ניט געוואוסט פון פויגלשע געפאַרן...
האָט ער געגלויבט דורכאויס,
אַז אַלץ וואָס וואַקסט נאָר פון דער ערד אַרויס
געהערט צו הונגעריקע בלויז!...
האָט ער זיך אין דער גרויסער שפּע
געלאָזן וואוילגיין דאָרט ביז גאָר,
און נאָכדעם פלעגט מען אים שוין אָפט אין גאָרטן טרעפן...
אַזוי איז פאַר דער פויגל־וועלט געוואָרן קלאָר,
אַז אייגנטלעך דער שרעקער איז, אין תוך גענומען,
אינגאַנצן גאָר ניט קיין געפאַר —
מען דאַרף זיך נאָר ניט שרעקן און ניט זיין קיין נאַר.
פאַרשטייט זיך, אַז די פויגלען האָבן מוט באַקומען,
און דאָס
איז ניט געווען געפעלן שטאַרק דעם פויער, וואָס
האָט דאָרטן

זיך גאָר געהאַלטן פֿאַר דעם באַלעבאָס פֿון גאָרטן;
און ער האָט באַלד
אַ מיטל צו זיין צרה אויסגעפֿונען:
ער האָט דעם שרעקער, אָפּגעבליאַקעוועט און אַלט,
אַ ביסל אָפּפרישן און אויספּוצן גענומען...
די שמאַכטעם פּאַקוליע און שטרוי אַרומגענייט,
אין נייע שמאַטעס פּאַרביקע אים אויסגעקליידט,
און צוגעבונדן צו זיין האַנט אַ לאַנגן שטעקן!...
דאָך דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז אַלץ נאָך ניט גענוג,
ווייל פֿייגל, זאָגט מען, זיינען איצטער קלוג,
און ס׳וועט אַ נייער גלאָמפּ זיי ניט דערשרעקן.

# די שלאַנג און דער לאַם

אַ שלאַנג געלעגן איז אונטער אַ קלאָץ אין פעלד
און האָט געפּלוכט די גאַנצע וועלט.
(אַזאַ מין טבע האָבן שוין די שלאַנגען...)
און דאָרט אין פעלד איז גראָד דערבײַ
אַ לעמעלע אַרומגעשפּרונגען פראַנק און פרײַ.
נו, איז דער שלאַנג זײַן פרייד ניט אײַנגעגאַנגען...
און מיט איר גאַנצן סם,
און מיט איר גאַנצן האַס און צאָרן
האָט זי אַזוי אַ ביס געטאָן דעם לאַם,
אַז פינצטער איז די זון פאַר אים געוואָרן!
— „פאַרוואָס?" — אַרויסגעשריען האָט ער נאָר אין פּײַן.
— „ווער ווייסט?" — געשיפּעט האָט די שלאַנג — קען זײַן,
אַז דו האָסט אפשר מיך געוואָלט צעטרעטן, —
האָב איך דיך בלויז
באַשטראָפט פאַראויס,
אַנשטאָט דיך צו באַשטראָפן שפּעטער".
— „אוי, ניין" — האָט אָפּגעזיפצט דאָס לעמל שטילערהייט,
און מיטן לעבן זיך געשיידט.

---

עס זײַנען אויף דער וועלט נפשות דאָ אַזוינע
וואָס האָבן גאָר אין זיך קיין ברעקל פרײַנדשאַפט ניט;
זיי האָסן אַלעמען אין זייער בייז געמיט
און האַלטן יעדערן פאַר זייער גרעסטן שונא.

# די שפּין און די בין

א שפּין, וואָס האָט גאַנץ ברייט
זיין נעץ צעשפּרייט
אין גאָרטן אויף א בייט מיט בלומען,
האָט אין א שפּאָס
(און אפשר קען זיי מיט א טיפּן האס)
זיך צו דער בין גענומען:
„— פליסט גאַנצע טעג אַרום
פון בלום צו בלום
פאַרהאַוועט שטענדיק און צעטראָגן,
קלייבסט־איין דעם האָניק נאָכאַנאַנד,
און מיינסט אַוודאי, אַז דיר וועלן לייט און לאַנד
א גרויסן דאַנק נאָך פאַר דיין אַרבעט זאָגן —
א קלייניקייט? דו ברענגסט דאָך נוצן אַזוי פיל!...
וועל איך דיר טאַקע קלאָר מאַכן דאָ אין דער שטיל,
אַז דיך וועט מען אין זינען גאָרניט האָבן,
ווען מען וועט מיט דיין האָניק ווען עס איז זיך לאָבן!
און נאָך מער — מעג דיין האָניק זיין ווי זיס,
דאָך וועט מען אַלץ דיר ניט פאַרגעבן,
וואָס דו, פאַרהיטנדיק דיין אייגנס און דיין לעבן,
האָסט עמעצן אַמאָל א ביס געגעבן!
דו ווייסט דאָך דעם גלייכוואָרט געוויס —
מען דאַרף דיין האָניק ניט און ניט דיין ביס...
איז לוינט זיך אַזאַ דאַנק פאַר שווערער מי צו קריגן?"
„— איך פאָדער ניט און איך דערוואַרט ניט פיל, —
געענטפערט האָט די בין אים אויפריכטיק און שטיל, —
אַליין די אַרבעט איז פאַר מיר א פאַרגעניגן!
און ווידער, רעדנדיק צוריק,
זע איך ניט איין דעם גרויסן גליק
וואָס דו געפינסט אין כאַפּן פליגן."

# בלעטער

א שטורעמווינט זיך אויפגעהויבן האָט אין וואַלד
אין מיטן זומער;
און אין פאַרצווייפלונג, פול מיט קומער,
האָבן דאָרט באַלד
צעטענהט צווישן זיך די בלעטער,
ווי שווער צו זיין איז אָפּגעריסן פאַר דער צייט,
און פון דעם ווינט פאַרטראָגן ווערן ווייט...
„— געוויס, מען מוז דאָך אויך פאַרוועלקן שפּעטער,
אין האַרבסט... נאָר ס'איז אָבער די וועלט
אזוי שוין איינגעשטעלט —
פאַרפאַלן!
פאַרוואָס איז אָבער אונדז באַשערט אַצינד,
ווען מיר האָבן זיך ערשט נאָר־וואָס צעגרינט,
און זיך נאָך גאָר ניט אָנגעזעטיקט מיט די שטראַלן,
פון בוים צו ווערן אָפּגעריסן בייז און בלינד,
און אויף דער ערד צעשאָטן
זיך וואַלגערן און זיין געטראָטן
פון יעדנס פיס, —
וואָס איז?
ווייל ערגעץ־וואו פון אויבן
האָט זיך אַ שטורעם אויפגעהויבן!
אַליין דער בוים איז קוים וואָס טוט זיך נאָר אַ ריר, —
די ערשטע זיינען מיר, די ערשטע זיינען מיר"...

א פויער
וואָס האָט זיך צו די בלעטער צוגעהערט
בלויז מיט א האַלבן אויער,
און גאָר מיט ווייניק־וואָס באַדויער,
(ער האָט אין וואַלד געקליבן האָלץ)
האָט זיך אויף זיי צעשריען בייז: „— איר מעגט זיך שעמען!
אויב אייך האָט גאָט באַשערט דעם שטורעם אויפצונעמען,
באַדאַרפט איר זיך דאָך פילן שטאָלץ
און זיך אַ האָר ניט קלעמען
פון דעם וואָס פאַר דער צייט פאַרלירט איר אייער גלאַנץ, —
אַבי דער שטאַם, דער שטאַם וועט דאָך פאַרבלייבן גאַנץ!"

---

גאָר פּשוט, יאָ... ווי זאָגן פלעגט אַמאָל מיין פעטער,
אַז דער וואָס שניידט די האָלץ, דעם אַרט ניט פאַר די בלעטער.

## דער שניט־קרעמער

א שניט־קרעמער האָט סחורה אין זיין קראָם געבראַכט.
זיין ווייב, וואָס האָט זיך פאַר מבינטע באַטראַכט,
האָט אויספּאַקן מיט אים די סחורה זיך גענומען;
ווי נאָר זי האָט די שטיקער צייג דערזען, —
איז זי אַרויס מיט גוואַלדן: — „ווײ איז מיר געשען!
דורכאויס נאָר קווייטעלעך און בלומען...
זיי זיינען פון דער מאָדע שוין דאָך לאַנג אַרויס!
און גלאַט, ווער טראָגט דאָס איצטער פרייליכע קאָלירן?
אַבי געקויפט!... דאָס געלט נאָר אויסגעבראַכט און אויס...
מיר וועלן דאָך דעם קאָפּ אויף דעם פאַרלירן!"
— „געדענק מיין וואָרט," —
געשמייכלט האָט דער קרעמער גלעטנדיק די באָרד,
„אַז אַלץ וועט זיך פאַרקויפן
און טאַקע אויף דעם בעסטן אופן;
זיי רואיק און ניט האָב קיין צער:
זאָלסט וויסן זיין, אַז יעדעס קווייטל האָט זיין נאַר."

#ביימער

א תּלמיד האָט מיט יונגן ברען געפרעגט זיין רבין,
דעם גרויסן פילאָזאָף:
—„פאַרוואָס איז דאָס אַזוי שווין, אַז דאָס רוב
ווען ס׳קומט אונדז אויס צו טרעפן זיך אין לעבן
מיט גרויסע לייט, וואָס האָבן מיט אַ פולער האַנט
דורך זייער חכמה, לערנונג און טאַלאַנט,
אַ סך, און גאָר אַ סך, דער וועלט געגעבן, —
געפינען מיר אין ווירקלעכקייט גאָר אויס,
אַז זייער אויסזען און באַנעמונג שטימען ניט דורכאויס
מיט אונדזער פאָרשטעלונג און גלויבן,
און אונדזער אָנונג וועגן זיי...
און ס׳טוט אונדז וויי,
וואָס אָפטמאָל זיינען זיי גאָר ניט אַזוי דערהויבן
און אויך אַמאָל — ניט אַזוי קלוג און פיין,
ווי זיי וואָלטן באַדאַרפט צו זיין,
לויט זייערע, פיל העכערע, באַגריפן״...
— „מיין זון, —
געענטפערט האָט דער דענקער מיט אַ זיפץ אַ טיפן,
מיר ווייסן קיינער ניט דעם סוד דערפון,
דאָך קומט מיר אויפן זינען,
אַז אין דער טבע אויך — ניט נאָר ביי מענטשן בלויז —
וועט מען די זעלבע אומגערעכטיקייט געפינען;
אָט קוק, מיין זון, פון פענצטער דאָ צום וואַלד אַרויס:
דו זעסט די בירקן, נאָדל-ביימער און די אייכן?
ווי הויך און שיין זיי וואַקסן — שלאַנקע, גלייכע!
אַזוי,
אַז ס׳איז אַ פאַרגעניגן אָנצוקוקן זיי!
און אין דער זייט, אַנטקעגן דאָרטן,
איז מיין געפלאַנצטער אָפּגעהיטער גאָרטן
וואָס זיינע פירות, זיס, מחיהדיק און שיין,
דערפרייען ניט נאָר מענטשן, נאָר אויך גאָט אַליין!
איז גיב אַ קוק אויף די געבענטשטע ביימער מיינע;
וואָס זיינען אַזוי שפּעדיק און רייך,
ווי קורצגעוויקסיק, ווי ניט גלייך
און קניפּלדיק זיי זיינען״...

## דער האָן דער עקשן

אַן אַלטער אָנשטענדיקער האָן,
וואָס איז פון שטענדיק אָן
געאַכט געווען ביי יעדן איינעם
פון זיינע פריינד און שכנים,
ווייל ער, דער ערשטער שטענדיק, פונקט אין האַלבע נאַכט
פלעגט לאָזן הערן זיין געזאַנג אויף הויכע טענער, —
האָט איינמאָל פון דער העלער הויט זיך גאָר באַטראַכט,
און אָנגעהויבן קרייען ווי די יונגע הענער.
(צי האָט זיך אים געדוכט
אַז יונגע קרייען טאַקע שענער,
צי האָט ער עפּעס אַנדערש־וואָס דערמיט געזוכט —
דאָס האָב איך נאָך ביז איצט ניט אויסגעפונען...)
אומזיסט מיט אים געטענהט האָבן זיינע פריינד:
„ווי האָט זיך אַזאַ שטותעריי צו דיר גענומען!
ביזט דאָך פון שטענדיק־אָן, ביז היינט,
ביי אַלע אונדזערע מבינים און פאַרשטייער
געווען אַ ביישפּיל פון די בעסטע קרייער...
און איצטער — זאָג אַליין וואָס ווילסטו טאָן!
עס איז דאָך פשוט אומפאַרשטענדלעך,
אַז דו, אַן אָנשטענדיקער פיינער האָן,
זאָלסט נעמען נאָכקרימען די יונגע הענדלעך!
און וואָס האָסטו אין זיי אַזוינס דערזען?"
נאָר וואָס, נאָר ווען —
דער אַלטער האָן איז איינגעשפּאַרט ביי זיינס געבליבן,
און ביסלעכווייז אַזוי די פריינד פון זיך צעטריבן.

אזוי דערווײַלע איז אַוועק פֿאַרבײַ
אַ יאָר און צוויי און דרײַ, —
די דורות יונגע הענדלעך זײַנען אויסגעוואַקסן
און האָבן אָנגעהויבן קרייען ווי מען דאַרף:
מיט טראָפּ און ניגון, אָפּגעצויגן שאַרף...
נאָר אונדזער עקשן
האָט מיט פֿאַרגלאָצטע אויגן, פֿרום,
נאָך אַלץ געשטאַמלט אויף דעם יונגן אופֿן,
און איז ביי יונג און אַלט אַרום
געווען צו שפּאָט און שאַנד אויף אַלע הויפֿן.

---

עקשנות, אפשר איז אַ גרויסע קראַפֿט, ר' האָן,
נאָר ס'איז צום לאַכן ווען מען ווענדט זי אָן
צו ענדערן דעם לעבנס־סדר...
וואָס קאָן מען טאָן,
אַז יונג און אַלט איז פֿאָרט ניט קיין פּאָר קליידער...

# די אומצופרידענע

אויף אַן אַסיפה ביי די איינוואוינער פון וואַלד
האָט מען באַשטימט — אַז מען זאָל אַלע, יונג און אַלט,
זיך נעמען אויפבויען אַ הויז אינאיינעם;
אַ הויז — אויף יושר און גערעכטיקייט געשטעלט,
וואָס זאָל אַ מוסטער זיין פאַר וואַלד און פעלד!
אַז אַלע זאָלן זיין דאָרט גלייכע שכנים,
און איבערהויפּט כדי ניט אָנצוטרעטן קיינעם,
זאָל דאָרט דער אויבן־אָן ניט זיין באַשטימט פאַראויס
פאַר די וואָס זיינען שטאַרק און גרויס,
צי סתם פאַר די וואָס האָבן שוין באַוואוסטע נעמען...
נאָר יעדער לויט דער אַרבעט וואָס ער לייגט אַריין
זאָל דאָרט אין הויז אַ פּלאַץ פאַרנעמען.
וועט אויסקומען אי יושרדיק, אי פיין,
און ס'וועלן אויך קיין אומצופרידענע ניט זיין —
ווייל בעסער קען מען דאָך ניט וועלן!
פאַרשטייט זיך, אַז אויף דער אַסיפה, וואו אין קאָן
געשטאַנען איז די חשיבות פון דעם אויבן־אָן,
איז דער באַשלוס ניט אַלעמען געווען געפעלן,
און ס'האָבן אייניקע זיך טאַקע שטאַרק געקרימט...
דאָך האָבן אויך די פּאָר יחידים איינגעשטימט —
מען קען זיך דען אַנטקעגן קהל שטעלן?...
די גוטע נייעס האָט זיך צעטראָגן אומעטום
אין וואַלד אַרום,
און ס'איז געוואָרן גלייך אַ שמחה ביי דעם עולם —
מען ווערט שוין פּטור פון די גדולים!
געננוג! עס האָבן זיך די יאָרן שוין געפעלט,
ווען נאָר מיט זיי איז אויף געווען די וועלט...
און נייע צייטן זיינען אָנגעקומען!
הכלל — קיין שהיות ניט געמאַכט

האָט מען זיך צו דער אַרבעט אַלע גלייך גענומען,
און אויפגעשטעלט אַ בנין גאָר אַ פּראַכט!
אַ ליכטיקן, אַ גרוימען און אַ שיינעם.
נאָר וועמענס אַרבעט האָט זיך אָנגעזען דאָרט מער,
די אַרבעט פון דעם העלפאַנט, פון דעם בער,
צי פון דער ווינזלע און דעם העזעלע דעם קליינעם?
צו ענטפערן אויף דעם איז, דוכט זיך, גאָר פאַרשפּאַרט.
און דאָך האָט נאָך דאָס קליינוואַרג עד היום פאַראיבל,
פאַרוואָס דער בער פאַרנעמט אַ גרויסן אָרט,
און זיי — אַ ווינקל צי אַ גריבל...

# דאָס בעבל

אַ בעבל אַרויסגעשפּראָצט האָט פריש און פריי
ביים ברעג פון גאָרטן;
און פלעכטנדיק זיך דאָרטן
אַרום אַ דינעם בוימעלע דערביי,
האָט אים דאָס בעבל גאָר ניט אויפגעהערט צו רימען:
וואָס פאַר אַ בוים אַ מעכטיקער,
אַ שטאָלץ און אַ פּרעכטיקער!
אַזאַ איז גאָר אין וואַלד ניט צו געפינען!
אַ רוישיקער, אין בלעטער רייך,
און שלאַנק, און גלייך...
אַזוי־אַ איז דאָרט אונדזער בעבל אָנגעגאַנגען
מיט זיינע לויב־געזאַנגען
טאָג־איין, טאָג־אויס, —
ביז איינמאָל האָט דעם פויער זיך פאַרגלוסט דורכאויס
דאָס בוימעלע איבערצופלאַנצן לעבן הויז.
האָט ער פון גאָרטן אים אַרויסגעגראָבן,
און האָט אַ דרענגל אין דער ערד אַריינגעשלאָגן
אַנשטאָט דעם יונגן בוים.
איז וואָס זאָל מען דאָ פרעגן?
דאָס בעבל פלעכט זיך אַרום דרענגל שוין,
און רימט און חנפעט איצט דעם פוסטן שטעקן.

---

דאָך ווילט זיך מיר נאָך צוגעבן דערביי,
אַז ווען מיר וועלן פון דעם בעבל דאָ אַ לאָך טאָן,
וועט אפשר אויך שוין זיין כדאי
מען זאָל פון זיך אַליין אַ ביסעלע אַ טראַכט טאָן.

# דאָס בילד

אַ בילד וואָס איז געהאַנגען יאָרן נאָכאַנאַנד
פאַרשטויביקט, ערגעץ ביי אַ פּויער אויף דער וואַנט,
כמעט אַהינטער אויוון —
איז צופעליק אַריינגעפאַלן צו אַ מבין,
וואָס האָט אין בילד דערקענט אַ מייסטערס האַנט.
און נאָך מאַנאַטן מי און זאָרגן
האָט ער אין בילד צוריקגעבראַכט
דעם וואונדערלעכן פאַרבן־שפּיל אין גאַנצער פּראַכט,
וואָס שטויב און פלעקן האָבן יאָרן־לאַנג פאַרבאָרגן...
דאָס אויפגעלעבטע בילד האָט ער אויך, ווי עס פּאַסט,
שיין אין אַ ראַם, אַ גאָלד־געשניצטער, איינגעפּאַסט,
און האָט אין קונסט־פּאַלאַץ עס, אויף אַ וואַנט באַזונדער,
אין גלאַנץ אין פולן אויסגעשטעלט —
אַ צירונג פאַר דער וועלט,
און פאַר דער שטאָט — אַ כבוד און אַ וואונדער!
האָט זיך געמאַכט, אַז יענער פּויער גראָד,
וואָס איז, ווי אַלעמאָל, אין שטאָט
געקומען זאַלץ און פעפער קויפן,
איז אויך, אויף לייטן קוקנדיק, געגאַנגען זען
דאָס בילד, וואָס האָט אַפילו אויך אויף מערק און הויפן
זיך קונה־שם געווען!
נאָר ווי דערשטוינט איז ער געוואָרן,
ווען אין דעם פּאַלאַץ אויף די זייד־באַדעקטע ווענט,
האָט ער איז ראַם אין גילדערנער דערקענט
דאָס בילד, וואָס איז ביי אים געהאַנגען לאַנגע יאָרן!...

פאַרחידושט איז ער דאָרט אַ ווייל געבליבן שטיין,
און נאָכדעם, אויף זיין פויערישן אופן,
אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין:
„וואָס רייכקייט איז! ס׳איז טאַקע גאָר ניט צו פאַרשטיין,
און גאָר ניט צו באַגרייפן! ...
נו, ווער וואָלט דאָס גאָר פון דעם אַלטן בילד געטראַכט,
ווען ס׳וואָלט די רייכע ראַם דאָס ניט באַרימט געמאַכט!"

---

איר שמייכלט דאָך מסתמא אונטער פון דעם פויער,
וועל איך אייך אויפן אויער
דאָ זאָגן שטילערהייט, —
אַז גאָר אַ היפּשער אמת ליגט אין פויערס רייד.

# דער באַרג

א יונגער פלאַנץ, זיך טוליענדיק צום הויכן באַרג,
האָט אים געבעטן: — „דו ביזט אַזוי גרויס און שטאַרק —
באַשיץ מיך פון דעם ווינט דעם בייזן און פאַרשייטן,
וואָס בייגט מיך אום אין אַלע זייטן
און וויל, ווייזט אויס,
מיך איינברעכן דורכאויס...״
— „מיין קינד, — האָט אין זיין הויכן אומעט
געשמייכלט שטיל דער ריז, —
דו וועסט געהאָלפן זיין געוויס,
דיין הילף אָבער, אין תוך גענומען,
איז נאָר אין דיר אַליין:
ביזט קליין,
דעריבער קענסטו זיך אַהינטער מיר באַשיצן;
נאָר איך אַליין בין הילפלאָזיק, מיין קינד,
און שטענדיק בלייב איך אָפן פאַרן ווינט,
די רעגנס, דונערן און בליצן...״

# אין דער הויך

אַן אָדלער איז אַ שטאָלצער איבער ים געפלויגן;
ער האָט אַליין נאָך ניט געוואוסט וואוהין,
נאָר ס'האָט זיין שוואונג אַלץ ווייטער אים געצויגן,
ווייט-ווייט אַהין,
צו יענע אומבאַוואוסטע רוימען,
וואוהין עס האָבן זיך אין יונגן ברען
געריסן זיינע טרוימען...
ערשט מיטאַמאָל האָט ער דערזען
אַ הויכן פעלדז, אַ מעכטיקן, באַוועבט פון שטראַלן,
אין מיטן ים אַליין...
אַרום געברויזט, געקייקלט האָבן זיך די וואַלן,
צעשלאָגנדיק זיך אָן דעם הארטן שטיין.
„— ווי וואונדערלעך דאָ איז! ווי איינזאַם און ווי שיין! —
איז גלייך דעם אָדלער איינגעפאַלן, —
אָט דאָ,
וואו קיינער איז ניטאָ,
וועל איך מיין רו געפינען,
און איך וועל קענען אומגעשטערט מיין חלום שפינען"...
און ווי אַ בליץ
איז ער דאָרט אויפן פעלדזנשפּיץ,
אַ פריידיקער אַראָפּגעפלויגן;
און ווען ער האָט אין וואונדערלעכער רו,
פאַרטיפט אין די רעיונות, צוגעמאַכט די אויגן,
האָט פון אַ שפּאַלט דאָרט ערגעץ-וואו
אַ שלאַנג זיך אין דער שטיל אַרויסגעצויגן,
גאָר אומבאַמערקטערהייט,
און אים אַ ביס געטאָן אויף טויט.

# די בהמה און די מויז

א בהמה האָט זיך מיט א מויז געטראָפן
ווען יענע איז פון שפייכלער שנעל אין הויז געלאָפן,
און האָט פארפירט מיט איר אזא געשפרעך;
— „דו דארע מויז, ווי אומפארשעמט דו ביזט און פרעך
לעבסט אָפּ אזויפיל צייט אין הויז מיט פיינע שכנים —
און ניט נאָר האָסטו ניט קיין פריינד,
נאָר דו ביזט נאָך ביז היינט,
פארהאַסט ביי יעדן איינעם.
איך רעד דאָ ניט פון קעץ, —
דאָס איז דאָך שוין פון דורות א געזעץ, —
נאָר מענטשן קאָנען אויך דיך ניט פארטראָגן —
זיי פלאָגן דיך און יאָגן
אויף שריט
און טריט
און גיב א קוק פארקערט — די זעלבע מענטשן
זיי וועלן מיך דאָך אייביק בענטשן!
אָט האָב איך מיר א שטאל אוואו איך רו,
מען זעט מיך צו,
און זעלטן ווען מען זאָל פארגעסן
דערלאַנגען מיר מיין טרינקען און מיין עסן".
— „גערעכט ביזט דו — נאָר דו ביזט פארט א קו, —
האָט אויף איר פלינקן אופן,
אין מיטן לויפן
געענטפערט שנעל די מויז. —
פון עסן־טרינקען האָסטו טאקע ניט קיין זארגן,
נאָר יעדן טאָג פרימאָרגן
באמערק איך ווי מען מעלקט דיך אוים".

# דער הונט און דער וואָלף

א הונט וואָס האָט געהאַט ניט שלעכטע קעסט ביים פויער,
און אויך אַ פיינעביידל לעבן טויער,
האָט זיך אַמאָל געווענדט צום וואָלף אין פעלד:
— „דו ביזט דאָך שוין, דאַנק גאָט, אַ וועלפל ניט קיין יונגער,
און ווייסט דאָך גוט די וועלט, —
צו וואָס זאָלסטו דאָס שטענדיק ליידן קעלט און הונגער?
איך טראַכט אַמאָל פאַר זיך אַליין:
דו האָסט דאָך, וואָלף, אַזוינע ציין,
אַז הלואי אויף מיר געזאָגט געוואָרן!
דאָך לעבסטו אָפּ דיין לעבן אין אַ געפאַר,
אין הונגער און אין צער!
— „מען רופט דיך הונט —
געענטפערט האָט דער וואָלף אין צאָרן,
ווייל פאַר אַביינדל וואָס מען וואַרפט אַוועק,
איז רעכט ביי דיר צו דרייען מיטן עק
און היניען גאַנצע טעג אויף פרעמדע הויפן;
און איך, — ווי גרויס עס זאָל ניט זיין
מיין הונגער און מיין פיין,
וועל פאַר אַ דאָרן ביין מיין פרייהייט ניט פאַרקויפן.”

---

ס'איז טאַקע וואויל און פיין צו וועלן בלייבן פריי...
דאָך איז כדאי
אויך צו דערמאָנען נאָך אַ קלייניקייט דערביי:
ס'איז אויף דער וועלט ניטאָ גאָר אַזאַ נאַר אַ פויער,
וואָס זאָל אַ בייזן וואָלף זיין האָב-און-גוטס פאַרטרויען.

# די קראַנקע רויז

ניט שטענדיק איז אונדז קלאָר,
צי אונדזער טובה יענעם איז אַ טובה גאָר...
און אָפּטמאָל העלפֿנדיק אַ צווייטן
און וועלנדיק פֿאַרגרינגערן אים זיינע ליידן,
באַמערקן מיר, אַז מער פֿאַרדרוס ווי פֿרייד
פֿאַרשאַפֿט אים אונדזער גוטער ווילן...
ווייל אויסגעאיידלט זיינען מענטשלעכע געפֿילן,
און שווער איז צו געפֿינען דעם באַשייד
אַפֿילו פֿון די איידלסטע און פֿיינסטע טאַטן!
דאָך — ווען איך זע אַ זאַטן,
וואָס האָט, קען זיין, פֿון זאַטקייט בלויז,
אַ הונגעריקן צו זיין טיש גענומען,
דאַן מאַכט מיר גאָר ניט אויס
פֿון וועלכע הינזיכטן זיין גוטסקייט קומט אַרויס —
אַבי דער הונגעריקער האָט דאָס ברויט באַקומען.
נאָר ווען מיר שטרעקן אויס אַ ברידערלעכע האַנט,
און העלפֿן יענעם אויס מיט ליבשאַפֿט און פֿאַרשטאַנד,
פֿאַרלענגערט מען אים אויך אַמאָל דאָס לעבן —
און זאָגט אייך וואָס איר ווילט — דאָס איז אַ גרויסע זאַך!
צו דעם פֿאַראַנען זיינען ביישפּילן אַ סך
נאָר מיר וועלן דאָ איצט אַ משל בלויז אייך געבן.

---

באַזעצט האָט זיך אַ וואָרעם אויף אַ רויז,
וואָס האָט זיך פֿריש צעעפֿנט אין די יונגע שטראַלן;
און ס׳איז אַ שרעק דער בלום, נעבעך, באַפֿאַלן,
ווען זי האָט אין איר שוים
דערפֿילט דעם קאַלטן שונא!
אַ טויען־טרער, אַ ריינע,
אַראָפּגעקייקלט האָט זיך שטיל פֿאַרקלערט,
ווען זי, אין שרעק, האָט צו דער ערד
איר קאָפּ דעם שיינעם נידעריקער אַלץ געבויגן...
צום גליק
געפֿאַלן איז אויף איר דער בליק
פֿון גערטנערס גוטע אויגן.
ער האָט דערזען
דעם אומגליק וואָס איז מיט דער רויז געשען,

און האָט איר שטילן צער פאַרנומען:
האָט ער פון איר דעם וואָרעם גלייך אַראָפּגענומען,
זי אויסגעגלייכט, אַרומגעשערט,
און אויפגעגראָבן אַרום איר די ערד.
„— ווי לוינט זיך גאָר אַזוי פיל צו באַמיען?
זי וועט דאָך סיי ווי סיי דעם זומער ניט דערציען...
און ס׳איז דאָך גלאַט אַ קליינע פרייד
און גאָר אַ קנאַפּער פאַרגעניגן
צו בליען קראַנקערהייט״...
אַזוי געזשומעט האָבן הויך די בייזע פליגן,
וואָס האָבן זיך אַרום דער קראַנקער בלום געדרייט.
דער גערטנער האָט געשוויגן,
נאָר ער האָט אָבער גוט
פאַרשטאַנען וואָס ער טוט —
און ס׳איז זיין אַרבעט אָן באַלוינונג ניט געבליבן!
ווייל לאַנג האָט נאָך די רויז געבאָדן זיך אין זון,
און פון
די אָוונטיקע טויען קראַפט אין זיך געקליבן.
און פון דעם וואָרעמס שפּור איז בלויז
אַ קליין שוואַרץ פינטעלע פאַרבליבן אויף דער רויז.

# טאָג און נאַכט

וואו־ערגעץ ווייט אין הימל־טאָל
האָט זיך אַמאָל
נאָך גאָר אין די אוראַלטע צייטן,
די נאַכט מיט דעם פאַרגייענדיקן טאָג געקריגט:
„— דו, טאָג, ווערסט שטענדיק דאָך פון מיר באַזיגט —
דאָך האַלטסטו זיך נאָך גרויס פאַר לייטן
און מיינסט, אַז דו ביזט קעגן מיר אַ ריז!
געוויס,
דיין בליק לעבט־אויף די ערד, די ימען און די טייכן...
נאָר ווער קען אָבער זיך מיט מיר
אין מעכטיקייט פאַרגלייכן,
ווען איך, די נאַכט, מיט מיין באַריר,
טו באַרג און טאָל באַוועבן
מיט מיינע ברייטע, טונקעלע געוועבן,
און היל די ערד אין פינצטערניש און פחד איין!”
,— און דאָך, ווי גרויס דיין חושך זאָל ניט זיין, —
געשמייכלט האָט דער טאָג, — איז ניט נאָר וואָס אַ שטערן,
נאָר אויך אַ גלי־ווערעמל מיט זיין פינטל שיין
קען אויך דיין גאַנצקייט און דיין מאַכט צעשטערן”.

# די אויפגעקלערטע הון

א הון האָט, ווי איר שטייגער איז, געלייגט אַן איי;
האָט זי געוויינלעך אויפגעהויבן אַ געשריי,
און האָט דער וועלט געלאָזן הערן,
אַז קיינער שאַצט ניט אָפּ איר ווערט,
און אַז קיין יושר איז ניטאָ גאָר אויף דער ערד!
מען זאָל זיך נאָר באַקלערן,
צי טאַקע בלויז אַ טראַכט טאָן נאָר:
זי לייגט זיך דאָך אַ קיילעכדיקן יאָר,
טאָג־איין, טאָג־אויס, ניט מיד צו ווערן,
און מאַכט דאָך רייך דעם באַלעבאָס, —
צום סוף איז וואָס?
באַהאַנדלט מען זי אויף אַ האָר ניט בעסער,
פון אַלע איבעריקע פּראָסטע פרעסער,
וואָס לייגן קוים אַן איי, און בלאָזן זיך אומזיסט!...
און וואָלט די וועלט נאָר כאָטש אַ ביסל יושר האָבן,
וואָלט מען איר ניט געלאָזן גריבלען זיך אין מיסט
אַ קערנדל קוים אויסצוגראָבן!
נאָר מען וואָלט אויסגעבויט פאַר איר אַ פיינע הויז,
דאָס עסן מיט אַ פולער האַנט דערלאַנגען,
און נאָכגעגעבן איר די מינדעסטע פאַרלאַנגען!
הכלל — פון אירע רייד, ווייזט אויס,
האָט זיך די הון אַלץ מער און מער דערוואַרעמט,
און העכער אַלץ געטומלט און געליאַרעמט.
דער פויער, ס'הייסט — איר באַלעבאָס,
איז רואיק זיך אין שטוב געזעסן
און האָט אַ פיינקוכן געגעסן;
אים האָט געקימערט ווייניק־וואָס
דער גאַנצער טומל מיט דער קוואָקערין צוזאַמען.
(צי האָט ער אירע רייד גאָר ניט פאַרשטאַנען,

צי ניט געוואָלט פאַרשטיין,
דאָס ווייס איך ניט אַליין,
און אויך ניט דאָס בין איך דאָ אויסן...)
נאָר ווען ער האָט שוין צוגעביסן דאָרט צו זאַט,
האָט ער אַ שאָט געטאָן, ווי גאָר כלאחר יד,
אַ הויפן קערנדלעך און ברעקלעך ברויט אין דרויסן.
און אין דעם גרויסן איינגעלויף,
וואָס דאָרט אין הויף
איז ביי די עופות באַלד געוואָרן,
האָט נעבעך אונדזער הון איר מוט פאַרלאָרן,
און אויך געלאָזט זיך נאָך אַ ברעקל, צי אַ גערשט...
פאַרגעסנדיק די אומרעכטן וואָס וערן קעגן איר באַגאַנגען,
און אויך אויף דעם וואָס זי האָט ערשט
געהאַט פיל העכערע פאַרלאַנגען.

---

ס'איז קלאָר דורכאויס:
מיט מענטשן אויך איז שוין דער ביישפּיל ניט קיין נייער,
נאָר אונדזער שאַנד און ווייטיק איז אונדז שטענדיק גרויס,
אַז פאַר אַ ביסל ברעקלעך בלויז
אַנטשוויגן וערן אָפט די גרעסטע שרייער.

# די סאָווע און די פלעדערמויז

איך ווייס ניט אַקוראַט געענוי,
פאַרוואָס און ווי אַזוי,
גאָר איין מאָל אין אַ זומער־אָוונט אין אַ שיינעם,
צעקריגט האָט זיך אַ סאָווע מיט אַ פלעדערמויז,
וואָס האָט אין זעלבן חרובן פאַרלאָזטן הויז
געוואוינט מיט איר אין איינעם:
„וואָס הייסט! — האָט זיך די סאָווע שטאַרק געהיצט —
און מיט די קיילעכדיקע אויגן בייז געבליצט, —
דו ווילסט זיך קעגן מיר פאַרנעמען,
און טיילן גלייך מיט מיר די די שפע פון דער נאַכט!
דו נעמסט גאָר ניט, ווייזט אויס, אין אַכט,
אַז איך שטאַם אָפּ פון אַדלערס! נו, און דו פון וועמען?
וואָס דו קאָנסט פליען מאַכט מיר גאָר ניט אויס —
דו ביזט דאָך אָבער פאָרט אַ מויז!"
— אין חורבה זיינען מיר דאָביידע גלייך יחסנים, —
אַרויסגעפּישטשעט האָט
די פלעדערמויז מיט שפּאָט, —
דו האָסט אַפילו זייער פיינע מחותנים,
וואָס קומט אָבער אַרויס דערפון,
אַז דו, אַזוי ווי איך, האָסט מורא פאַר דער זון.

---

געדענקט: אַ רוימער אָדער אַ טעווטאָנער,
דער אונטערשייד איז בלויז, —
ווי פון דער סאָווע ביז דער פלעדערמויז, —
אין נאָמען...

# דער וואָרעם און די מוראַשקע

א וואָרעם, וועלכער האָט נאָר־וואָס א בלום צעפרעסן,
איז רואיק, זאַט,
זיך אונטן אויף א בלאַט
געזעסן;
און זעענדיק פון ווייטן, ווי אַזוי
א קליינינקע מוראַשקע שלעפּט נאָך זיך א שטרוי
דריי מאָל ווי זי די גרויס... און ציט זיך אויס און קלעטערט
דורך ריטלעך און דורך בלעטער,
האָט ער זיך דאָרט געווענדט צו איר מיט שפּאָט:
— דו נאַרישע באַשעפעניש פון גאָט!
דיין טפּשות איז ניט אָפּצושאַצן...
דו האָרעוועסט, דו שלעפּסט און פּאַלסט אין יאָך —
און איילסט, און מאַטערסט זיך אַלץ — נאָך און נאָך!
וואָס טויגן דיר די טורעמס און פּאַלאַצן
וואָס דו בויסט אויף אומזיסט
אומנישט!
דו דאַרפסט דען דיינע אוצרות דאָרט אין זיי פאַרבאָרגן?
צי סתם — דו ווילסט די וועלט אויף שפּעטער אויך פאַרזאָרגן!
— „איך בוי, —
באַמערקט האָט די מוראַשקע, ציענדיק דעם שטרוי,
דורך בערגער,
און זעמדער, —
און ס׳בלייבט מיר ניט קיין צייט
צו גריבלען זיך און טראַכטן אַזוי ווייט”.

# דער זשוק און דאָס פּלאַטערל

אַ זשוק וואָס האָט אַ צייט
געוואוינט צוזאַמען מיט אַ פּלאַטערל אַ שיינעם, —
ס׳הייסט אייגנטלעך ניט גאָר אינאיינעם,
נאָר ביי דעם זעלבן בוים ניט ווייט,
האָט אַמאָל מיט זיין שכן זיך געטראָפן,
און זיך צעשמועסט פון די צרות אויף דער וועלט,
גערעדט פון ווינטער מיט זיין בייזער קעלט,
און סתם באַרעדנדיק די פריינד פון זעלבן פעלד,
האָט ער דערווייל גענומען שטראָפן
דאָס פּלאַטערל אַליין:
„— איך קען גאָר ניט פאַרשטיין,
און וויל, דו זאָלסט מיר טאַקע זאָגן,
פאַרוואָס זאָלסטו אין שיין זיך שטענדיק טראָגן,
אָן זין, אָן ציל,
און סוף כל סוף די פליגל אָנווערן ביים פייער!
דו האָלטסט, ווייזט אויס, דאָס לעבן פאַר אַ שפּיל...
ביי מיר קומט אויס — פון פייער דאַרף מען ווייכן!
צו זיך, פאַרשטייסטו, קאָן איך דיך דאָך ניט פאַרגלייכן,
נאָר נעם אַ ביישפּיל פון אַ פליג!
ווייל גיב אַ קוק — ווי פעט איך בין און דיק...
איך האַלט דיך אויף אַ האָר ניט ערגער פון די פליגן,
וואָלסטו דאָך אויך, ווי זיי, ביי יעדן בערגל מיסט,
געקענט דיין אויסקומעניש זיך קריגן
און ניט ביים פייער אומקומען אומזיסט
און יאָגן זיך און שוועבן!“...
„— מיין פריינד — געענטפערט האָט דאָס פלאַטערל גאַנץ שטיל —
ווען דו וואָלסט טיפער טאָן אַ קוק, מיט מער געפיל,
וואָלטסטו דיין עצה מיר ניט געגעבן...
אין פינצטערניש און מיסט — וואָס טויג מיר דאַן דאָס לעבן?“

## גענדז

אין אַנהויב פרילינג, ווען דער שניי
איז נאָך אינגאַנצן ניט צעגאַנגען,
זיך אויפגעהויבן האָבן גענדז מיט אַ געשריי,
(און אפשר מיט געזאַנגען)
פון זייער שמוציקן און ענגן הויף,
און האָבן פליען זיך געלאָזט אַרויף
אַהין וואו ס'האָט דער מילדער ווינט געצויגן.
אַ מחנה ווילדע גענדז, וואָס זיינען דאָרט ניט ווייט
צו יענער צייט
פאַרבייגעפלויגן,
גענומען האָבן פון די קרובים פירן שפּאַס:

— „זיי וועלן דורכפליען קוים-קוים די גאַס,
ניט העכער
פון יענע דעכער,
און וועלן באַלד מסתמא זיך ווידער אויף דער ערד
צווישן בהמות, הינט און פערד
אַרונטערלאָזן, —
איז קוקט נאָר ווי זיי האָבן זיך צעלאָזן,
און וואָס עס טוט זיך אָפּ פון זיי...
וואָס פאַרא טומל און געשריי
זיי האָבן אויפגעהויבן!"...
— „זייט שטיל!" — דערהערט האָט זיך אַן אַדלערס שטים
פון אויבן,
„אייך, פרייע, קומט אַ קנאַפּער דאַנק
ווען איר פליט אום לויט אייער ווילן און פאַרלאַנג...
אַ לויב פאַרדינען די, וואָס זיינען דורות לאַנג
פאַרטריבענע אין זייער ענגן הויף געזעסן,
און האָבן דאָך אַן זייער פרייהייט ניט פאַרגעסן"...

# דער טאָפּ און דער קרוג

א טאָפּ מיט וואסער, וואָס האָט שטאַרק צעהיצט
ביים פייער זיך געקאָכט, געזאָטן און געשפּריצט
אין אַלע זייטן,
באַדויערט האָט דעם פולן וואסער־קרוג פון ווייטן,
אין אַ ווינקל ביי דער טיר:
„— וואָס פאַר אַן אונטערשייד עס איז פון מיר ביז דיר!
מען האָט דאָך אויף דעם זעלבן אופן
אונדז ביידן גלייך
ערשט אָנגעפילט מיט וואסער פון דעם זעלבן טייך,
און זע! איך קען דאָס פּשוט ניט באַגרייפן!
איך, זעסטו, זיד און קאָך, און הויב זיך נאָכאַנאַנד, —
און דו, אַ חרפּה און אַ שאַנד,
ביזט שטענדיק אין דעם זעלבן שטאַנד!"
„— ניט זיי נאַר, טאָפּ, אַזוי צופרידן,
און מאַך ניט אַזאַ גרויסן טאַראַראַם
פון זיך און פון דיין זידן, —
האָט דאָ די קעכין אָפּגערוקט דעם טאָפּ פון פלאַם, —
וואָס שטאַרקער אַלץ דו וועסט זיך היצן
אַלץ מער און מערער וועסטו זיך אַליין פאַרשפּריצן!"

---

אויך דיר, מיין פריינד, דערמאָנט דאָס מן־הסתם
די פוסטע שרייער,
וואָס היצן זיך ביים פרעמדן פייער.

## דער יעגער און דער בער

נאָר איידער וואָס און ווען,
אַ מאַן איז מיט אַ ביקס אין וואַלד געקומען;
דער בער צום ערשטן אים דערזען,
און האָט אים אין די לאַפּעס גלייך אַריינגענומען.
דער יעגער האָט דאָרט באַלד
געפּרוּווט אַרויסרייסן זיך פון דעם בער מיט גוואַלד,
נאָר ס'איז אים ניט געגאַנגען...
האָט ער שוין דאָ מיט גוטן אָנגעפאַנגען:
„— פאַרגיב מיר, פּרינץ פון וואַלד,
וואָס איך האָב אומגעבעטן
געוואַגט דיין קעניגרייך באַטרעטן!
איך ווייס אַליין ניט ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט,
ניט אַנדערש, אַז מיין נאַרישקייט האָט מיך פאַרפירט!
נאָר איך האָב ניט געמיינט, חלילה, דיר צו שטערן...
דערפאַר, מיין האַר,
זיי מוחל מיר, דעם נאַר,
און לאָז מיך אָפּ צוריק אַהיים, — איך קען דיר שווערן,
אַז איך וועל מער צו דיר אין וואַלד שוין ניט אַריין."
„— אוהו, — האָט אים דער בער אַ דריק געטאָן גאַנץ פיין, —
איך וויל דיר נאָר, מיין פריינט, דערקלערן,
אַז כ'בין אַ בער וואָס האָט דעם אמת ליב דורכאויס,
קיין ליגן און קיין פאַלשקייט קען איך ניט פאַרטראָגן!
וועל איך דיך אָפּלאָזן, ווען דו וועסט מיר נאָר זאָגן,
דעם אמת בלויז, —
צו וואָס ביזטו אַהערצו מיט דער ביקס אַרויס?"
דעם יעגער האָט אַ קאַלטער שווייס באַגאָסן...
ער האָט געפּרוּווט אַ דריי טאָן זיך, אַהין, אַהער,
דער בער אָבער האָט אים ניט אָפּגעלאָזן.
און מיט זיין פּזמון זיך אַלץ מער און מער
צעגאָסן:
— „איך וויל פון דיר דעם אמת נאָר, —
דו זאָלסט מיר זאָגן קלאָר אָן מורא:
וואָס האָסטו דאָ געוואָלט אין וואַלד?"

דער יעגער האָט שוין גוט פֿאַרשטאַנען וואו ער האַלט...
נאָר שוין ניט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה,
האָט ער אַרויסגעמורמלט ווי פֿאַרשטאַרט:
„— איך בין... אַהער געקומען... דיך... צו שיסן."
דער בער האָט מער קיין רגע ניט געוואַרט,
און האָט אים גלייך צעריסן,
באַמערקנדיק: „— יאָ, אמת איז אַ גרויסע זאַך,
דאָך זיינען פֿאַראַנען אמתן אַ סך,
וואָס ניט כדאי איז אַז אַ צווייטער זאָל זיי וויסן."

# וועלף, שעפסן און הינט...

כדי די שעפּסעלעך די אָרעמע
פון וועלף פון בייזע צו באַוואָרענען,
האָט מען, נאָך לאַנגן קלערן
און הארבע ישוב־דעתן, באַשטימט,
מען זאָל אויף צוויי מאָל אַזויפיל פאַרמערן
די צאָל פון הינט,
וואָס פלעגן דאָרט באַוואַכן
די שעפּסעלעך די שוואַכע.
האָט, מיינט איר, וואָס פּאַסירט?
דאָרט האָבן זיך אַזוי פיל הינט פאַרפירט,
אַז וועלף האָבן די שעפּסן, אמת, ניט באַרירט —
נאָר די געטרייסטע הינט, צוליב אַ פעטן ביסן,
זיינען מסוגל צו פאַרבויגן דאָס געוויסן...
איז ווען מען האָט די שאָף געשוירן דאָרט אַמאָל,
האָט אין דעם טומל שוין אַ הונט, אַנשטאָט די וואָל,
דאָס פעלכל פון אַ בלודנער שעפּס אַראָפּגעריסן...
דערנאָך איז שוין די זאַך אַוועק גאַנץ גרינג,
און פעלכלעך זיינען דאָרט געפלויגן רעכט און לינק,
אפילו ווען מען האָט די שעפּסן ניט געשוירן...
און ס׳ווילט זיך ניט אַרויסברענגען אין וואָרט,
וואָס פון דער סטאַדע שאָף איז נעבעך דאָרט
אין גאַר אַ קורצער צייט געוואָרן.
און אָך און וויי, אַז דאָס האָבן גאָר צוגעדינט
שוין ניט די שונאים־וועלף, נאָר גראָד די שומרים־הינט.

# די פליג

מיט קלעזמער, מיט הבדלה און מיט גרויס פּאַראַד
געפירט האָט מען צום שול־הויף חתן־כלה.
פאַרשטייט זיך, אַז פון כלהס צד
זיינען ניט אַלע
געגאַנגען צו דער חופּה זיי באַגלייטן —
מען דאַרף דאָך פאַר די געסט די טישן גרייטן!
אַ פליג, — וואָס האָט פון קינדווייז־אויף
זיך אויסגעהאָדעוועט אין יענעם הויף,
און האָט געהאַלטן פאַר איר חוב
צו העלפן אין דער שמחה, — איז דאָרט אויך פאַרבליבן
מיט די, וואָס האָבן דאָרט אַלץ צוגעגרייט און צוגעקליבן.
געוויינלעך אין אַ קורצער צייט
איז שווער אַלץ גרייט צו מאַכן פאַר אַזויפיל לייט,
קען מען פאַרשטיין ווי גרויס דאָרט איז געווען דער טומל!
אַז נאָר די פליג האָט טאַקע אויסגעפּעלט צום רומל...
די סאַרווערס זיינען אומגעלאָפן הין און הער,
און אונדזער פליג האָט אויך צוגלייך געאַרבעט שווער,
און אומעטום זיי נאָכגעקומען:
אַריינגעשמעקט אין קיך,
און באַלד אויף גיך
צוריקגעקומען,
פאַרזוכט די פיש,
באַקוקט דעם טיש,
געגריבלט זיך, געשנאַרעט
און יעדע זאַך געפּאַרעט,
געזשומעט מוראדיק דערביי,
און נאָכאַמאָל, און נאָכאַמאָל אַלץ פון דאָסניי
אַרומגעקוקט דעם אויבן־אָן פון אַלע זייטן —
און ווידער זיך אַוועקגעדרייט
צום זיסן טיש פון וויטן...
ווען אַלץ איז שוין געווען מיט מזל צוגעגרייט

האָט שוין די פליג, — געוויינלעך ביי אַ פולער שיסל, —
דערלויבט זיך אָפּצורוען אויך אַ ביסל...
און רייבנדיק אַ פיסל אָן אַ פיסל,
האָט זי אַ זאָג געטאָן: נו, דאַנקען גאָט, מיט גליק!
זיי מעגן איצט שוין אָנקומען צוריק, —
ס'איז אַלץ שוין פּאַרטיק אויף דעם שענסטן אופן!
נאָר לאָמיך בעסער זיי אַנטקעגן לויפן,
מסתמא דאַרף מען זיי נאָך דאָרטן אויך, געוויס,
אַרויסהעלפן מיט וואָס ניט איז, —
ווייל עס פאַרנעמט זיך, דוכט מיר, אויף אַ רעגן."
און אַ צופרידענע מיט זיך
און מיט דער אַרבעט, וואָס זי טוט פאַר לייטנסוועגן,
איז זי אויף גיך
אַרויסגעפלויגן אַלעמען אַנטקעגן.

# דער געפאַנגענער לייב

מען האָט אַ לייב אין וויסטעניש געפאַנגען,
און אים, צו ווייזן פאַר דער וועלט, אין צירק געבראַכט.
אַהינטער אייזערנע און שוועך-געשמידטע שטאַנגען
איז ער אין שטייג, אַ ווילדער, טאָג און נאַכט,
מיט ווייכע טריט אין אומגעדולד אַרומגעגאַנגען,
און בייז, אַ שרעק,
געוואָרפן מיטן עק!
אַז אויך דער וועכטער, וואָס פלעגט גוט געדענקען
דאָס עסן אים אין צייט צו ברענגען,
פלעגט אָנקוקן מיט אימה און מיט גרויל
דעם שטאָלצן קאָפּ און מאָדנע-שמייכלענדיקן מויל
פון דעם געפאַנגענעם פאַרשפאַרטן גיבור!...
אַזוי איז זיך אַ צייט,
אַ יאָר און נאָך אַ יאָר, אַריבער,
דער לייב — אין זעלבן צירק און ביי די זעלבע לייט;
און הויבט ער אָן ווען אין דער נאַכט צו ברומען,
ווערט מען נאָך אַלץ מיט פחד דורכגענומען...
נאָר וואָס מיינט איר?
ער שפרינגט שוין דורך אַ רייף באַצויגן מיט פאַפיר.

---

איך וועל אייך אויסזאָגן, און וועל זיך גאָר ניט שעמען,
אַז מיר הויבט שטענדיק אָן דאָס האַרץ צו קלעמען,
ווען מיר קומט אוים צו זען די לייבן אין די שטייגן,
וואָס מוזן אונטער בייטש דעם עולם קונצן צייגן.

# אַ געווײנלעכע געשיכטע

א בייזער פייער האָט זיך פּלוצלינג ווילד
אין אַלטן וואַלד צעשפּילט,
און זיך צעגאָסן ברייט,
פאַרווּסטונג ברענגענדיק און טויט
אַרום אין אַלע פעלדער
און וועלדער.
ווי אין אַ ים פון פייער און פון שוואַרצן רויך
געשטאַנען איז דער וואַלד פאַרטרונקען,
און אין דער הויך
געלאָשן האָבן זיך מיליאָנען פונקען.
סיי קליין, סיי גרויס
האָט ניט געקאָנט פון ברענענדיקן וואַלד אַרויס,
און ניט איין אַלטער נעסט איז מיטן רויך אַוועק
אין יענע טעג...
פון שווערן גזר געטריבן,
פאַרצווייפלטע פון שרעק,
צוזאַמען האָבן זיך געקליבן
די איינוואוינער פון וואַלד און פעלד
און האָבן קעגן פייער זיך געשטעלט,
זיך פּרוּווּנדיק זיין ווילדע מאַכט צעשטערן,
דער אָנפירער געווען איז אַ באַיאַרטער בער.
(ווייזט אויס, אַז ער
געוואַלט האָט נאָכטאָן יענע וואויל־באַרימטע בערן,
וואָס האָבן שטענדיק אין אַ שווערער צייט
פאַר לאַנד און לייט
דאָס לעבן
אָפּגעגעבן...)

און מונטערנדיק יעדן מיט זיין וואָרט און טאַט,
האָט ער גרויסע ווירקונג דאָרט געהאַט:
די האָזן האָבן, ממש, גבורות דאָרט באַוויזן,
און וועוועריקלעך געאַרבעט האָבן ווי די ריזן!
דער עיקר — ער אַליין האָט דאָרט
קיין מי און אַרבעט ניט געשפּאָרט.
ניט איינמאָל האָט מען אים, אַ לעבעדיקן קוים,
אַרויסגעכאַפּט פון אונטער ברענענדיקן בוים,
און היפּשע מאָל איז ער
געווען פאַרוואונדעט שווער...
דער סוף איז וואָס געווען?
געוויינלעך, גאָר געוויינלעך, ווי איר וועט דאָ זען:
דער יונגער בער, דער העלד,
וואָס האָט אין קאָן זיין לעבן ניט איינמאָל געשטעלט,
איז פון דעם ברענענדיקן וואַלד אַנטרונען,
ווי נאָר ער האָט אַ פרייען וועג געפונען.

---

איך ווייס, ס'איז טאַקע שווער
דורכאויס איינגאַנצן צו באַשולדיקן דעם בער,
ס'איז אָבער נישט קיין וואונדער
וואָס יעדער מאָל באַזונדער
טוט זייער וויי,
ווען מענטשן ווירדיקע באַנעמען זיך אַזוי.

# דער יונגער בוים

מיט יוגנטלעכן חן באַשטראַלט
געוואַקסן איז אַ יונג בעריאָזקעלע אין וואַלד;
און פון דער ווייטן,
אַנטקעגן יונגן בוים,
האָט שטאָלץ אַרויפגעקוקט צום בלויען רוים
אַ דעמב אַ מעכטיקער, פאַרצווייגט אין אַלע זייטן.
און אין דער שעה דער אומעטיקער פון פאַרנאַכט
פלעגט רוישן אָפט דער יונגער בוים פאַרטראַכט:
„וואָס קען איך שוין געווינען
פון וואַקסן און פון גרינען?
ווייל זאָל שוין זיין, אַז איך וועל אויך
מיט יאָרן שפּעטער זיך צעוואַקסן אין דער הויך,
און ווערן מעכטיקער און שענער —
וועל איך זיך קענען דען פאַרגלייכן ווען עס איז
מיט דעם פאַרצווייגטן ריז?
איך וועל דאָך שטענדיק קעגן אים פאַרבלייבן קלענער...״
אַ גרעזעלע פון אונטער בוים,
וואָס האָט קוים־קוים
זיך פון דער ערד אַרויסגעשלאָגן,
האָט זיך אין פרייד
צעשמייכלט שטילערהייט
אַזוי ווי ס׳וואָלט צום הימל וועלן זאָגן:
„אָט בין איך דאָך אַ גרעזעלע אַ קליינס,
נאָר עפּעס, ווייס איך, האָב איך דאָך אין זיך אַזוינס,
וואָס יענער גרויסער דעמב וועט ניט פאַרמאָגן!״

# דער גערטנער

מיט שמייכלענדיקע רויזן ערשט פון גאָרטן פריש
באַצירט אַ גערטנער האָט אַ רייך־געגרייטן טיש;
און דאָרט, אין זעלבן זאַל, בייביידע זייטן
פון די פאַרפוצטע מירמל־טרעפ,
און אין די ווינקלען פון דער ווייטן,
געגליווערט האָבן אין די הויכע בלומענטעפ
פון זייד־געקלעפּטע, שטענדיק־בליענדיקע בלומען.
דער סאַרווער — ווי געוויינלעך מענטשן פון זיין פאַך,
וואָס האָבן ליב אַרומצורעדן יעדע זאַך,
האָט מיט דעם גערטנער אין אַ שמועס זיך פאַרנומען:
„אָט קוק איך מיר אויף דיינע רויזן און איך טראַכט —
ווי פריש, ווי שיין, וואָס פאַר אַ לעבעדיקע פּראַכט!
און קוק אויף יענע אויסגעצאַצקעוועטע קווייטן
איז וואָס זאָל מען דאָ ריידן —
אַן אונטערשייד פון טאָג ביז נאַכט!
און דאָך באַצירן זיי דאָס זעלבע הויז צוזאַמען...
און מער נאָך איז די אומרעכט גרויס,
אַז ווען די אמתדיקע רויז
וועט אויפן הויף שוין ערגעץ וויאַנען"...
„וואָס פּלוידערסטו אומזיסט,
דו, תם דו גרויסער, וואָס דו ביזט! —
האָט אים דער גערטנער דאָרט די חקירה
אַפילו ניט געלאָזט דערפירן, —
דיין גוואַלדיקער מאָראַלישער געדאַנק
איז שוין אונדז אַלעמען גאַנץ לאַנג
באַוואוסט נאָך פון די זיידעס און די טאַטעס...
נאָר ווער פאַרגלייכט דאָס רויזן, גאָטס געשאַנק,
צו קאָלירטע, אָנגעפּאַרבטע שמאַטעס".

# שכנים

עס האָבן שכנים צוויי אַ לאַנגע צייט
געלעבט אַ הויז פון הויז ניט ווייט.
און ווי פּאָר גוטע שכנים פּאַסט,
האָט איינער שטאַרק דעם אַנדערן געהאַסט.
איך קען דאָס ניט דערציילן
  אייך אַקוראַט,
וואָס איינער צו דעם צווייטן האָט געהאַט —
און וואָס זיי האָבן דאָרט זיך ניט געקענט צעטיילן,
עס האָט זיי, דאַכט זיך, ביידן ניט געפעלט קיין זאַך —
נאָר ווייסן ווייס איך ביישפּילן אַ סך,
אַז שכנים האָבן גלאַט אַזוי, פון פאַרגעניגן,
זיך אָפטמאָל ליב צו קריגן.
קורץ, ביידע שכנים האָבן זיך גאַנץ אָפט געריסן,
און איינער קענען צווייטן שטאַרק געוועזן פאַרביסן.

אַמאָל האָט פּלוצלינג גאָר ביי איינעם
פון יענע שכנים
אַ פייער אויסגעבראָכן אין אַ מיטן נאַכט.
  מיט ווילדער מאַכט,
האָט זיך דער פייער האַסט געריסן אין דער הויך,
מיט פונקען טויזנטער און זיילן רויך.
און ווייסט איר ווער דער ערשטער איז אַרויס
  צו ראַטעווען דאָס הויז,
און איז אין רעכטן פּלאַץ געקראָכן?
קיין אַנדער ניט — ווי דער צווייטער שכן!
נאָר ניט פון פריינדשאַפט — נאָר דערפאַר,
ווייל זיין הויז אויך געווען איז אין געפאַר.

# אַ חזיר

אַ חזיר, וואָס איז נאָכן רעגן
אין וואַרעמינקער בלאָטע ביזן האַלדז געלעגן,
געמיטלעך אויסציענדיק זיינע קורצע פיס,
האָט אַ צופרידענער, בנעימותדיק און זיס,
מיט אויגן האַלב־פאַרמאַכט פון פאַרגעניגן,
געכרוקעט צו די פליגן:
„— אוי־אוי, ווי גוט עס איז
אין בלאָטע צו ליגן!
מחיהדיק און פיין,
וואָס בעסער קען ניט געבן,
אַז טאַקע בלויז צוליב דער בלאָטע, כ׳לעבן,
איז שוין כדאי צו זיין
אַ שוויין!"

# דער העכט באַקלאָגט זיך...

פון שטורעמדיקן, אויפגעברויזטן שטראָם געטראָגן,
האָט זיך דער העכט, דורך טייכן, לאַנג און ברייט,
און טייכלעך שלענגלדיק געדרייט,
צו רואיקערע וואַסערן דערשלאָגן,
און פאַר די גדולים דאָרט גענומען זיך באַקלאָגן
אויף דעם, וואָס אין זיין היים דער אַלטער טוט זיך אָפּ:
— „אַן איבערקערעניש גאָר מיטן קאָפּ אַראָפּ!
די קליינע פישלעך האָבן דאָרט די מאַכט פאַרנומען,
און אוים מיט אַלעמען!... מיט יושר, מיט פאַרשטאַנד,
אוים יחוס און אוים שטאַנד!
און ס'איז אַזוי געקומען
אַז פון אַ פּיצל יאַזגור, קיי און שפּיי,
אַפילו פון אַ פּלאָטקע, צי אַ קאָרעס,
זאָל גאָר אַ העכט, אַ סאַנדיק, גרוים און פריי,
צי גאָר אַן אומשולדיקער אָקון האָבן צרות
פאַר יעדער קלייניקייט,
אַפילו פאַר אַ בליק אַ קרומען פון דער זייט!...
נאָר דאָס איז אָבער אַלץ נאָך ניט דער עיקר, —
מען וואָלט אַן עצה שוין געפונען ווי עס איז...
דער גרעסטער אומגליק אָבער איז...
וואָס אונדזער קליינוואַרג איז פון מאַכט פאַרשיכורט,
און מען צערייסט דעם טייך אויף שטיקער!
אָט ראַמען זיי שוין איצטער גאָר אַוועק, —
די בלומרשטדיקע שטערונגען אין וועג, —
די אויסגעשפּרייטע צווייגן, וואָרצלען, אויפן דעק,
צי אַלטע איינגעפונדעוועטע שטיינער,
וואָס זיי האָט קיינער,
פון ששת ימי בראשית אָן,
פון אָרט נאָך ניט אַ ריר געטאָן!
איז וואָס זאָל איך אייך זאָגן —
כ'האָב שוין אַזאַ הפקרות ניט געקענט פאַרטראָגן,
און ווי איר זעט, פון ערגערניש און שאַנד
בין איך אַנטלאָפן פון מיין היים און פון מיין לאַנד".
— „יאָ־יאָ, ס'איז טאַקע דאָ אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן" —

האָט רואיק, און ווי מיט אַ האַלבן מויל,
אַ זאָג געטאָן דער שלייען פעט און פויל.
— „אַ גרויל, אַ גרויל! נאָך ערגער ווי אַ שטורעם!" —
האָט אָפּגעזיפּצט דער שווערער סאָם,
און מיט די וואָנצעס נאָר אַ ציי געטאָן.
— „אַבי ביי אונדז איז אַלץ כשורה,
און דאָרטן? עט! וואָס אַרט דאָס מיך ווי דאָרטן גייט!"
האָט זיך דער שלאַנג־פיש אויסגעדרייט,
און איז אַ גליטשיקער, אַ פלינקער, אָפּגעשוואומען.
„וואָס הייסט! מען מוז דאָך עפּעס טאָן!" — האָט אין פאַרדראָס
אַ שפּרונג געטאָן דער רירעוודיקער יאָז,
און האָט די רויטע פלוספעדערן ברייט צענומען.
— „כ'וואָלט וועלן וויסן, — האָט אַן אַלטער קאַרפּ געפרעגט, —
וואָס אַרט דאָס, אַז מען נעמט אַוועק די שטיינער?
איך זע נאָך ניט די צרה וואָס דאָ שטעקט,
פאַרקערט, דאָס וואַסער וועט דאָך ווערן ריינער"...
— „אוי, ניין! —
האָט אים דער העכט גאָר ניט געלאָזן ווייטער גיין —
איר ווייסט גאָר ניט ווי טייער אונדז איז יעדער שטיין:
אונדז, העכט, און אונדזער גלייכן,
די מיוחסים פון די טייכן
איז מען דאָך שטאַרק מקנא — זיינען מיר פאַרהאַסט...
איז ניט ס'איז גוט פאַר אונדז און ניט עס פּאַסט
צו זיין ביים פּראָסטן עולם שטענדיק אויף די אויגן...
נו, מוזן מיר גאַנץ אָפט דעם שטאָלץ פאַרבויגן,
און זיך פאַרשטעקן וואו אין שאָטן, אָך און ווי...
ווייל אין דער אָפן שטענדיק זיין מיט זיי
וועט דאָס ניט טויגן...
איר האָט ניט קיין השגה וואָס זיי זיינען... קליין
אָבער געמיין!
און ס'איז באמת גאָר ניט צו פאַרשטיין
די רשעות פון די אַלע פלאַטקעלעך די שטילע!
אַז זיי איז בעסער ליב און וואויל
אַריינצופאַלן אין אַ נעץ אפילו,
אַבי נאָר ניט צו אונדז אין מויל!"

# דער קעמל

פון קעמל האָט אַמאָל אַ פערד געלאַכט:
דאָך קוק איך אַלץ און טראַכט —
„מיר זיינען, דוכט זיך, דאָך פון איין משפחה, כ׳לעבן, —
אין וועמען האָסטו זיך דאָס איינגעגעבן?
ביסט ניט קיין פערד און ניט קיין אייזל אויך,
ביסט אומגעלומפּערט הויך,
און גרויס און ביינִיק...
האָסט דאַרע פיס, און גאָר אַ שעפּסן־קאָפּ אַ קליינעם...
און טאָמער איז נאָך קאַרג,
פאַרמאָגסטו נאָך דערצו אַ הויקער ווי אַ באַרג,
און וואו?
נאָך אויפן רעכטן מיטן רוקן!
ס׳איז פשוט דאָך אַ שאַנד אויף דיר צו קוקן"
„איך מיין, — געענטפערט האָט דער קעמל מיט פאַרדראָס, —
אַז יעדער איז באַשאַפן לויט זיין מאָס
און יעדער איינער
צי דאַר, צי ביינִיק,
איז שיין
פאַר זיך אַליין...
און פון מיין הויקער, וואָס דו לאַכסט, מוז איך דיר זאָגן,
אַז כ׳וועל פון אים געשפּייזט אַ לאַנגע צייט
אין מדבר, ווען איך בין פון גראָז און וואַסער ווייט...
און ווען איך וואָלט אויף זיך מיין הויקער ניט געטראָגן
און כ׳וואָלט געווען, נאָך דיין השגה, שיין
כדי נאָר צו געפינען חן
ביי דיר און סתם ביי לייטן —
ווער ווייסט אין וועלכן מדבר־לאַנד אין ווייטן
געטריקנט וואָלט זיך איצטער מיין געביין!"

# צווייַ פּוקסן

צוויי פּוקסן, גוטע פריינד נאָך פון די יונגע טעג,
וואָס האָבן זיך שוין ניט געזען אַ צייט מיט יאָרן,
גערטראָפן האָבן זיך גאָר צופעליק אין וועג,
און זיינען גאָר פון שמחה אויפגעשטראַלט געוואָרן:
— „וואָס מאַכסטו, טייערינקער? אוי, וואָס פאַר אַ פרייד!
באַשערט צו טרעפן זיך גאָר ניט דערוואַרטערהייט!"...
— „און וואָס מאַכסטו? איך קוק און גלויב קוים מיינע אויגן!
זיך ניט געריכט און ניט געגרייט"...
— „אוי וויי, ווי שנעל די יאָרן זיינען דאָס פאַרפלויגן!...
און וועסטו גלויבן מיר, מיין פריינד?
אַז ווי איך קוק דיך אָן, האָסטו זיך דאָך ביז היינט
גאָר ניט געענדערט אויף אַ האָר ניט,
אַזוי ווי כ'וואָלט דיך נעכטן ערשט געזען!"
— „אויך דו, מיין ליבער, האָסט זיך ניט געביטן גאָר ניט —
דער זעלבער ווי געווען.
נאָר ווייַ איז מיר געשען!
דו הינקסט דאָך, דוכט זיך, אויף אַ פיסל!"
— „איך הינק? איך ווייס גאָר ניט, און אפשר יאָ אַ ביסל...
עס שטערט מיר אָבער ניט כמעט.
אַזוי־אַ זעט מען זיך דאָס... נאָר איך וואָלט געשוואָרן,
אַז דו האָסט דאָך אַ פיינעם פוכקען עק געהאַט —
און איצט איז ער דיר עפּעס שיטערלעך געוואָרן"...
— „אַזוי? דאָס דוכט זיך דיר מסתמא אוים...
און אגב — כ'ווייס?
אַ הערל דאַ, אַ הערל דאָרט פאַרלאָרן...
נאָר וואָס האָב איך זיך, מיר־ניט, דיר־ניט, גלאַט צערעדט?
נו, זייַ געזונט! איך מוז אַהיים שוין לויפן."
— „פאַרבלייב געזונט! עס ווערט שוין טאַקע שפּעט...
צו זען זיך ווידער אין אַ גוטן אופן."
און די חברים האָבן זיך פאַרטראַכטערהייט
צעשיידט.

---

צו וואָס זאָל איך די פאַבל נאָך דערקלערן?
איר וועט זי שוין אַליין
פאַרשטיין
ווען איר וועט עלטער ווערן.

# אַ הונטס גדולה

צום לייב, אַ ביסעלע פֿאַרעלטערט שוין,
האָט צוגעלוטשעט זיך אַ הינטל דאַר און קליין;
און האָט ביי אים אַזוי פֿיל חן געפֿונען,
אַז וואו ער פֿלעגט נאָר גיין,
האָט ער דאָס הינטל מיטגענומען,
ניט ווי אַ הונט, נאָר ווי אַ גלייכן און אַ גאַסט —
אַפֿילו אויף אַסיפֿות און פּאַראַדן
וואו אַ הינטל איינצולאַדן
האָט זיכער ניט געפּאַסט...

און כאָטש אין וואַלד האָט מען אויף קלאָר נאָך ניט באַשלאָסן
וואָס אייגנטלעך די סיבה פֿון דעם הינטלס גדולה איז,
אַ כלבֿס מזל, צי אַ לייבס קאַפּריז,
האָט אָבער אַלעמען גאַנץ גוט פֿאַרדראָסן
וואָס פֿון וואַלד מיט מיוחסים
האָט גאָר דער לייב אַ הונט דערהויבן אַזוי הויך,
אַ פּראָסטן הונט, און ניט קיין חכם אויך...

נאָר כאָטש מען זאָגט, אַז שכל איז אַ גאָט-זאַך,
און יעדער האָט נאָר פּונקט אַזויפֿיל וויפֿל ס'האָט זיך,
איז אָבער יעדער שוטה קלוג פֿאַר זיך אַליין.
און וואָס מען פֿלעגט דאָרט וועגן הונט ניט זאָגן,
האָט ער געוואוסט — ווי מיטן לייב זיך צו באַגיין:
געוואוסט ווען ס'איז די צייט אַ חניפֿה אונטערטראָגן,
און ווען אַ ביל צו טאָן, אַ דריי טאָן מיטן עק...
און מיט די שטיק די הינטישע, מיט זיינע גאַנגען
האָט ער דעם לייב, גאָר פּראָסט, געפֿאַנגען!

הכלל — ס'איז נאָר אַ קורצע צייט אַוועק,
ביז איינמאָל האָט דער לייב געלאָזן הערן
אין גאַנצן וואַלד, פֿאַר לייט און לאַנד,
אַז ער דערהויבט זיין פֿריינד צום לייבן-שטאַנד,
דאָס הייסט, מען זאָל דאָס הינטל פֿאַר אַ לייב באַטראַכטן,
און ווי געהעריק איז אים אַכטן!

אין וואַלד
האָט זיך געטומלט גאָר אַ גוואַלד —
דעם הונט אַזאַ מין כבוד! נאָר ווי ס'גייט אין לעבן,
האָט מען אַפילו אין דער זייט געלאַכט,
און אויך גאַניץ אָפן חוזק אָפּט געמאַכט.
נאָר כבוד האָט מען פאַרט דעם הונט געגעבן...
דאָך, איבער דעם חוזק און פאַראַכט,
איז אויך דער כבוד שוין דעם הונט ניט איינגעגאַנגען,
פלעגט ער מסירות נאָכאַנאַנד דעם לייב דערלאַנגען...

ביז איינמאָל האָט דער לייב, שוין בייזלעך, אים דערקלערט,
נאָכדעם ווי ער האָט אַ מסירה אויסגעהערט:
„מיין פריינד, כ'האָב דיך, אַ הונט, געקענט דערהויבן
צום שטאַנד
און צו דער ווירדיקער מדרגה פון לייבן,
נאָר פון אַ הונט אַ לייב צו מאַכן — בין איך ניט אימשטאַנד".

## צוויי בערן

צוויי בערן, — גרויס און וואוקס,
נאָר ווי באַוואוסט, אָן עקן, —
געשמועסט האָבן איינמאָל וועגן פוקס
ווי קלוג און ווי געשיקט ער קען זיין שפּור פאַרדעקן:
„— אַט פינטלט ער מיט זיינע לאַפּקעלעך אין שניי,
און מיט זיין עק דעם פיינעם, איינס און צוויי,
פאַרדעקט ער יעדן שפּור פון זיי...“
„— נו, יאָ! דער פוקס איז קלוג און ווייס זיך זיינע וועגן, —
האָט אָפּגערופן זיך דער צווייטער בער גאַנץ שטיל, —
דאָך דאַרפן מיר זיין קלוגשאַפט פאָרט ניט איבערטרייבן,
און אין התפעלות ניט אַריין צו פיל...
זיין פוסטריט קען ער זיך פאַרדעקן ווי ער וויל,
נאָר ס'מוז אָבער פון דעם עק אַ שפּור פאַרבלייבן.“

# צוויי הינט

צוויי הינט געלעבט זיך האָבן אויף אַ הויף אינאיינעם;
איין הונט — אַ יונגער און אַ שיינער,
מיט אויפגעשפּיצטע אויערן צענומען ברייט,
און מיט אַ ווײדל גאוהדיק פאַרדרייט;
די פעל — אינגאַנצן
אַזוי ווי סאַמעט גלאַנציק
און גלאַט, —
דערצו האָט ער נאָך אויך אַ פיינע שטים געהאַט...
דער צווייטער הונט געווען איז עלטער
און אויך געשטעלטער;
די אויערן געהאַנגען זיינען אים פון קאָפּ
אַראָפּ,
קיין ווײדל האָט ער ניט געהאַט (צי פון געבאָרן,
צי ערגעץ וואו אין קאַמף פאַרלאָרן —
דאָס האָב איך ניט געקאָנט דערגיין...)
זיין פעל — אַ קאָלטן —
און ווי איר זעט, דורכאויס ניט שיין,
אים אָבער האָט אין יעדער זאַך געגאָלטן!
און וואו אַ גוטער ביסן, צי אַ פעטער ביין
איז ער, ניט קוקנדיק אויף די געפאַרן,
דער ערשטער אַלעמאָל געווען;
און זעלטן ווען עס פלעגט אים עפּעס אַנדערש אָרן...
(ער האָט די וועלט די הינטישע געזען,
און איז געווען גענוג דערפאַרן...)
דעם יונגן הונט, פאַרשטייט זיך, פלעגט פאַרדריסן שטאַרק,
וואָס ער, אַ יונגער און אַ שיינער,
אַ העזהניק, אַ יונג מיט ביינער,
זאָל שטענדיק זיין דער צווייטער אויפן מאַרק...
פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? — פלעגט ער אַלץ קלערן,
ביז איינמאָל האָט ער זיך דערטראַכט,
אַז ס׳מוז געוויס זיין עק אים שטערן...
דעריבער נעמענדיק די זאַך אין אַכט,
האָט ער באַשלאָסן פון זיין ווײדל פּטור ווערן.
ס׳איז קלאָר,
אַז טראַכטן וועגן דעם איז גרינגער,
ווי דורכצופירן דאָס אין וואָר, —
דערמאָנט זיך נאָר,

איז לייכט דען אָפּצובייסן זיך אַ פינגער?
נאָר רעדנדיק צוריק —
וואָס טוט מען ניט צוליב דערפאָלג און גליק,
און איבערהויפּט צוליב אַ פעטן ביסן?...
קורץ — איינמאָל אין דער פרי
האָט אונדזער הונט מיט וויטאָג און מיט מי
אליין דעם וויידל אין אַ קלעם זיך אָפּגעריסן...
און ניט פאַרשטאַנען האָט ער נאָך, דער יונגער שנעק,
אַז שכל איז אין קאָפּ און ניט אין עק.

# אין שטייג

געזעסן איז אַ דראָזל אין אַ שטייג;
און קוקנדיק פון פענצטער אויף אַ גרינעם צווייג,
פלעגט ער מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן,
פון אָרט זיך ניט אַ ריר טאָן שעהן לאַנג.
ווער ווייס — וואו פריי געשוועבט האָט זיין געדאַנק?
עס האָבן זיך נאָך אפשר פאַר זיין בליק געצויגן
די וועלדער פול מיט הילכיקן געזאַנג,
וואו ער האָט זיינע נאָענטע געלאָזן,
די פרייע פעלדער מיט די סאַמעטענע גראָזן...
און אפשר האָט ער גאָר געקלערט
פון דעם וואָס אים איז מער שוין ניט באַשערט
מיט הילכיקע און ריינע קלאַנגען
באַגעגענען אין פעלד דעם אויפגאַנג פון דער זון...
אַ גוטע פעטע הון
וואָס איז ניט ווייט פון שטייג אַרומגעגאַנגען
פאַרפירט האָט מיט דעם פויגעלע אַ רייד: — „מיין קינד!
פאַרשטייסט דאָך ניט ווי גוט דיר איז אַצינד...
דו האָסט דאָך גרייט פאַר זיך דיין עסן־טרינקען!
וואָלסטו דאָך גאָר באַדאַרפט צופרידן זיין און זינגען,
פון גליק וואָס דיר איז דאָ געשען!...
און דו? דו בענקסט! נאָך וואָס, נאָך ווען!
וואָס קומט אַרויס, אוי ווייַ, פון אומפליען און שוועבן,
אַז פאַר אַ קערנדל שטעלט מען דאָך איין דאָס לעבן!
מיר אויך קומט אוים אַמאָל אַ פלי צו טאָן אין הויף —
(מען וויל מיך כאַפן — פלי איך אויפן פלויט אַרויף!...)
קען איך דיר זאָגן, כ׳לעבן,
אַז מיט אַזוי פיל מי
קומט אָן מיר יעדער פלי,
אַז איך וואָלט גערן זיין און ניט געפליגן,
ווען ניט דער חלף פאַר די אויגן...
איך זאָג דיר גאַנץ געוויס,

אַז איך זע־איין אַ פאַרגעניגן גאָר אַ קנאַפּן
אין דעם וואָס איינער מאַטערט זיך און פליט — וואָס איז?
אַ פליגעלע צו כאַפּן,
צי נאָך אַ פּעדערל, וואָס אין דער לופטן ציט
זיך יאָגן!
ביסט אומגערעכט, מיין קינד, און ווייסט דאָס לעבן ניט"...
נאָר וואָס האָט איר געקענט דער דראָזל אויף דעם זאָגן?
ער האָט געשוויגן שטיל... נאָר אין זיין שווער געמיט,
האָט ער דאָס קעפּעלע אין זיך נאָך מער איינגעצויגן,
און פעסטער צוגעמאַכט די טרויעריקע אויגן.

# צוויי פליגן און אַ בין

צוויי פליגן
געקליבן האָבן זיך באַנאַנד
צו פליען אין ווייטן לאַנד,
געוויינלעך — זוכן גליקן;

און האָבן אויך גענומען צורעדן די בין,
אַז זי זאָל מיטפליען מיט זיי אַהין:
אַט הערן זיי כסדר פון די פּאַפּוגייען,
וואָס רעדן נאָר פּאַראַיינס
פון יענעם לאַנד דעם נייעס,
אַז דאָרט איז עפּעס גאָר אַזעלכעס און אַזוינס!
און דאָ — צו וואָס קען מען דאָ קומען?
אַז דאָ, ביי זיך אין לאַנד, אומשטיינס געזאָגט,
איז נאָר מען טרייבט, און נאָר מען יאָגט —
מען קומט ניט צו קיין תקומה!

אַז אויף אַ מאָלצייט, מעג זיין ביים גרעסטן גביר,
ווערט מען דאָך דיר
פון טיש קיין ברעקעלע אַפילו ניט פאַרגינען!
היינט איצט די נייע מאָדע, טאַקע ווייס איך וואָס,
צו האַלטן פיינע עסנס אונטער גלאָז!
משמעות — מענטשן גייען שוין אַראָפּ פון זינען...
און אין די קליינע שטיבלעך איז נאָך ערגער פיל:
דאָרט לויערן אויף אונדז שוין אין דער שטיל
אונדזערע גרעסטע שונאים,
די שפּינען, די גזלנים!"
„אַזוי? — האָט זיי באַמערקט די בין נאָך אַלע רייד —
איר פליט אין די מרחקים? נו, געזונטערהייט;
און איך, אָנשטאָט אין ווייטע וועגן זיך צו קלייבן,
וועל שוין מיר בעסער דאָ פאַרבלייבן;

און גוטע פריינט האָב איך גענוג דאָ־הי,
סיי אין פּאַלאַץ און סיי אין קליינעם שטיבל,
צוליב מיין האָניק און מיין מי;
און האָט ניט, טייערינקע, קיין פּאַראיבל:
אויב דאָ זייט איר פּאַר קיינעם נוציק ניט געווען,
וועט דאָרטן אויך מיט אייך קיין נס שוין ניט געשען...
איר וועט אין נייעם לאַנד קיין גליקן ניט געפינען,
און וועט דאָרטן אין חשיבות ניט אַריין;
צופרידן וועלן מיט אייך זיין
אויך דאָרטן בלויז די שפּינען.״

# דער אָדלער און די הינער

דעם אָדלער איז אַמאָל געקומען אַ געדאַנק
אַ ווײַלע צו פֿאַרברענגען צווישן הינער.
ס׳איז ניט געווען באַוואוסט אַפֿילו — אויף ווי לאַנג,
און וואָס ער האָט געהאַט דערבײַ אין זינען...
נאָר ס׳האָט די נײַעס זיך שנעל פֿאַרשפּרייט אין הינער־הויף,
און ס׳איז געוואָרן דאָרט אַ טומל, אַ געלויף —
אַ קלייניקייט, — עס קומט אַראָפּ דער מלך!
נאָר זאָגן, אַז דער גאַנצער הויף איז בלויז
שטאַרק אויפֿגערייגט פֿון דעם און זייער פֿריילעך,
וואָלט מיט דעם אמת ניט געשטימט דורכאויס:
אַ גרויסער גאַסט, — נאָר שוין אַ ביסעלע צו־גרויס...
אַן אָדלער אויפֿצונעמען איז אַ זאַך אַ שווערע,
געוויס איז טאַקע זייער גרויס די ערע,
נאָר גרעסער איז נאָך די אומזיכערקייט און שרעק...
האָט מען זיך טאַקע אויך געפֿילט גאַנץ היבש דערשראָקן.
דער האָן דער אַלטער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם עק,
די קוואָקעס האָבן אויפֿגעהערט צו קוואָקען,
די שאַרפֿע קרייער, חוצפּהדיקע יונגעלײַט,
האָט מען אין הינטער־הויף ערגעץ פֿאַרטריבן...
די פֿלאַפֿלערקעס די חנעוודיקע זײַנען שטיל געבליבן,
און האָבן נאָר פֿון צײַט צו צײַט
זיך דורכגעוואָרפֿן מיט אַ בליק פֿאַרשייט,
און אין דער שטיל, בשתיקה,
געחלומט און געהאַפֿט אויף גרויסע גליקן...
נאָר ווי מיר ווייסן, איז פֿון אָנפֿאַנג בלויז
דער דרך־ארץ און דער אַפּשיי גרויס,

און נאָכדעם ווערן מיר צו יעדן גאַסט געוואוינט...
הכלל — אַריבער זיינען נאָר צוויי וואָכן,
איז נישט נאָר וואָס מען האָט דעם אָדלער ניט געשווינט,
מען איז אים פּשוט אויפן קאָפּ געקראָכן!
און ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט,
אַז לויפנדיק צום שיסל עסן,
פלעגט אים אַ הינדל נאָך אַ שטויס טאָן פון דער זייט...
זיי האָבן גאָר פאַרגעסן
אַז ס'איז מיט זיי אַן אָדלער — ניט קיין הון!
דאָך ניט געקימערט האָט דער אָדלער זיך דערפון,
און ווען אים האָט דער הינער־הויף דערעסן
און ס'האָט זיך אים פאַרבענקט נאָך פעלדזן, בערג און זון,
האָט ער די פליגלען זיינע ברייט צענומען
און איז אין בלויען הימל־הויך אַוועקגעשוואומען.

---

אַזוי איז דאָס שוין מיט אַן אָדלער: נאָר אַ הויב,
און ווידער איז ער ווייט פון הינער און פון שטויב.

# דער באַרימטער האָז

דו ווילסט פון מיר, מיין פריינט, אַ פּאַבל הערן?
וואַרט אויס, איך וועל זיך נאָר אַ ווײַלינקע באַקלערן.
קרילאָוו, דער חכם, רוען זאָל ער אין זיין רו,
באַמערקט אין זיינע שריפטן ערגעץ־וואו:
דער וועטער ווערט צו האַרבסט־צו רעגנדיקער
און מענטשן צו דער עלטער — רעדעוודיקער...
ס'איז ריכטיק, יאָ — איך פיל דאָס איצט אויף זיך, און דו
וועסט אויך אויף זיך אַמאָל דאָס זעלבע פילן...
נאָר זאָל שוין זיין גענוג זיך מיט דעם גראַם צו שפּילן, —
אָט האָב איך דאָ פאַר דיר אַ מעשהלע ניט לאַנג;
נאָר איך וועל קודם דאָ דערקלערן מיין געדאַנק,
וואָס וועט אַמאָל דיין שווער געמיט דיר גרינגער מאַכן:
זאָלסט וויסן, אַז כמעט צו יעדער צייט
פאַרשווייגט מען טואונגען פון אמת־גרויסע לייט,
און טומלען טומלט מען דאָס רוב פון קליינע זאַכן.
דו פרעג מיך ניט — פאַרוואָס,
נאָר מיט אַ שמייכל, אָן שום פאַרדראָס,
הער אויס מיין פאַבל וועגן האָז.

---

אַ האָז איז איינמאָל אין אַ שיינעם טאָג פון זומער
פון זיין באַהעלטעניש, וואו־ערגעץ אין דער זייט,
אין פעלד אַרויסגעקומען,
אַ שפּיל צו טאָן זיך אין דער ליבער רואיקייט
אויף די באַשטראַלטע גרעזעלעך די גרינע;
דערווײַלע האָט ער זיך פון עפּעס־וואָס פאַרטראַכט,
און אומגערן, מיט אויגן האַלב־פאַרמאַכט,
זיך צוגעשפּאַרט דאָרט צו אַ בוימעלע אַ דינעם;
דער פלאַנץ האָט זיך אַ וויג געטאָן — איז ער אויף גיך
אין שרעק אַוועקגעשפּרונגען גאָר ווי אָן אַ זינען...
נאָר מיט אַ ווײַלע שפּעטער, קומענדיק צו זיך,
האָט ער דעם פחד שוין פאַרלאָרן,
און פון זיין שרעק איז גאָר ביי אים אַ שפּיל געוואָרן:

ער האָט דעם בוימעלע געשאָקלט שטילערהייט,
און מיטן נעזעלע געצוקט אין פרייד...
געוויינלעך — פון דעם האָז וואָלט קיינער גאָר ניט קלערן;
נאָר ווען עס איז באַשערט באַרימט צו ווערן,
באַדאַרף מען ניט קיין סך צו ווערן גרויס...
און גראָד אַ וועוועריק, וועלכער האָט, ווייזט אויס,
געהאַט אַ טבע אַלץ צו זען און אַלץ צו הערן,
און איז אַ גרויסער בעלן סתם אויף נייס געווען,
האָט דאָס פון ווייטן אַלץ געזען, —
און, ווי אַ פייל פון בויגן,
געלאָזן זיך צו זיינע פריינט אַרום,
און האָט צעפּויקט דאָרט אומעטום,
אַז ער האָט ערשט געזען, אַליין מיט זיינע אויגן,
ווי גאָר אַ קליינער האָז האָט צו דער ערד
אַ הויכן בוים אַראָפּגעבויגן!
פאַרשטייט זיך, אַז דערציילנדיק פון וואָס מען הערט,
לייגט יעדער צו פון זיך נאָך עפּעס-וואָס באַזונדער...
און אָט אַזוי אַ האָבן וועגן האָז די וואונדער
זיך אַלץ פאַרגרעסערט און פאַרמערט;
קיין וואָך איז ניט אַריבער —
און ס׳האָט דער וואַלד געקלונגען מיט דעם האָז דעם גיבור!
מען האָט גערעדט פון אים אויף שריט און טריט...
איז וועגן די גוזמאות רעדן מיר דאָ ניט,
נאָר ס׳איז כדאי דאָ אָנצואווייזן און דערקלערן,
אַז אין דעם זעלבן וואַלד, וואו ס׳האָט זיך אָן אַ מאָס
געטומלט מיט די גבורות פון דעם האָז,
זיך אויפגעהאַלטן האָבן גרויסע בערן,
וואָס פלעגן דעמבעס מיט די וואָרצלען איבערקערן!
און וועגן זיי האָט קיינער דאָרט
אַפילו ניט דערמאָנט קיין וואָרט.

## גבורים

דער גוט־באַוואוסטער מוק, וואָס האָט פאַרצייטן
דעם לייב, אומשטיינס געזאָגט, באַזיגט,
האָט פאַר געוויסע קליייניקייטן
זיך מיט זיין פריינד, דעם זשוק פון פעלד, צעקריגט,
און מיט אַ מוראדיקן זשומען
האָט זיך דער מוק צום זשוק גענומען.
„—ווער מיינסטו, בין איך דיר — דער לייב? —
האָט לאַנגזאַם זיך דער זשוק געטאָן אַ הויב,
און קריגעריש די הערנדלעך צענומען, —
דו דאַרפסט דאָך, מוק איינער, פאַרשטיין,
אַז ניט וואָס דו אַליין,
נאָר אויך צוזאַמען מיט אַ גאַנצן צענדליק פליגן
ניט קענען וועסטו מיך באַזיגן!"

---

מען קען דאָ אפשר צושמייכלען גאַנץ שיין,
נאָר דאָך...ווי אָפט מען פאַלט דאָס כורעים
אַפילו פאַר אַזוינע שטרויענע גבורים.

# אין וואַלד

דער אַלטער וואַלד, פאַרטיפט אין דרימל,
האָט פרום אַרויפגעקוקט צום אָוונטיקן הימל,
פון וואַנען רו האָט זיך אויף באַרג און טאָל געשפּרייט.
און אָט — האָט זיך אַ נאַכטיגאַל צעזונגען!
ווער ווייס — פון אומעט צי פון פרייד
נאָר זיין געזאַנג האָט אַזוי וואונדערלעך געקלונגען,
אַז יעדער איינער האָט אין זינגערס ליד
דערקענט דעם אייגענעם געמיט...
שאַ־שטיל געבליבן זיינען אַלע פייגל,
זיך צוהערנדיק מיט פאַרמאַכטע אויגן, —
און ס׳האָט פון זינגערס ליד דער ווידערקלאַנג
נאָך לאַנג
זיך אין דער לופט געצויגן:
„— וואָס פאַר אַ וואונדערלעך געזאַנג! —
האָט צו דער טויב זיך אָפּגערופן די קוקאַווע, —
און זעסט דאָך, — ווער האָט שיינע פעדערן? די פּאַווע,
וואָס האָט אַזאַ נים־אַנגענעמען קול...״
„— אַזוי איז דאָס שוין אַלע מאָל,
געענטפערט האָט די טויב מיושבדיק, באַשיידן, —
און אפשר דאַרף דאָס טאַקע זיין אַזוי:
דער נאַכטיגאַל איז טאַקע גאָר ניט אָנזיכטיק און גרוי,
דאָך וואָס זאָל מען דאָ ריידן?
ער איז אונדז ליב און טייער סיי־ווי־סיי!
נאָר שטעל זיך אָבער פאָר דערביי
וואָס פון דער שטאָלצער פּאַווע וואָלט געוואָרן
ווען זי, חלילה, וואָלט איר רייכן עק פאַרלאָרן!...״

# דאָס בלימל

„וואָס פאַר אַ שיינע וואונדערלעכע וועלט! —
געשמייכלט האָט אַ בלימעלע אין פעלד
צו די פרימאָרגנדיקע שטראַלן, —
ווי גרין, ווי ליכטיק איז אַרום
און פייגעלעך אַזויפיל זינגען אומעטום".
„וואָס האָט דיך, נאַריש קוויטל, אַזאַ פרייד באַפאַלן? —
געמורמלט האָט דאָס ווינטל, פראַנק־און־פריי,
אין שטילן אומעט שוועבנדיק פאַרביי, —
קאָן זיין, אַז איידער דו וועסט נאָך פאַרוויאַנעט ווערן
וועט דיך אַ בהמה איינשלינגען אין גוטן מוט"...
„קאָן זיין, — געענטפערט האָט דאָס בלימעלע דורך טרערן, —
נאָר קאָן איך דען פון שפּעטער קלערן,
אַז מיר איז איצטער אַזוי גוט!"

# דער העלפאַנט

„— וואָס פאַר אַ ריז
דער העלפאַנט איז!
ווי גרויס און שווער און אומגעלומפּערט! —
האָבן צוויי יונגעלייט דעם ריז אין פּאַרק באַוואונדערט, —
אינגאַנצן פון איין שטיק, ווי אויסגעשמידט
פון אייזן!
ער ברעכט דאָך פּשוט איין די ערד מיט זיינע טריט!...״
„— היינט שטעל זיך פאָר וואָס אַ שטיק עס קען באַווייזן
אַ נפשל אַזאַ, ווען ער איז אויף דער פריי!״ —
האָט צוגעשטימט דער צווייטער יונגערמאַן דערביי.
„— געוויס! ער טרייסלט דאָך אַראָפּ פון זיך אַ טיגער
און אויך אַפילו מיטן לייב אַליין
קומט ער אַרויס דער זיגער...״
„— איך ווייס דאָס... און דערפאַר איז גאָר ניט צו פאַרשטיין,
און אויף קיין אופן
איז גאָר ניט צו באַגרייפן —
וואָס פאַר אַ חזיר ציטערט ער — אַ שרעק!
און פון אַ חזיר לויפט ער שנעל אַוועק
וואוהין די אויגן טראָגן...״
„— איך מיין — באַמערקט האָט צו די יונגעלייט
דער אַלטער צוימער פון דער זייט, —
אַז מען באַדאַרף ניט גלויבן אַלץ וואָס לייטן זאָגן,
נאָר דאָך זאָל דאָס קיין חידוש אייך ניט זיין:
אַ גיבור
טראָגט אַלץ אַריבער,
נאָר ניט קיין שווייַן.״

# דאָרפֿישע הינט

„וואָס האָבן דאָס די הינט פֿון אייער דאָרף צו מיר?״ —
געפֿרעגט אין שפּאַס האָט אַ גרויסשטאָטיקער גביר
זיין פֿריינט דעם דאָרפֿסמאַן, ווען זיי זיינען זיך אינאיינעם
געזעסן אויפֿגעלייגטע ביי אַ קריגל ביר —
„דו ווייסט דאָך, אַז איך רייץ זיך ניט מיט קיינעם,
אַ פּשיטא שוין מיט הינט... איך טראָג קיין שטעקן ניט,
און ניט קיין שטיין אין אַרבל — גאָט באַהיט...
דאָך — ווען איך ווייז זיך נאָר ביי אייך אין דאָרף פֿון וויטן,
באַפֿאַלן הינטלעך מיך און הינט פֿון אַלע זייטן!
און ס'איז אַ מאָדנע זאַך אַזאַ:
ווייל ווען עס קומט צו אייך אַ פֿרעמדער פּויער,
אַפֿילו פֿון אַ וויטן דאָרף — איז שטיל און שאַ,
קיין הונט גאָר ניט צו זען אויף אַ רפֿואה!...״
„איך וויל דאָ ניט פֿאַרענטפֿערן די הינט,״ —
געשמייכלט האָט דער דאָרפֿסמאַן, — „נאָר איך זע באַשטימט,
אַז ניט צו דיר גאָר האָבן דאָס די הינט אַ טענה,
נאָר צו די שיינע שטאָטישע מלבושים דיינע...
די דאָרפֿס־הינט זעען נאָר טאָג־איין, טאָג־אויס
די פּויערישע דאָרפֿישע הלבשה בלויז —
זיי זיינען פּשוט ניט געוואוינט צו קליידער פֿיינע!...
און וואָלסטו אויך געקליידט זיין פּויעריש דורכאויס,
קען איך, מיין פֿריינט, דיר שווערן,
אַז דו וואָלסט פֿון די הינט ביי אונדז קיין פּיפּס ניט הערן.״

# דער ייִנגל ביים קוואַל

**(צום ערשטן יאָרצייט נאָך אברהם רייזען)**

„ווי זאַמדיק שפּרודלדיק דאָס וואַסער איז אין דיר,
און זע ווי קלאָר דאָס וואַסער איז אין קרוג ביי דיר!" —
האָט שמייכלענדיק מיט שטיפערישע אויגן
אַ ייִנגל זיך צום קוואַל געווענדט,
ווען ער האָט פון דעם קוואַל מיט ביידע הענט
אַ פולן קרוג אַרויסגעצויגן.
—„געוויס, מיין טייערער, איז קלאָר און ריין
דיין וואַסער וואָס דו האָסט פון מיר גענומען, —
געמורמלט האָט דער קוואַל אין שטילן אומעט, —
דעריבער לייטער איך זיך דאָך דורך זאַמד און שטיין,
אַז דו זאָלסט דיין געטראַנק אַ ריינערן באַקומען!"

## דער זייפנבלאָז

אַ זייפנבלאָז, אַרויסגעבלאָזן פון אַ יינגל,
האָט זיך אַ הויב געטאָן אין ווינטל,
און אין דער לופטן ציענדיק,
און שווימענדיק,
האָט ער גענומען אויף דער זון שטאָלצירן
מיט זיינע לויטערע קאָלירן:
„ווי וויניק ווערט די אמתדיקע שיינקייט אָפּגעשאַצט!
איך בין דאָך דורכזיכטיקער, ריינער
פון אַלע פיינע איידל־שטיינער".
נאָר דאָ האָט, נעבעך, אונדזער זייפנבלאָז געפּלאַצט.

## דער שמעטערלינג און דער וואָרעם

געזעסן איז אַ שמעטערלינג אין גאָרטן אויף אַ קוויט;
ערשט מיטאַמאָל — אַ וואָרעם קריכט פון אונטן שטילערהייט.

— „אוי, וואָרעם, וואָרעם, ווערעמל, וואָס קריכסטו דאָ אַהער?
דו ציסט זיך און דו מאַטערסט זיך, דיר איז דאָך, נעבעך, שווער!"...

— „איך קום דיך אָנקוקן, צו זען ווי פּרעכטיק איך וועל זיין,
ווען איך וועל אויך, אַ פאַרביקער, אַרומפליען אין שיין"...

— „דו רעדסט דאָך, וואָרעם, מאָדנע רייד! מען קען דיך ניט פאַרשטיין:
דו ביזט דאָך, אַזאַ מיאוסער, ווי קענסטו ווערן שיין!"

— „איז וואָס? דו ביזט דאָך אויך געווען אַ וואָרעם פונקט ווי איך"...
אַוועקגעפלויגן איז פאַרשעמט דער שמעטערלינג אויף גיך.

# די עצה

**(אַ מעשהלע)**

אין דער אַלט־גריכישער באַרימטער שטאָט אַתונה,
וואו ס׳האָבן זיך די קליגסטע לייט פון לאַנד געפונען,
איז צו אַ פילאָסאָף אַמאָל אַ מאַן געקומען,
געבראַכט צו ווייזן אים די שריפטן פון זיין זון.
אַ פאָטער — האָט ער פון דעם זון געקליבן נחת,
און פלעגט זיך מיט זיין שרייבן גרויסן אומעטום.
די זאַך איז,
וואָס ניט פאַרשטאַנען האָט ער גאָר און ניט געזען,
ווי נאַריש און ווי שלעכט דאָס שרייבן איז געווען...
ווייל ער, במחילה, צווישן אונדז זאָל דאָס נאָר בלייבן,
האָט קיין השגה ניט געהאַט פון שרייבן.
דער דענקער האָט ניט לאַנג באַטראַכט
די כתבים, וועלכע יענער האָט געבראַכט,
און האָט אַ פרעג געטאָן דעם פאָטער מיט אַ שמייכל:
— „ווי אַלט איז איצט דיין זון, זיי מוחל?"
— „ער איז אינגאַנצן נאָך ניט אַלט קיין פערצן יאָר!"
— „נו, אויב אַזוי, — באַמערקט האָט אים דער דענקער, באַלד, —
איז נאָך ניט אַזוי ביטער...
און זאָגן זאָג איך דיר ווי אַ געניטער,
אַז דו וועסט נאָך מיט פעטש און ריטער
אים קענען אָפּגעוואוינען פון זיין שטותעריי
און פוסטער פלוידעריי!
וועסט טאָן אַ טובה אים און לייטן אויך דערביי,
ווען דו וועסט, גאָר ניט אויף צו פלייסן,
אים שמייסן, שמייסן, שמייסן!"

---

אַ מעשהלע, גאָר דוכט זיך, פון דער אַלטער צייט,
דאָך זיינען שטענדיק דאָ אַזוינע לייט,
וואָס דאַרפן וויסן,
אַז ווייניק האָט מען זיי געשמיסן.

# אַ געוועט

(אַ שפּאַסיק מעשהלע)

ווער ווייס דאָס ניט,
אַז בעל־עגלהס פון דעם אַלטן שניט,
בטבע ערלעכע געטרייע יידן
און טאַקע גרויסע בריה־לייט,
ווען מען האָט כבוד יידישן באַדאַרפט פאַרהיטן!
געוויינלעך האָבן אויך געקענט צו יעדער צייט
אַריינקערן גאַנץ פיין אַ גלעזל פון דער זייט;
און האָבן ליב געהאַט צו מאַכן אַ לחיים
ניט נאָר לשם שמים...
איז ווען אַ בעל־עגלה פלעגט צומאָל
דערציילן וועגן זיינע יאַזדעס פון אַמאָל,
מיט די נסיונות און די גליקן,
וואָס האָבן זיך אים אונטערוועגס געמאַכט;
פון די מטמונות געלט וואָס מען פלעגט מיט אים שיקן,
פון זאַווערוכעס, פון אַראָפּגעשווענקטע בריקן,
פון רוצחים־פּויערים אין מיטן וועג ביינאַכט...
צי סתם פון לייטישע מזלות אויף יאַרידן...
פון וואַלד־סוחרים, פון מעקלער און פון מסחר־יידן,
פלעגט ער כמעט ביי יעדן וואָרט
דערמאָנען אַ טרונק־בראָנפן דאָרט...
האָט איינער מיט ר׳ גרשון בעל־עגלה זיך געוואָטן,
אַז אויב אים וועט געראָטן
דערציילן וועגן אַ נסיעה, נאָר בתנאי
ער זאָל דערציילנדיק קיין בראָנפן ניט דערמאָנען, —
איז אויב ער וועט דאָס קאָנען, —
וועט ער דערביי,
אַ חוץ דעם פור־געלט, נאָך אַ פינפערל געווינען.
רב גרשון האָט ניט לאַנג געקלערט,
אַ צי געטאָן די פערד,
און האָט גענומען דאָס פינפערל פאַרדינען:

געווען איז דאָס שוין נאָך יום־טובים־צייט; באַגינען
בין איך אַרויסגעפאָרן מיר אין וועג,
מיט עטלעכע פאַרשוין, מיט פעק;
דערביי אַרויפגעהאַקט נאָך אויפן וואָגן

אַ דריי־פיר זעקלעך מעל,
אַ רויע פעל,
און קלייניקייטן נאָך — איך זאָל אייך זאָגן,
געדענק איך שוין ניט אַקוראַט,
נאָר כ׳ווייס, איך האָב געהאַט
גענוג שוין וואָס צו פירן, —
אַזויפיל מכות נאָר די גבירים!...
מיין וואָגן איז געווען אַ ברייטער, מיט אַ בויד,
די פערד, מזיקים! ניט ווי איצטער, ביין און הויט...
דערצו, פאַרשטייט זיך, האָב איך ניט פאַרגעסן
צו נעמען אויפן וועג אַ ביסל — עסן...
פון אָנהויב איז דער וועטער אויך געווען גאַנץ פיין,
נאָר באַלד האָט דאָס גענומען גיין אַ רעגן;
און ווי איר ווייסט, ביי אונדז צו פאָרן אויף די וועגן,
ניט אויסגערעדט זאָל זיין,
איז שוין אין גוטן מוט דאָך אַ סוכאַטע!
האָט מען זיך טראָט־ביי־טראָט געשלעפט דורך בלאָטע,
און צו אַ קרעטשמע צוגעפאָרן ערשט פאַרנאַכט.
איך האָב קיין לאַנגע שהיות ניט געמאַכט,
נאָך מיט דער בייטש אין האַנט אין שטוב אַריינגעגאַנגען,
און טאַקע איינס און צוויי
געהייסן זיך דערלאַנגען —
איך מיין, די פערד אַ ביסל היי...
(דער פורמאַן האָט דאָ מיט אַ זיפץ אַ שווערן
אַ וויש געטאָן די ליפּן און דעם שטערן...)
מיר האָבן זיך דאָרט אָנגעוואַרעמט אַזוי גוט
און טאַקע נעכטיקן שוין אויך פאַרבליבן.
אויף מאָרגן האָט דאָס נייעם רעגן אָנגעטריבן,
און גאָר ניט אָפּגעלאָזט אויף אַ מינוט.
איז וואָס זאָל איך אייך זאָגן?
דאָס האַרץ האָט מיר שוין ניט פאַרטראָגן, —
בין איך אַראָפּ פון וואָגן,
און ווי איר קוקט מיך אָן, ביז שפּעט ביינאַכט צופוס,
אין רעגן און אין גוס,
שוין פון די פערד ניט אָפּגעטראָטן!
זיך קוים דערשלעפּט צו אַ ישובניק אויפן דאָרף,

נאָר אויסגעשפּאַנט די פערד, דעם האָבער זיי פאַרשאָטן,
און שלאָפן גלייך געגעבן זיך אַ וואָרף,
נאָר קוים אַריינגעכאַפּט אַ גלעזל — טיי... צו טרינקען.
(דער פורמאַן האָט דאָ ווידער אָפּגעאָטעמט שווער.)
אויף מאָרגן האָב איך מיר נאָך מער
געהאַט צו זאָגן און צו זינגען...
אַ בראָך איז מיר געשען —
דאָס איז שוין איינמאָל אַ נסיעהלע געווען!
ס'איז דורך דער נאַכט אַ פראָסט געוואָרן,
ווי אייזן איז דער וועג אין הרודעס איינגעפראָרן, —
איר הערט?
איך האָב אַ תל געמאַכט פון מיינע פערד!
איך האָב געוואָיעט, דעם גאָרגל זיך געריסן,
געשלעפּט, געצויגן דאָ און דאָרט,
זיי כלומרשט מיט דער בייטש געשמיסן,
נאָר ניט פון אָרט!
און די פאַרשוינען האָבן אויך, במחילה,
(זיי האָבן ניט געוואָלט אפילו,
נאָר ווער האָט זיי געהערט?)
געמוזט צוזאַמען מיט די פערד
זיך נעמען צו דעם וואָגן.
און פינצטער איז געווען, כאָטש שטעך אַן אויג זיך אויס!
בקיצור, כ'וויים ניט ווי מיר זיינען דאָרט אַרויס
און ווי אַזוי מיר האָבן זיך דערשלאָגן,
נאָר קוים מיט צרות — טאַקע נאָר
מיט דער נשמה אויף אַ האָר,
אויף דער אכסניה צו ר' דודן געקומען!
און — כאַפּט דעם פינפערל דאָס גוטע יאָר —
איך האָב אַ ריכטיקן טרונק־בראָנפן דאָרט גענומען!

# אַ פאַבל וועגן אַ פאַבל

די אַלטע חכמה האָט אַן אייביק־יונגע שטים:
„מען קען דעם נאַר אין גאַנצן אַפילו שטויסן,
ניט אָפּטאָן וועט מען אַלץ די נאַרישקייט פון אים".
(ווייל ס'מיינט מען גאָר, טראַכט ער, די גאַנצקייט — ניט אים...)
דערפאַר קען זיין, אַז יענע וועמען איך בין אויסן,
אַנטקעגן וועמען ס'איז דאָ אַנגעווענדט דער מיין,
זיי וועלן אפשר פון דער פאַבל לאַכן
און וועלן ניט פאַרשטיין,
אַז לאַכן לאַכן זיי דאָס גאָר פון זיך אַליין...
דאָך ווילט זיך ניט פון קיינעם חוזק מאַכן,
ווייל נאַרישקייט איז אויכעט גאָטס אַ גאָב,
וואָס גייט מיט חכמה האַנט־ביי־האַנט אין לעבן.
אָט האָב איך דאָ פאַר זיך אַ פאַבל פון עזאָפּ,
די מעשה וועגן קראָ און פוקס, צו וועלכער כ'האָב
אַ נייעם סוף נאָר צוגעגעבן.

---

„—...ביזט וואונדערלעך ווי שיין,
און האָסט געווים אַ שטימע מלא חן!
זינג, זינג, מיין טייערינקע, דאַרפסט זיך גאָר ניט שעמען!
און אויב ביי אַזאַ שיינקייט, ליבינקע, ביזטו
אין זינגען אויך אַ בריה נאָך דערצו,
וועסטו ביי אונדז אין וואַלד דעם ערשטן פּלאַץ פאַרנעמען!..."
אַזוי האָט דער פוקס, גאָר אומפאַרשעמטערהייט,
אין חניפה זיך צעגאָסן;
און ווי באַוואוסט, אַ דאַנק די זיסע רייד,
האָט זיך דער קראָ אַזוי דער קאָפּ פאַרדרייט,
אַז זי האָט דאָרט דעם קעז פון מויל אַרויסגעלאָזן...
נו, און דעם קעז אַרויסגענאַרט,
האָט שוין דער פוקס דאָרט לענגער ניט געוואַרט
און מיטן קעז צום וואַלד זיך שוין געוועזן פאַרנומען.
ערשט מיט אַמאָל — ער זעט די קראָ איז נאָך אים באַלד
פון בוים אַראָפּגעקומען,

און רעדט צו אים — באַגייסטערט, גאָר אַ גוואַלד!
(וואו קעז! וואָס קעז! אינגאַנצן גאָר פאַרגעסן...)
„—דו ווייסט, מיין פריינט, איך בין געזעסן
און האָב זיך צוגעהערט צו דיר די גאַנצע צייט!
און זאָג איך דיר, דו מעגסט מיר גלויבן,
אַז איך בין זייער ווייט
פון די וואָס האָבן ליב מען זאָל זיי לויבן, —
ווייל כ'האָב שוין גוטע רייד געהערט אַ סך...
נאָר חניפה איז ביי מיר די ערגסטע זאַך,
און פון אַ ליגן גייט מיר גאָר די גאַל אַריבער!
כ'האָב אָבער דיך, מיין פריינד, גראָד אויסגעהערט מיט פרייד,
ווייל דו ביזט ערלעך, אויפריכטיק אין דיינע רייד,
און איבערהויפּט — דו טרייבסט אַ האָר ניט איבער!"

## דעם אייזלס טענה

צום פאבל־שרייבער איז אמאל
דער אייזל א פארביטערטער געקומען:
„— דו האסט אין דיינע מעשהלעך מיך אלע מאל
אן אויפהער פאר דעם מוסטער פון א נאר גענומען.
דו האסט דעם פנים מיר פארשווארצט פאר לייט און לאנד
און שטענדיק מיך געמאכט צו שפאט און שאנד,
דעריבער איז ניט מער ווי רעכט, ר׳ נחום,
אז דו זאלסט אויסקויפן אצינד
אנטקעגן מיר דיין זינד,
און אין דיין שרייבן פארשטעלן מיך פאר א חכם...״
„— ביזט אפשר גארניט אומגערעכט, מיין העלד, —
האט אים דער שרייבער מיט א שמייכל אפגעשטעלט, —
נאר העלפן וועט דיר ניט מיין שרייבן, —
ווייל דו ביזט שטענדיק אין די אויגן פון דער וועלט
געווען אן אייזל, און אן אייזל וועסטו בלייבן.״

# איוואַן קרילאָוו

## דער וואָלקן

אויף פעלדער אויסגעמאַטערטע פון היצן
האָט זיך מיט דונערן און בליצן
אַ וואָלקן דורכגעטראָגן שנעל פאַרביי;
און ניט פאַרלירנדיק קיין טראָפּנדל דערביי
אויף די פאַרשמאַכטע תבואות און די גראָזן
האָט ער זיך אין אַ רעגן אויפן ים צעלאָזן,
און מיט זיין שפע זיך גענומען גרויסן שטאַרק
פאַר דעם אַנטקעגנדיקן באַרג...
„—איך וויים גאָרניט, — באַמערקט האָט אים
דער באַרג פון וויטן, —
ווי שעמסטו זיך דאָס ניט פאַר לייטן,
און ווי פאַרדריסט דיך ניט אין פלוג!
ווען דו וואָלסט אויף די פעלדער דורכגערעגנט,
וואָלסטו פון הונגער דאָך פאַרהיט די גאַנצע געגנט!...
אין ים, מיין פריינט, איז וואַסער אָן דיר אויך גענוג".

---

אַזוי איז אָפטמאָל מיט נדבנים
וואָס גיבן־אָפּ מיליאָנען,
ניט דאָרטן, וואו די נויט איז גרויס,
נאָר סתם
אַ רעגן אויפן ים.

# דער שרדה און דער פילאָסאָף

א שרדה, וועלכער פלעגט אַ פרייע שעה פאַרברענגען
אין שמועס מיט זיין פריינט דעם דענקער,
האָט איינמאָל גראָד אַ פראַגע אים געשטעלט:
„— דו קענסט דאָך גוט דאָס לעבן און די וועלט —
פאַרוואָס איז דאָס, אַז ווען מיר נעמען גרינדן
אַ חברה, אַן אַנשטאַלט פון וויסנשאַפט און בילדונג,
פאַרנעמען קודם־כל די עמי־הארצים דאָרט
דעם שענסטן אָרט!
איז גאָר ניטאָ צו דעם קיין תרופה?"
„— מיר דוכט, אַז ניין, —
האָט זיך דער דענקער אָפּגערופן, —
ווייל מיט די חברות און אַנשטאַלטן, לויט מיין מיין,
פאַסירט כמעט שוין שטענדיק
דאָס זעלבע וואָס מיט הייזער הילצערנע פאַסירט:
איך האָב מיין הילצן הויז נאָך ניט פאַרענדיקט,
נאָר גרילן, זעסטו, האָבן זיך שוין דאָרט פאַרפירט."

# דער וואָלף און די פאַסטעכער

אַ וואָלף, וואָס האָט זיך צוגעקוקט אַמאָל,
ווי פאַסטעכער אין טאָל
געטרייבערט רואיק האָבן זיך אַ שעפּס אַ שיינע, —
געוויינלעך ניט קיין מאָגערע און ניט קיין קליינע...
און אַלע הינט אַרום
געלעגן זיינען שטיל און שטום,
עניוותדיק אַזוי ווי טויבן, —
האָט ביטער אָפּגעזיפצט: „— און קוקט נאָר אָן
וואָס פאַר אַ טומל, פריינד, איר וואָלט דאָ אויפגעהויבן,
ווען איך וואָלט דאָס געטאָן!”

---

דער נאַר, דער וואָלף, פאַרשטייט אפילו גאָר ניט,
אַז איינער מעג, און איינער טאָר ניט...

# די מאַלפּע און דער שפּיגל

אַ מאַלפּע האָט דערזען אין שפּיגל איר געשטאַלט,
און האָט צום בער זיך אָפּגערופן באַלד:
„— אוי, זע נאָר, טייערינקער, דאָרט דעם פּרצוף!
וואָס פּאַרא תנועהלעך,
העויהלעך און מינעלעך —
עס שלאָגט דאָך ממש גאָר צום הארצן!
איך וואָלט זיך אָנגעטאָן אַ מיתה, ווי איז מיר,
ווען איך וואָלט אויף אַ האָר נאָר ענלעך זיין צו איר!
כאָטש כ'מוז זיך מודה זיין פאַר דיר,
אַז צווישן מיינע חברטעס, אין תוך גענומען,
וואָלט מען אַזוינע מיאוסניצעס פינף צי זעקס געפינען —
איך קען זיי אויף די פינגער אויסציילן גאַנץ פיין!”

„— אַנשטאָט מטריח זיך צו זיין
די חברטעס צו ציילן, וואָלסטו בעסער, כ'לעבן
אויף זיך אַליין, מיין טייערע, אַ קוק געגעבן” —
האָט איר דער בער געענטפערט שטילערהייט.
ער האָט אָבער אומזיסט פאַרלאָרן זיינע רייד.

---

אַזוי איז אויף דער וועלט שוין איינגעשטעלט געוואָרן,
מען וויל אין זיך ניט זען דעם אייגענעם חסרון...
אַ שטייגער, מרדכי האָט אין שטאָט אַ שם
אַז ער איז גאָר ניט קיין נקי כפּים...
און אַלע ווייסן דאָס און אַלע שרייען,
נאָר רעדט מיט אים אַליין פון דעם —
וועט ער בשתיקה אָנווייזן — ס'איז חיים.

# די גריל און די מוראַשקע

ס׳האָט די שפּרינגערין די גריל
אָפּגעזונגען גאָר דעם זומער,
ביז דער ווינטער פול מיט קומער
האָט זיך אָנגערוקט גאַנץ שטיל;
זיינען טעג געוואָרן טריבער,
און די צייט איז שוין אַריבער,
ווען זי האָט ביי יעדן בלאַט
גרייט אַ דאַך און קעסט געהאַט...
ס׳האָט דער ווינטער אָנגעטראָגן
קעלט און נויט און הונגער שווער...
זינגט שוין אונדזער גריל ניט מער, —
און עס קען דען זינגען ווער
אויף אַ הונגעריקן מאָגן?
איז צו דער מוראַשקע שטיל
פּויזעט נעבעך אונדזער גריל:
— „ניט פאַרלאָז מיך, שכנה ליבע,
אין די ווינטער־טעג די טריבע,
און ניט מער ביז פרילינג בלויז —
טו אַ טובה — העלף מיר אויס״...
— „זאָג נאָר, — כ׳האָב דיך שלעכט באַנומען,
צי געאַרבעט האָסטו זומער?״
פרעגט איר די מוראַשקע בייז.
— „ווער האָט דען געקאָנט גאָר קלערן
פון דעם ווינטער פון דעם שווערן!
ווען אין גרינע גראָזן דאָ
פלעגט מען זינגען יעדע שעה,
זינגען ביז פאַרטויבט צו ווערן״.
— „וואָס?״ — „דער זומער אין זיין גלאַנץ
איז אַוועק מיר אין געזאַנגען״...
— „האָסטו געזונגען? גאָט צו דאַנקען...
איצט, זיי מוחל, גיי אַ טאַנץ״.

## צוויי פעסער

צוויי פעסער האָבן זיך געקייקלט אויף דער גאַס:
אַ פאַס מיט וויין אַ פולע, און אַ פּוסטע פאַס;
די ערשטע האָט זיך אָן געררויש געגליטשט פאַמעלעך,
די צווייטע אָבער זיך געיאָגט האָט גאָר געפּערלעך,
מיט טומל און מיט בראַזגעריי!
און אויפהייבנדיק זיילן שטויב דערבײַ,
אויף שטיינער מיט אַ רודעריי
זיך אָנגעשלאָגן,
און ס׳האָבן דורכגייער נאָך פון דער ווייט
וואָס שנעלער אין דער זייט
פון איר זיך אָפּגעטראָגן...
כאָטש נוץ אין איר איז — מיט איר גאַנצן טאַראַראַם —
פיל ווייניקער ווי אין דער ערשטער פאַס פאַראַן.

---

אויך דער, וואָס וועגן זיך נאָר טומלט נאָכאַנאַנד,
האָט, מן־הסתם, ניט פיל מיט וואָס זיך אויסצואווייזן;
דער אויפטוער רעדט גאָר ניט פיל,
און פאַר דעם גרויסן מענטשן רעדן זיינע מעשים, —
זיין הויכן רעיון טראָגט ער אין דער שטיל.

# דער לייב אויף דער עלטער

דער לייב, דער מעכטיקער, דער פּחד פון די וועלדער,
האָט זיינע כּוחות אָנגעוואָרן צו דער עלטער:
ניטאָ די שטאַרקע נעגל מער,
ניטאָ די שאַרפע ציין, וואָס פלעגן ביז אַהער
אויף שונאים אָנוואַרפן אַן אימה,
און אים אַליין — קוים טראָגן נאָר די שוואַכע פיס...
דאָס ערגסטע אָבער איז,
וואָס ער איז שוין ניט שרעקלעך מער פאַר קיינעם, —
ער ווערט באַליידיקט נאָכאַנאַנד, און יעדער איינער,
וואָס האָט אויף אים פון לאַנג נאָך אַ פאַרדראָס
פאַר עפּעס־וואָס,
איז איצט אין אים זיך נוקם פאַר די אַלע יאָרן:
דער פערד — אַ שטויס מיט שטאַרקע פיס,
דער וואָלף — מיט די געזונטע ציין אַ ביס,
דער אָקס — אַ בוצק מיטן פאַרשפּיצטן האָרן...
עס שטייט נעבעך, דער לייב, זיך אַלע אַלע צרות אויס,
און ליידט מיט אַ פאַרקלעמטן האַרץ... ער וואַרט נאָר בלויז
דער סוף זאָל קומען,
און ווייזט זיין צאָרן נאָר אַרויס פון צייט־צו־צייט
מיט אַ פאַרשטיקטן ברומען.
ערשט מיטאַמאָל — ער זעט, דער אייזל פון דער זייט
האָט, דרייסט אַזוי און שטאָלץ, זיך אויך צו אים פאַרנומען,
און מעסט זיך אים אַ בריק צו טאָן, —
און צילט זיך אַלץ און זוכט וואָס מערער ווי צו טאָן,
און וואו אַ זעץ אַ שטאַרקערן צו געבן...
„אָ, גאָט! — האָט זיך דער לייב צעברומט — דערבאַרעם זיך,
און שיק דעם טויט מיר צו אויף גיך,
איך זאָל שוין אַזאַ חרפּה ניט דערלעבן!
ווי שלעכט עס זאָל מיין ניט זיין,
אַלץ בעסער שוין ווי פון אַ חמור צו באַליידיקט זיין".

# דער קוואַרטעט

די שטיפֿערין די מאַלפּע,
דער באָק,
דער אייזל און דער בער — די קרומע לאַפּע,
באַשלאָסן האָבן אין אַ שיינעם טאָג
צו שפּילן אַ קוואַרטעט פֿאַר אַלע שכנים.
זיי האָבן דאָרט געקראָגן באַלד
צוויי פֿידלען, נאָטן, מיט אַ באַס און אַלט,
און זיך אַוועקגעזעצט אינאיינעם
ביים וועלדל אויפֿן פֿעלד,
באַצויבערן מיט זייער קונסט די וועלט.
אַ נעם געטאָן זיך צו די כּלים אַזוי פֿלייסיק, —
אַ גרילצעריי,
אַ ריפּעריי,
נאָר ס׳גייט ניט — כאַטש צעריים זיך!
— „וואַרט אוים! —
איז דאָ די מאַלפּע מיט אַ גוואַלד אַרוים, —
ווי גייט דאָס דאָ ביי אייך דאָס שפּילן?
איר זיצט דאָך גאָרניט ווי מען דאַרף אפֿילו?
דו מיטן באַס, ר׳ בער,
קום זעץ זיך, קאָרשט אַהער,
און איך, די ערשטע פֿידל,
וועל זיצן קעגן צווייטער פֿידל דאָ,
וועט, אין אַ גוטער שעה,
ביי אונדז אַוועק שוין גאָר אַן אַנדער לידל,
מיט גאָר אַן אַנדער גלאַנץ, —
אַז באַרג און טאָל וועלן אַרוים ביי אונדז צום טאַנץ!
זיי האָבן זיך צעזעצט און ווידער אָנגעפאַנגען,
נאָר דער קאָנצערט איז אַלץ נאָך עפּעס ניט געגאַנגען...
— „ציט-אויף! איך האָב דעם גאַנצן סוד שוין דאָ דערגאַנגען! —
האָט זיך דער אייזל אויפֿגעהויבן מיט געשריי, —
מיר וועלן זיכער שוין דעם רעכטן שניט באַקומען,
ווען מיר צעזעצן זיך דאָ אַלע אין אַ ריי!”
מען האָט דעם אייזלס עצה אויפֿגענומען,
און אין אַ שורה אויסגעזעצט זיך אויפֿן גראָז.
נאָר דאָס האָט אויך געהאָלפֿן ווייניק-וואָס...
און דאָ גענומען האָבן זיי זיך אַלע היצן,

און קריגן זיך
און קליגן זיך —
ווי, ווער און ווי אַזוי זאָל מען דאָרט זיצן...
דערווייל איז דאָרטן לעבן זיי,
אינמיטן טומל און געשריי,
אַ נאַכטיגאַל פאַרבייגעפלויגן;
און אַלע האָבן זיי געווענדט צו אים די אויגן
מיט אַ געבעט:
— „העלף־אויס, און ברענג אַ סדר אונדז אין דעם קוואַרטעט,
און זאָל געראָטן...
מיר האָבן, זעסטו, כלים און מיר האָבן נאָטן —
דו זאָג אונדז בלויז
ווי זעצן מיר זיך אויס״...
— „אַ מוזיקער צו זיין באַדאַרף מען קענען
און האָבן איידעלערע אויערן פון אייך, —
האָט זיי דער נאַכטיגאַל געענטפערט גלייך, —
און איר, רבותי, זאָלט פאַר אומגוט נאָר ניט נעמען, —
איר קענט זיך דאָ צעזעצן ווי עס פאַלט אייך איין,
קיין מוזיקער וועט איר אַלצאיינס ניט זיין.״

---

אַ צער איז נעבעך אויף אַזוינע עם־הארצים...
ס׳איז טאַקע דאָך צום פּלאַצן!
זיי האָבן, דוכט זיך, אַלץ, און זיינען גרייט דורכאויס
צו נעמען זיך מיט אַלע מיטלען...
זיי האָבן נאָטן, ווי מען דאַרף, און פידלען —
נאָר ס׳פידלט ניט ביי זיי... אינגאַנצן בלויז,
ווייל נאָר דאָס ביסעלע טאַלאַנט פעלט־אויס.

# די פליג און די בין

אין סאַד, אום פרילינג, אין אַ ווינטעלע אַ לייכטן,
איז אויף אַ דינעם שטענגעלע אַ פייכטן,
זיך וויגנדיק,
אַ פליג
געזעסן;
און זעענדיק אַ בין פון ווייטן אויף אַ קווייט,
האָט זי דאָרט מיט דער בין פאַרפירט אַ רייד:
„— איך ווייס גאָר ניט, ווי ווערט דיר ניט דערעסן
אַזוי אַרומצושמייען גאַנצע טעג...
ס'איז פשוט דאָך אַ שרעק!
אָט איך, למשל, פיר שוין גאָר אַן אַנדער לעבן!
ווייל שטענדיק, ווי דו ווייסט און ווי דו זעסט,
פלי איך אַרום אויף שמחות און צו געסט;
און אַן באַרימערייַ קען איך מיין וואָרט דיר געבן,
אַז אין אַלע הייזער פון די רייכע לייט,
און וואָלסטו זען, ווי איך פאַרברענג דאָרט גוט די צייט!
אַ חתונה, אַ מאָלצייט, אַ קבלת פּנים —
בין איך דאָרט פון די ערשטע מחותנים!
איך עס און טרינק פון זילבער און פון פּאָרצעלייַ,
און פריער נאָך פון יעדן איינעם
פאַרזוך איך יעדע פיינע נאַשערייַ...
דערצו, ווי אַ פאַרערער פון דעם מין דעם שיינעם,
רו איך זיך אָפּ
ביי שיינע דאַמען אויפן שוים צי אויפן קאָפּ..."
„— איך ווייס דאָס אַלץ — באַמערקט האָט איר די בין פון ווייטן —
דאָך קומט מיר אויס צו הערן אָפט פון לייטן
אַז דו ביסט גאָר ניט אַזוי חשוב אומעטום...
אַז אויף אַ מאָלצייט קוקט מען אויף דיר קרום,
און אַז מען טרייבט דיך גאָר פון הויז אַרויס באַצייטנס..."
„— און אַז מען טרייבט, איז וואָס? — געענטפערט האָט די פליג —
אַרויס פון פענצטער, און דורך טיר אַריין צוריק!"

# די מאַלפּע און די ברילן

אַ מאַלפּע צו די אַלטע יאָרן
איז אויף די אויגן שוואַך געוואָרן;
זי האָט אָבער געהערט פון מענטשן, אַז די צרה
איז נאָך דורכאַוים
ניט אַזוי גרוים,
ניט מער — מען דאַרף מיט ברילן זיך פאַרזאָרגן.
האָט זי אַ זעקס פּאָר ברילן באַלד געקראָגן,
גענומען דרייען זיי אַהין־אַהער: אַ שמעק,
אַ לעק,
צום קאָפּ זיי צוגעדריקט, זיי צוגעשטעקט צום עק —
און גאָרניט!
די ברילן ווירקן ניט, אַ האָר ניט...
„— אין דר'ערד אריין! — האָט זי געטאָן אַ שפּיי, —
אַ נאַר איז אויך שוין דער, וואָס הערט זיך צו אַפילו
צו מענטשנס פּלוידעריי!
מען האָט מיר וועגן ברילן
נאָר ליגנס אָנגעברייעט אַלץ און נאַרעריי, —
און טויגן טוען זיי דאָך גאָר אַ האָר ניט טויגן!"
דאָ האָט די מאַלפּע, פון פאַרדרום אַליין,
אַזוי אַ קנאַק געטאָן די ברילן אויף אַ שטיין,
אַז שפּריצלעך האָבן זיך נאָר פינקלענדיק צעפלויגן.

---

ביי דעם עם־הארץ ווערט גאָר פּשוט אַלץ דערקלערט:
די זאַך וואָס ער פאַרשטייט ניט — טויג אין דר'ערד.

# דער אייזל

ביים פויער איז געווען אַן אייזל, וואָס פלעגט אַזוי פיין
און, דוכט זיך, אַזוי ערלעך אָנשטענדיק זיך פירן,
אַז ס'פלעגט דער פויער מיט אים שטאַרק שטאָלצירן.
און וועלנדיק אינגאַנצן זיכער זיין
דער אייזל זאָל ניט אָפּבלאָנדזשען אין וואַלד אַריין,
האָט ער אים אויפן האַלדז אַ גלעקל אָנגעהאַנגען.
און דאָ, — ווי ס'טרעפט ניט נאָר מיט אייזלען בלויז, —
האָט זיך דער אייזל בלאָזן אָנגעפאַנגען,
און מיינען, אַז ער איז גאָט ווייס ווי גרויס —
אַן ערן־צייכן אַזאַ קענטיקן געקראָגן!
נאָר ס'איז דער כבוד אים מיט קרענקעניש אַרויס...
ווייל וועגן אייזל מוז מען דאָ נאָך פריער זאָגן,
אַז צופיל יושר האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט...
נאָר ביזן גלעקל פלעגט אים אַלץ אַראָפּגיין גלאַט,
און פלעגט ער זיך פאַרקלייבן אויף אַ פעלד מיט האָבער,
צי אין אַ גאָרטן ערגעץ־וואו אַריין,
פלעגט ער זיך אָנשטאָפּן דאָרט ווי ס'באַדאַרף צו זיין,
און נאָכדעם אין דער שטיל זיך אָפּטראָגן פון דאָרטן...
נאָר מיטן גלעקל אָבער
האָט זיך דער וואוילטאָג שוין פאַר אים געפעלט:
און פלעגט ער זיך נאָר לאָזן צו אַ פרעמדן פעלד,
פלעגט מען דעם שררה גלייך דערהערן שוין פון וויטן,
נאָך אונטערהאַקן אָפּט מיט פלעקענער די זייטן...
און ווי עס טרעפט אויף שריט און טריט
מיט מענטשן פון געווייסן שניט,
אויך אין די איצטערדיקע צייטן —.
האָט זיין באַרימטקייט אים גאָר אומגליקלעך געמאַכט.

# די אינד

א יונגע אינד, וואָס האָט איר קינד פאַרלאָרן,
האָט אויסגעזוכט צווי קליינע וועלפעלעך אין וואלד,
און האָט זיי מיט איר ברוסט גענומען שפּייזן באַלד.
אַ מאָן אַ פּרוש, וועלכער האָט זינט יאָרן
אין יענעם וואלד געוואוינט,
איז פון דער אינדס באַנעמונג שטאַרק געווען דערשטוינט:
„אוי ווי! דו ביזט, ווייזט אויס, אַראָפּ פון זינען!
דו מיינסט, אַז דו וועסט דאַנקבאַרקייט ביי וועלף געפינען?
דו קענסט גאָר זייער רשעות ניט פאַרשטיין —
זיי וועלן אפשר נאָך אַמאָל אַליין
דיין בלוט פאַרגיסן!"...
„— קען זיין, — געענטפערט האָט די אינד —
נאָר כ'וויל פון דעם ניט וויסן,
אַ מאַמע בין איך נאָר אַצינד!
און ס'איז פאַר מיר דער ציל פון אַלע צילן
דעם הונגער פון אַ קינד צו שטילן."

---

דער אמת-גוטער רעכנט זיך ניט אויס
וואָס פון זיין גוטסקייט קען אַרויס;
און ס'פאַלט צו לאַסט אים זיין פאַרמעגן,
ווען ער קען גאָרניט אויפטאָן פאַרן צווייטנס וועגן.

# דער גוטער פוקס

אַ יעגער האָט אין וואַלד אַ פייגעלע דערשאָסן;
וואָלט זיך דער אומגליק כאָטש מיט דעם שוין אויסגעלאָזן,
איז אָבער ניין... עס מוזן אומקומען דערביי
נאָך דריי:
דריי עופעלעך געבליבן זיינען דאָרט פאַריתומט,
אָן כוחות, אָן פאַרשטאַנד, ערשט פון איי...
זיי טוליען נעבעך זיך אין קאַלטן נעסט צוזאַמען,
און פישטשען, רופן הונגעריקערהייט די מאַמע.
„אוי, וועמען טוט דאָס האַרץ ניט וויי,
און ווער קען צוזען אַ יתומס ליידן? —
האָט צו די וואַלד־פייגל דער פוקס גענומען רעדן,
פאַרטרויערט זיצנדיק אַנטקעגן אויף אַ שטיין. —
פאַרלאָזט ניט, טייערע, די קינדערלעך אַליין
אין זייער צער דערשלאָגן!
צו קערנדלעך וואָלט איר זיי נאָר געבראַכט צו טראָגן,
אַ פעדערל, אַ שטרוי, —
ווייל נאָר אַזוי
וועט מען זיי קענען אויפהאַלטן ביים לעבן...
און קען פון דעם נאָך עפּעס העכערס געבן?
אָט זע, קוקאַווע־לעבן,
איצט, פרילינג, בייטן זיך דאָך סיי־ווי־סיי
די פעדערן דיר פון דאָס ניי, —
איז וואָס וואָלסטו שוין אָנווערן דערביי,
ווען דו וואָלסט זיך געלאָזן
מען זאָל דיך איצטער אין אַ גוטער שעה
אַ ביסעלע אַ פליק טאָן דאָ?
אָנשטאָט דער ווינט זאָל דיינע פעדערלעך צעבלאָזן,
וואָלט מען פון זיי דאָך פאַר די קינדערלעך געמאַכט
אַ ווייכינק בעטעלע — אַ פּראַכט!
דו, לערכעלע, אָנשטאָט צו שוועבן אין די רוימען,
און סתם אין לופטן פלאַטערן ביז אין דער נאַכט,
וואָלטסטו בעסער געהאַט אין זינען די יתומים,
און ווען אַ קערנדל, אַ ווערעמל געבראַכט
מיט וואָס זיי צו דערקוויקן;
דו, טירקלטויב, מיין קרוין,
די קינדער דיינע זיינען צוגעוואַקסן שוין,

זיי קענען שוין אליין דאָס עסן פאַר זיך קריגן,
וואָלטסטו צו די יתומימלעך אין נעסט אַריין,
און וואָלטסט די מוטער מיט דיין גוטסקייט זיי פאַרביטן!
און ד י י נ ע קינדער? גאָט, דער האר, וועט זיי שוין היטן.
דו, שוואַלב, אַנשטאָט אַרומצושמייען פראַנק און פריי,
וואָלטסט כאַפּן פליגן,
פאַר די יתומימלעך אַ נאַשעריי...
און דו, מיין ליבער נאַכטיגאַל, וואָלטסטו זיי פאַרוויגן
מיט דיינע זיסע לידעלעך צום שלאָף.
איך גלויב און האָף,
אַז אונדזער האַרציקייט וועט זיי דעם ווייטאָג שטילן,
און זיי וועלן דעם שווערן אָנווער מער ניט פילן.
הערט אוים! מיר דאַרפן ווייזן איצט דער וועלט,
אַז גוטע הערצער האָבן מיר אין וואַלד און פעלד,
און קיינער זאָל ניט זאָגן..."
נאָר דאָ, ניט קענענדיק דעם הונגער מער פאַרטראָגן,
אַראָפּגעפאַלן זיינען מיט אַ פּישטשעריי
פון בוים אַראָפּ די עופעלעך די דריי...
און וואָס דער פוקס? ער האָט זיי תיכּף איינגעשלונגען,
און האָט די דרשה נאָך אַפילו ניט דערזונגען.

---

נאָר וואונדערן זיך דאַרף מען ניט אויף דעם צופיל:
ווער ס'איז באמת גוט, וועט גאָר ניט רעדן פיל
און אין אַ נויט — גאָר פּראָסט אַרויסהעלפן דעם צווייטן,
נאָר דער וואָס הערט פון גוטסקייט גאָר ניט אויף צו רעדן
און שטעלט אַליין קיין זאַך ניט איין,
וועט נאָר אַ גוטער בלויז אויף יענעמס חשבון זיין,
און אָפט מאָל כאַפּט ער נאָך דערביי עפּעס אַריין...
אַזאַ בעל־יושר איז מיט אונדזער פוקס דעם גוטן
אַ נאָענטער מחותן.

# דער שררה

אַ שררה איז פֿון זיין פֿאַרפּוצטן בעט
אין ווייטן וועג אַוועקגעגאַנגען,
געשטאָרבן, הייסט דאָס, פּשוטער גערעדט.
אויף יענער וועלט האָט מען אים גלייך עמפּפאַנגען,
און, ווי דער שטייגער איז, צום משפּט אים געשטעלט:
— „אין וועלכן לאַנד ביזטו געווען געבוירן,
און וואָס געוועזן איז דיין אַרבעט אויף דער וועלט?"
— „איך קום פֿון פּערסיע, און האָב די אַלע יאָרן
אויף אַ פּראָווינץ אַ גרויסער דאָרט רעגירט;
נאָר ווייל איך בין ביים לעבן ניט געווען קיין גיבור,
האָב איך דעריבער
אַליין דאָרט די רעגירונג ניט געפֿירט,
נאָר מיין געהילף פֿלעגט די ממשלה פֿאַר מיר פֿירן."
— „און דו? און וואָס געטאָן האָסט דו?"
— „געשלאָפֿן פֿיל, געגעסן און געלעבט אין רו;
בלויז אונטערשרייבן פֿלעג איך די פּאַפּירן,
וואָס מיר דערלאַנגען פֿלעגט דער סעקרעטאַר."
— „שנעל אין גן־עדן פֿירט אַריין דעם האַר", —
האָט אַ באַפֿעל זיך באַלד דערהערט פֿון אויבן.
— „און וואו איז יושר? אים — גן־עדן גאָר! פֿאַרוואָס?"
האָט דאָרט דער בייזער מלאך מיט פֿאַרדראָס
זיין שטימע אויפֿגעהויבן.
— „דו ווייסט גאָר, ברודערקע, ניט וואָס און ווען, —
געענטפֿערט האָט אַ צווייטער מלאך דעם קטגור, —
דו זעסט ניט אַז דער נפֿטר איז אַ נאַר געווען?
היינט שטעל זיך פֿאָר, וואָס וואָלט געווען, אַ שטייגער,
ווען ער אַליין, מיט זיין פֿאַרשטאַנד,
וואָלט נעמען די ממשלה אין זיין האַנט!...
ער וואָלט דאָך אומגליקלעך געמאַכט דאָס גאַנצע לאַנד!
גן־עדן דאַרף ער שוין דערפֿאַר באַקומען,
ווייל ער אַליין האָט זיך צו קיין זאַך ניט גענומען."

---

ערשט נעכטן בין איך אין געריכט געווען,
און האָב דעם ריכטער דאָרט געזען —
איז וואָס זאָל מען דאָ ריידן?
ער וועט שוין זיין, גאַנץ זיכער, אין גן־עדן.

# דער פֿאַסטעך און דער מוק

א פאַסטעך האָט זיך איינמאָל אויף די הינט פאַרלאָזן
און איינגעשלאָפן אין די גראָזן;
האָט דאָס אַ שלאַנג דערזען,
און זיך, אַ גיפטיקע, צו אים געלאָזן.
דער פאַסטעך וואָלט שוין אַ פאַרפאַלענער געווען,
און וואָלט אַזוי אויף אייביק דאָרט געבליבן ליגן...
נאָר ס'האָט אַ מוק רחמנות גאָר אויף אים געקראָגן,
און האָט אים אַזוי גוט
א בים געטאָן ביז בלוט!
דער פאַסטעך האָט די אויגן דורכגעריסן,
דערזען די שלאַנג, און גלייך געמאַכט פון איר אַ סוף...
נאָר איידער ער האָט זיך נאָך צו דער שלאַנג דערקליבן,
האָט ער אַזוי דעם מוק אַ שמיר געטאָן פון שלאָף,
אז ס'איז פון אים קיין זכר, נעבעך, ניט געבליבן.

---

אַזוי־אַ איז דעם שוואַכן נאָר אַמאָל געַנוג
צו עפענען דעם שטאַרקנס אויגן אויף דעם אמת,
אַז, איידער וואָס און ווֹעמענס,
זאָל מיט דעם שוואַכן טרעפן דאָס וואָס מיט דעם מוק.

# דער פויער און די שעפס

א פויער (און א שוטה גראַד, ניט דאָ געדאַכט)
האָט אויף דער שעפס א קלאָגע אין געריכט געבראַכט,
אַז זי איז גאָר א גוואַלטיקן פאַרברעך באַגאַנגען.
דער פוקס, דער ריכטער, האָט קיין שהיות ניט געמאַכט
און באַלד דעם משפט אָנגעפאַנגען:
א שטעל געטאָן א פראַגע דעם צד, יענעם צד
און מיט א שטרענגן וואָרט געטאָן פון זיי פאַרלאַנגען,
זיי זאָלן קורץ און גלאַט,
אָן איבעריקע רייד, דערציילן אַקוראַט
וואָס צווישן זיי איז פאָרגעקומען.
דער פויער מיט זיין טענה איז צוערשט אַרויס:
„מיט אַן אַכט טאָג צוריק, ווען איך בין מיר פון הויז
באַגינען אויפן הויף אַרויסגעקומען,
האָב איך באַמערקט באַלד, אָך און ווי,
אַז ס׳פעלן מיר דאָרט הינער צוויי, —
כ׳האָב שפּעטער בלויז די פעדערלעך פון זיי געפונען...
און נאָר די שעפס איז אויפן הויף ביינאַכט געווען."
די שעפס, פאַרקערט, האָט גאָר געטענהט — וואָס און ווען!
אַז זי איז גאָר געשלאָפן
ווען מיט די עופות האָט די סיבה זיך געטראָפן...
אַז זי האָט זיי גאָר אין די אויגן ניט געזען!
און אדרבא — זאָל מען פרעגן שכנים,
זיי וועלן עדות זיין,
אַז זי האָט קיינמאָל נאָך ניט אָנגעטראָטן קיינעם,
און גלאַט — זי נעמט אין מויל קיין פליישיקס ניט אריין!
דער פוקס האָט דאָרט די זאַך אַזוי באַשיידן:
„מען טאָר דער שעפס ניט גלויבן, ווייל מען דאַרף פאַרשטיין,
אַז שווינדלער לייקענען דאָך שטענדיק שטיין און ביין,
און האָבן גלאַטע צינגעלעך צום ריידן...

מען האָט וועגן דער שעפּס דאָ קלאָר אַרויסגעבראַכט,
אַז זי איז ניט אַראָפּ פון הויף אין יענער נאַכט,
בין איך משער נאָך מיין אייגענעם געוויסן,
און די געלעגנהייט האָט זיך דאָך אויך געמאַכט,
און הינער, ווייסן מיר, איז אַ געשמאַקער ביסן,
אַז ס׳קען גאָר אויף דער וועלט ניט זיין,
די שעפּס זאָל אַזוי איינגעהאַלטן זיין
און פון די עופות ניט געניסן!
דערפאַר באַשלים איך, לויט מיין פליכט,
מען זאָל די שעפּס דאָ קוילענען אָן שום באַדויער,
דאָס פלייש זאָל גיין צו דעם געריכט,
און מיט איר פעל זאָל מען פאַרגיטיקן דעם פויער.״

# מייז

— „אַ צרה, שוועסטערקע, אַן אומגליק איז געשען! —
האָט אויף אַ שיף אין ים אַ מויז דערציילט דער צווייטער, —
כ'האָב ערשט אַ לעבערונג אין אונדזער שיף דערזען,
און וואָסער קומט אַריין אַהינטער לייטער!
עס זעצט,
אַז פּשוט ווער פאַרשוואומען!
ס'איז מיר דאָס וואָסער ביזן האַלדז געקומען...
(כאָטש אייגנטלעך האָט זי אַ לאַפּקע נאָר פאַרנעצט.)
וואָס דען? ס'איז דאָך קיין חידוש ניט — אין תוך גענומען!
אַז שטענדיק שיכור איז דער קאַפּיטאַן,
און צווישן די מאַטראָזן
איז איינער אויך קיין רעכטער ניט פאַראַן,
ניטאָ קיין אָרדענונג, די שיף איז אָפּגעלאָזן...
כ'האָב אויבן ערשט פאַר אַלעמען אַ גוואַלד געמאַכט,
אַז אונדזער שיף גייט-אונטער, אָרט דאָס גאָר ניט קיינעם, —
מען גלויבט ניט, פּונקט ווי כ'וואָלט אַ ליגן אויסגעטראַכט!
און זאָג איך דיר, ס'איז קלאָר פאַר יעדן איינעם,
גענוג אין שיף-קעלער אַריינצוקומען בלויז,
אַז נאָך אַ צוויי-דריי שעה און מיט דער שיף איז אויס...
נו, דאַרפן מיר דאָס אומקומען מיט זיי אינאיינעם?
קום, שוועסטערקע, כל-זמן ס'איז דאָ נאָך צייט,
לאָמיר אַוועק פון שיף, קען זיין, איז לאַנד ניט ווייט"...
און בײדע זיינען זיי פון שיף אַראָפּגעשפּרונגען,
און האָבן זיך אין טיפן ים דערטרונקען;
און אונדזער שיף, געפירט פון אַ געניטער האַנט,
בשלום אָנגעקומען איז צו לאַנד.

---

און וואָס איז, פרעגט איר, מיט דעם קאַפּיטאַן דעם שיכור,
מיט די מאַטראָזן... און דער עיקר —
וואָס איז אַזוינס דאָרט אויף דער שיף געשען?
וועל איך אייך זאָגן:
דאָס קליינע שפּעלטל, וואָס ס'איז דאָרט געווען,
האָט מען דאָרט באַלד דערזען,
און די מינוט פאַרשלאָגן.
נו, און דאָס איבעריקע איז דורכאויס
רכילות בלויז.

## די קראָ און די פּאַוועס

אַ קראָ האָט מיט אַ פּאַוועס פּעדערן איר עק
אַרומגעשטעקט
און מיט די פּאַוועס גאַווהדיק אַוועק שפּאַצירן.
געמיינט האָט זי,
אַז אירע פריינט און קרובים וועלן גוואַלדיק־ווי
מיט איר שטאָלצירן, —
אַ קלייניקייט! אַ פּאַווע שיין און רייך
מיט אַלע פּאַוועס גלייך...
נאָר ס'האָט דאָ עפּעס אַנדערש גאָר געטראָפן —
די פּאַוועס האָבן זי אַרומגעפּליקט דורכאויס!
ניט נאָר די פּעדערן די פרעמדע בלויז...
נאָר ווען זי איז פון זיי מיט צרות קוים אַנטלאָפן,
האָט זי שוין אויך די אייגענע כמעט
ווי ניט געהאַט...
איז זי צו אירע קרובים שוין געוועזן צוריק געקומען,
נאָר זיי האָבן שוין ניט דערקענט די אויסגעצופּטע קראָ,
און מיט אַ פּיקערײַ זי ווידער אויפגענומען.
און וואָס, מיינט איר, איז פּאָרט אַרויסגעקומען דאָ?
זי האָט זיך פון די קראָען אָפּגעשלאָגן,
און צו די פּאַוועס ניט דערשלאָגן.

# די קאַץ און דער קעכער

א וווּיל־קענער אַ קעכער איז פון קיך אַרויס,
און זיך אַריינגעכאַפּט אין שענק אַנטקעגן הויז.
(ער האָט געהאַט אַ יאָרצייטל נאָך אַ מחותן,
און האָט געוואָלט דערמאָנען אים צום־גוטן...)
צו היטן דאָרט אין קיך די עסנשפּייז
פון מייז,
האָט ער די קאַץ אַריינגענומען.
נאָר וואָס, אַז אַך און ווי, האָט ער אין קיך געפונען,
ווען ער איז שפּעטער־צו פון שענק צוריקגעקומען?
אויף דר׳ערד צעוואָרפן דאָ און דאָרט
די ברעקלעך פון אַ טאָרט,
און זי, די קאַץ, אַהינטער עסיק־פאַס אין ווינקל,
איז שטאַרק פאַרטאָן אין אַ געבראָטן הינדל...
„— דו גזלנטע! — האָט ער אַ בראָך געטאָן די הענט, —
ווי האָסטו ניט קיין בושה פאַר די ווענט,
איך רייד שוין ניט — פאַר מענטשן!
(די קאַץ דערווײַלע פּאַקט דעם עוף אַריין...)
וואָס הייסט: געווען ביז איצטער אַנשטענדיק און פיין,
אַז אַלע פלעגן דאָך מיט דיר זיך בענטשן!
און דו? אוי־ווי, וואָס פאַר אַ שאַנד!
איצט וועלן אַלע זאָגן — לייט און לאַנד,
ביזט, קעצעלע, ניט ערלעך,
ביזט, קעצעלע, אַ גנבטע, און ניט וואָס אין אַ קיך,
נאָר, ווי אַ וואָלף אין שעפּסן־שטאַל, אַזוי געפערלעך
איז פּשוט דיך
אַפילו אויף אַ הויף אַרויסצולאָזן!
דו ביזט פאַר אַלעמען אַ צרה און אַ פּעסט!...״
(די קאַץ דערווײַלע הערט זיך צו — און עסט.)

און דאָ האָט דער בעל־דברן זיך נאָך ערשט צעגאָסן
מיט שטראָף־רייד אַן אַ סוף און אַן אַ מאָס...
און וואָס?
ווען ער האָט אויסגעלייענט פאַר דער קאַץ דעם צעטל
פון מוסר און פון האַרבע רייד,
האָט זי דערווייל ניט איילנדיקערהייט
דאָרט אויפגעגעסן דאָס געבראָטנס ביז אַ ברעקל.

---

געוויסע קעכער וואָלטן, דענק איך, אויף דער וואַנט
באַדאַרפט פאַרשרייבן:
ניט רעדן פיל און קיין קאַטאַוועסן ניט טרייבן,
וווּ עס פאָדערט זיך אַ שטאַרקע האַנט.

# די קאַץ און דער נאַכטיגאַל

א קאַץ האָט וואו אין וואַלד
א נאַכטיגאַל געפאַנגען,
און האַלטנדיק אים אין די נעגל, האָט זי
מיט אים אַ שמועס אָנגעפאַנגען:
„מען לויבט מיר, טייערינקער, גוואַלדיק דיין געזאַנג!
דער פוקס אַליין האָט מיר דערציילט ניט לאַנג,
אַז ס'איז גאָר זעלטן אַזאַ זינגער צו געפינען,
און אַז פון דיינע זיסע טרילן, זילבער־ריין
פאַרלירן פאַסטעכער און פאַסטעכינס דעם זינען.
וואָלט איך אַליין,
און טאַקע זייער גערן,
געוואָלט דיין זינגען הערן!
ניט צאַפּל זיך, ניט ציטער, פויגעלע דו מיין,
איך וועל דיר גאָרנישט טאָן, מעגסט רואיק זיין!...
דו זינג נאָר אויס פאַר מיר אַ זמרל אַ פיין,
לאָז איך דיך פריי צוריק אין דיינע וועלדער
און פעלדער.
איך האָב נגינה ליב ניט ווייניקער פון דיר!
און אָפטמאָל טרעפט מיט מיר,
אַז מורטשענדיק וואָס פאַר זיך, מאַך איך צו די אויגן..."
דערווייל, אין די נעגל דאָרט ביי איר,
האָט אונדזער נאַכטיגאַל דעם אָטעם קוים געצויגן...
„נו, זינג! — געפאָדערט האָט די קאַץ, — זינג עפּעס אויס!"
נאָר אונדזער זינגער, נעבעך, האָט דאָרט בלויז
געפּישטשעט — ניט געזונגען...
„און אָט מיט דעם האָט דיר געלונגען —
געפרעגט האָט אים די קאַץ מיט שפּאָט —
די הערצער אַלעמענס צו פאַנגען?
און דאָס זיינען די זיסע קלאַנגען

פון וועלכע אַלע רעדן דאָ אויף יעדן טראַט?
אַזאַ מין פּישטשערײַ, מוז איך דיר זאָגן,
קאָן איך פון מײַנע קעצעלעך אַליין
אַפילו ניט פאַרטראָגן...
אַ זינגער, ווי איך קאָן פאַרשטיין,
ביזטו, מײַן טײַערינקער, גאָר אַ קליינער,
נאָר לאָמיך זען, צי טויגסטו פאַר די צײַנער"...
און האָט פון אונדזער זינגער דאָ אַ סוף געמאַכט.

---

און זאָגן אײַך אינגאַנצן אָפן וואָס איך טראַכט?
ס'איז אָך און ווי צום נאַכטיגאַלס געזאַנגען,
ווען ער איז אין די נעגל בײַ דער קאַץ געפאַנגען.

# דער שטיין

אַ שטיין אין פעלד
האָט שטאַרק געהאַט פּאַראיבל אויף דעם רעגן:
„ער רוישט און טומלט און רייסט־אויף די וועלט,
דאָך דאַנקט מען אים און מען שמייכלט אים אַנטקעגן!
און פרעג וואָס טוט ער אויף אינגאַנצן דאָ, —
אַז בסך־הכל דויערט ער נאָר צוויי־דריי שעה!
און זאָל מען, אדרבה, זיך אויף מיר דאָ פרעגן:
איך ליג מיר, וואו איך ליג שוין דורות לאַנג
אָן טומל, שטיל, באַשיידן, —
און כ׳קריג פון קיינעם ניט קיין דאַנק!...
און וואָס זאָל מען דאָ ריידן,
ס׳איז טאַקע אמת מן הסתם,
אַז אויף דער וועלט איז גאָר קיין יושר ניט פאַראַן...״
„— דו נאַר, דו איינער,
האָט אים אַ וואָרעם דאָרט אַ קליינער
פון ערגעץ־וואו דערקלערט, —
דער רעגן טרינקט דאָך אָן די ערד!
די תבואות וואָלטן דאָך אָן אים פאַרשרפעט ווערן!
ער לעבט דאָך אויף דאָס פעלד, דעם מענטשנס מי די שווערע,
אָפילו ווען ער דויערט נאָר
אַ צוויי־דריי שעה אינגאַנצן גאָר,
און דו, ר׳ שטיין, אַ שטילער טאַקע ביזטו,
נאָר פאַר דעם פעלד ביזטו אַ לאַסט נאָר אָן אומזיסטע.״

---

אַזוי האָלט איינער אין באַרימען זיך אַליין,
אַז אויף דעם זעלבן פּלאַץ שוין דינט ער אַ יאָר פערציק...
כאָטש זאָגן אָפנהערציק
ברענגט ער דאָרט נוצן וויפל יענער שטיין.

# דער רכילותניק

אומזיסט נאָר האַלט מען אַלץ אין ריידן,
אַז קיין גערעכטיקייט איז גאָר ניטאָ ביי שדים...
די זאַך איז אָבער ניט אַזוי,
ווייל אמת איז פאַראַן אַפילו צווישן זיי,
און ביי טייוואָלים אויך ווערט יושר אָפט געפונען.

---

אין גיהנום אויף אַ פּאַראַד,
וואָס איז מסתמא דאָרטן גלאַט
צוליב עפּעס אַ וויסטער חגא פאָרגעקומען,
איז ביי דער שלאַנג מיט דעם רכילותניק
אַרויס אַ קריג.
זיי האָבן ביידע זיך פאָראויס געריסן,
מיט טענות — ווער פון זיי איז פּאַסיקער דורכאויס,
און ווער איז בילכער אין פּאַראַד צו גיין פאָראויס.
נו, און אין גיהנום, באַדאַרפט איר וויסן,
קריגט אַלעמאָל די בכורה דער,
ווער ס׳האָט נאָר לייטן צרות אָנגעטאָן וואָס מער...
האָט אויף זיין בייזער צונג דער אָנריידער
מיט גדלות אָנגעוויזן,
און מיט איר גיפט און גאַל האָט זיך געגרויסט די שלאַנג,
געשיפּעט, אַז זי וועט די עוולה ניט פאַרטראָגן!
הכלל — זיי האָבן זיך געאַמפּערט לאַנג.
די שלאַנג האָט זיך געוועזט צום פאָרנט דורכגעשלאָגן,
נאָר דאָ האָט זיך דער האַר פון אונטערוועלט
אַליין פאַר דעם רכילות־טרייבער איינגעשטעלט,
און האָט זי אָפּגעשטעלט:
— „איך מוז, מיין ליבע שלאַנג, דיר זאָגן,
אַז כאָטש איך שעץ דיינע פאַרדינסטן גרייליך אָפּ,
דאָך גיב איך דעם רכילותניק דעם כיבוד אָפּ,
ווייל ס׳קומט אים על פּי יושר, אמתדיק און ערליך.
איך ווייס, מיין טייערע, אַז דו ביזט בייז און שלעכט,
דו בייסט אויף לינק און רעכט,
און קלייבסט ניט איבער — שולדיק צי גערעכט,
דיין גיפט איז טויטליך... אָבער דו ביזט נאָר געפערליך,

ווען דו ביזט נאַענט, ביי דער זייט;
נאָר קענסטו אָבער פון דער ווייט —
אַזוי ווי דער רכילותניק צו יעדער צייט
מיט זיין געפיילטער צונג דער בייזער, — סמען?
מען קען זיך דאָך פון אים ניט ראַטעווען, ניט צאַמען,
אים האַלט דאָך גאָר ניט אָפּ קיין זאַך —
ניט בערג, ניט ימען...
במילא איז ער שעדלעכער פון דיר א סך,
און פלינקער, פיפיקער אין זיינע גאַנגען.
ווען סטו אים נאָכפּויזען אַהינטער בלויז,
און טאַקע זיך ניט האַלטן אַזוי גרויס..."
פון דעמאָלט־אָן האָט מען אין גיהנום אָנגעפאַנגען
צו אָכטן מער רכילותניקעס איידער שלאַנגען.

# דער חזיר

א חזיר איז אמאל ארויף
צום פריץ אויפן הויף;
אריינגעשמעקט דארט אין די שטאלן און די קיכן,
ארומגעשלעפט זיך און צעריעט אלץ,
אין שמוץ זיך אויסגעוואלגערט ביזן האלדז
און האט פון געסט אהיים זיך אומגעקערט אין גיכן,
דער זעלבער דבר־אחר ווי געוועזן...
— „וואס האסטו דארט, ר׳ כראפ, אזוינס געזען ? —
האט אים דער פאסטעך אנגעהויבן פרעגן, —
מען זאגט דאך — פריצים האבן פערל, דימענטן א סך,
און אז אין הויז ביי זיי דארט יעדע זאך
איז ווערט גאר א פארמעגן!...״
— „ס׳א ליגן! — אפגעכרוקעט האט דער שווין אנטקעגן, —
מען פלוידערט דאס נאר אלץ אומזיסט!
ס׳איז אומעטום ביי זיי נאר מיסט און מיסט
און קיין עשירות האב איך דארטן ניט געטראפן, —
כאטש איך האב, דוכט זיך, שוין גענוג,
ניט זשאלעוועדיק גאר מיין שנוק,
דעם גאנצן הינטער־הויף צעגראבן״.

---

באהיט מיך גאט, כ׳זאל עמיצן פון אייך
באליידיקן מיט מיין פארגלייך!...
נאר ווי זאל איך, ביי איצטערדיקע צייטן,
אזא מין קריטיקער ניט האלטן פאר א שווייַן,
אז וואו ער קוקט נאר ווען אריין,
באמערקט ער נאר די שלעכטע זייטן.

# דער פוקס און די וויינטרויבן

א הונגעריקער פוקס איז אין א סאַד אַריין;
דאָרט זיינען הענגלעך ווייַנטרויבן געהאַנגען,
זיך רויטלענדיק אין שיין;
ביים פוקס איז גאָר דאָס חיות אויסגעגאַנגען!
א צרה אָבער: הויך! מען קען זיי ניט דערלאַנגען...
דאָס אויג נאָר זעט — און ס׳קומט אין מויל ניט אָן.
און דאָ די פולע הענגלעך גליען ווי רובינען!
וואָס זאָל מען טאָן?
דער פוקס, ניט קענענדיק קיין עצה זיך געפינען,
האָט זיך א לאַנגע צייט פאַרזאָרגטערהייט
אַרום די וויינשטאָקן אַרומגעדרייט,
און איז אַוועק, מיט גרוים באַדויער
באַמערקנדיק צו זיך אַליין:
„די טרויבן זיינען טאַקע אויפן אויסקוק שיין,
נאָר גרין און זויער —
און ווערן איילויק וועט פון זיי די ציין״.

# דער האָן און דער פּערל

אַ האָן האָט, גריבלענדיק זיך אין אַ קופּע מיסט,
אַ פּערל דאָרט אַ טייערן געפונען;
אַ פּיק, אַ בליק, און ווידער זיך גענומען —
אַ וואָרף, אַ קער אַהין־אַהער — אומזיסט!
עס טויג ניט פאַרן גומען...
האָט ער אין אומגעדולד, אויף גיך,
ווי ס'איז די טבע זיינע,
אָוועקגעשאַרט פון זיך
דאָס ווייסע ברעקעלע דאָס פיינע:
„אַ פּוסטע זאַך! עס גלאַנצט טאַקע גאַנץ פיין,
נאָר הלוואי וואָלט דאָס אַ גערשט שוין בעסער זיין!"

---

צוליב דעם אמת און וועגן האָן מוז מען דאָ זאָגן,
אַז פּערל איז, קיין פראַגע ניט, אַ שיינע זאַך!
נאָר פאַר אַ הונגעריקן מאָגן
איז גערשטן טאַקע וויכטיקער אַ סך.

# דער וואָלף און די קאַץ

אַ וואָלף פון וואַלד איז אין אַ דאָרף פאַרלאָפן;
ניט סתם צו גאַסט, נאָר פּראָסט גערזאָגט,
איז ער דאָס מיטן לעבן קוים אַנטלאָפן:
עס האָבן יעגער זיך נאָך אים געיאָגט,
און הינט — אַ גאַנצע סטאַדע!
אוודאי
וואָלט ער אַרויפגעלאָפן אויפן ערשטן הויף,
נאָר לויף!
אַז צוגעשלאָסן זיינען טיר און טויער.
דערזעענדיק אַ קאַץ אין דרויסן ביי אַ טיר,
האָט ער זיך מיט תחנונים גלייך געווענדט צו איר:
דו קעצעלע, מיין שאַץ, אוי זאָג נאָר מיר,
ווער איז אין דאָרף ביי אייך דער בעסטער פּויער,
וואָס זאָל נאָר אויף אַ ווײַלע מיך
אין הויף ביי זיך
פון מיינע בייזע שונאים מיך באַהאַלטן...
דו הערסט דאָס בילעריי פון הינט,
דעם טומל און די גוואַלדן?
דאָס יאָגט מען זיך נאָך מיר, אַז ווי איז מיר און ווינד!
— „לויף גיכער, גיב אַ בעט איוואַנען", —
געראָטן האָט די קאַץ, — „איוואַן
איז דאָ ביי אונדז דער פיינסטער מאַן".
— „איך ווייס... נאָר כ'האָב צעריסן גראָד ביי אים אַ לאַם".
— „איז לויף שוין צו סטעפּאַנען!"
— „אוי, ניין, איך ציטער זיך צו ווייזן פאַר זיין בליק,
איך האָב ביי אים אַוועקגעשלעפּט אַ ציג".
— „נו, אויב אַזוי, איז פּרואוו זיך, דאָרטן וואוינט האַווריל[ע]..."
— „אוי, ווײ, צו אים טאָר איך ניט צוטרעטן אפילו,
איך האָב אַ קאַלב דערשטיקט ביי אים."
— „איז שלעכט... נאָר אפשר וועט דיר אויסהעלפן יאָקים?"

— „ניין, ניין, ער טראָגט אויף מיר אַ צאָרן
איבער אַ שעפּסל נאָך פון פאַראיאָרן."
— „אַזוי גאָר? — האָט באַמערקט די קאַץ. — ווי איך זע איין
האָסטו דאָ אָנגעזאָלצן אַלעמען גאַנץ פיין,
היינט ווי אַזוי איז דיר אַרויף גאָר אויפן זינען
אַ הילף און אַ באַשיצונג דאָ'דערט צו געפינען?
די דאָרפסלייט זיינען ניט מטורף נאָך —
דיך אָפּצוראַטעווען אויף זייער בראָך,
פון דיר צו ליידן!
ניין-ניין,
באַשולדיק קיינעם ניט, נאָר זיך אַליין!
און ריכטיק זאָגן לייטן,
אַז וואָס מען זייט, דאָס וועט מען שניידן."

# דער וועווריק

אַ וועווריק האָט ביים לייב געדינט;
מיט וואָס און ווי —איז גאָרניט וויכטיק שוין אַצינד...
זיין אַרבעט אָבער איז דעם לייב געוועזן געפעלן;
האָט מען אים צוגעזאָגט דערפאַר אַ וואָגן ניס!
איר ווייסט דאָך ווי עס איז —
ס'איז ניט קיין קליייניקייט אַ לייב צופרידנשטעלן...
מען האָט אים צוגעזאָגט — ער האָפט,
די צייט דערווייַלע ווערט פאַרפלויגן
און אונדזער וועווריק, נעבעך, הונגערט צו גאַנץ אָפט,
נאָר פאַרן מלך שטייט ער העלדיש אויסגעצויגן,
און שמייכלט אים מיט טרערן אין די אויגן.
און דאָ אין וואַלד דערביי
פאַרברענגען די חברים זיינע פראַנק און פריי —
מען יאָגט זיך,
מען טראָגט זיך,
פון בוים אויף בוים איבערן גאַנצן וואַלד
אַ גוואַלד!
דער וועווריק, נעבעך, קוקט זיי אָן צעקלעמט, פאַרדריסלעך,
און יענע קנאַקן זיך און קנאַקן דאָרטן ניסלעך...
אים ווילט זיך אויך פאַרברענגען דאָרט מיט זיי —
נאָר ס'איז פאַר אים ניט מעגלעך אויף קיין אופן!
און לאָזט ער זיך אַמאָל צום וואַלד, איז איינס און צוויי —
ער מוז צוריק צום לייב שוין לויפן
און אָפטמאָל שלעפּט מען טאַקע אים צוריק מיט גוואַלד...
אַזוי־אַ איז דאָס וועווריקל געוואָרן אַלט,
און האָט דעם לייב דערעסן, —
האָט מען אים פון זיין דינסט באַפרייט;
און גאַנץ געווים
האָט מען דעם צוזאָג ניט פאַרגעסן,
און אים אַריינגעשיקט אַ פולן וואָגן ניס,
געקליבן נוס צו נוס באַזונדער,
אַזוינע גוטע — גאָר אַ וואונדער!
אי שווער, אי יאָדערדיק, אי זיס...
נאָר איין חסרון —
דאָס וועווריקל האָט שוין די ציינער לאַנג פאַרלאָרן.

## גענדז

מיט א פארשפיצטן דרענגל, מיט א לאנגן,
געטריבן האט א פויער גענדז אין שטאט אריין,
אין מארק פארקויפן; און ניט אויסגערעדט זאל זיין,
האט ער זיך מיט די גענדז ניט זייער פיין באגאנגען...
ער האט זיך שטארק
געאיילט צום מארק, —
און וואו עס הויבט נאר מיט פרנסה אן צו שמעקן,
איז ניט וואס גענדז אליין,
נאר מענטשן קענען אויך קיין האניק דארט ניט לעקן...
כ'באשולדיק ניט דעם פויער, נאר מען דארף פארשטיין,
די גענדז האבן געהאט פון דעם אן אנדער מיין...
און טרעפנדיק א דורכגייער אין וועג אנטקעגן,
גענומען האבן זיי
מיט קולות און געשריי
באקלאגן זיך פאר אים און טענהן:
„— וואס פאר אן אומגליקלעכע גענדז מיר זיינען!
א פראסטער פויער, אן פארשטאנד,
באהאנדלט אונדז ווי גענדז פון נידעריקן שטאנד!
ער האט גארניט, דער גראבער יונג, אין זינען,
און ס'פאלט אים גאר ניט איין צומאל,
אז אונדזער יחוס טוט זיך שפינען
פון יענע גענדז, וואס האבן דאך אמאל
די וועלט-שטאט רוים געראטעוועט פון א סכנה!
נאך עד היום איז דארט לכבוד זייער נאמען
א פייערטאג פון יאר צו יאר באשטימט..."
„— און איר? מיט וואס זייט איר אליין בארימט?"
האט זיי דער מאן גענומען פרעגן,
„— וואס הייסט! — צעגארגלט האבן זיי זיך אין א קול
דעם מאן אנטקעגן —

די ייִדעס אונדזערע האָבן רוים געראַטעוועט אַמאָל!"
„— איך ווייס, — האָט צוגעשטימט דער מאַן, — גאַנץ זיכער...
נאָר אייך פאַרוואָס קומט כּבֿוד, גיט מיר צו פאַרשטיין?"
„— אונדזערע ייִדעס"... — יע, איך ווייס דאָס פון די ביכער,
נאָר וואָס, איך בעט אייך, האָט איר אויפגעטאָן אַליין?"
„— מיר? גאָרנישט!" — „היינט, מיט וואָס זייט איר
אַזוי געראָטן?
די ייִדעס לאָזט צו רו אַצינד,
זיי האָבן זייער כּבֿוד ערלעך דאָרט פאַרדינט,
און איר? איר, טייערינקע — טויגט נאָר בלויז צום בראָטן."

---

מען וואָלט געקענט נאָך מער אַריינטייטשן דערבײַ,
נאָר אויפרייצן די גענדז איז ניט כּדאַי.

# דער חזיר אונטערן דעמב

א חזיר האָט אונטער אַן אַלטן דעמב
מיט חזיר־ניסלעך ביזן האַלדז זיך אָנגעפרעסן;
זיך אויסגעוואַלגערט דאָרטן נאָכן עסן,
און נאָכדעם חזיריש און טעמפּ,
אַרום דעם בוים די ערד גענומען ריען.
— „וואָס טוסטו דאָס?" — האָט אים אַ ראָב
פון בוים אַראָפּגעשריען —
„ניט גראָב!
וועסט אויפדעקן די וואָרצלען, וועט דער בוים פאַרדאַרן!"
— „נו, זאָל ער דאַרן" — אָפּגעענטפערט האָט דער שוויין —
„מיך הייבט גאָר פאַר דעם בוים ניט אָן צו אַרן,
איך זע גאָר קיין שום נוץ אין אים ניט איין!
דער עיקר —
אַז חזיר־ניסלעך זאָלן זיין...
פון זיי ווער איך דאָך פעטער אַלץ און דיקער!"
— „דו חזיר־כראָפּ —
אַ זאָג געטאָן האָט אים דער ראָב פון אויבן —
ווען דו וואָלסט נאָר דיין קאָפּ
אימשטאַנד זיין העכער אויפצוהויבן,
וואָלסטו שוין איינגעזען ווי ניט איז,
אַז אויף דעם בוים דעם זעלבן וואַקסן דיינע ניס."

# דער וואָלף און דער פוקס

מיר זיינען שטענדיק גרייט אָוועקצושענקען
די זאַך וואָס קען אונדז קיין שום נוץ ניט ברענגען;
איך ברענג דערצו אַ משל, ווייל די וועלט
נעמט בעסער אויף אַן אמת וואָס איז האַלב־פאַרשטעלט.

---

אַ פוקס האָט זיך מיט הינער אָנגעפרעסן;
און אַ פּאָר הינדלעך נאָך דערצו
אויף שפּעטער אויך דאָרט פאַרבאַהאַלטן ערגעץ־וואו,
האָט לעבן היי־סטויג צוגעלייגט זיך נאָכן עסן
זיך דורכצודרימלען אין נאָכמיטאָגדיקער שעה...
ערשט מיטאַמאָל — אַ הונגעריקער וואָלף איז דאָ!
„— ניט גוט! — האָט ער גענומען זיך באַקלאָגן. —
דו ווייסט, מיין פריינט,
אַז כ'האָב נאָך היינט
קיין ביינדעלע אין ערגעץ ניט געקראָגן!
איך קען שוין מער דעם הונגער ניט פאַרטראָגן...
די הינט — רשעים! נאָכאַנאַנד אַרום די שאָף
און אויך דעם פּאַסטעך נעמט גאָר ניט קיין שלאָף, —
ס'איז מיר אַזוי געקומען,
אַז פּשוט נעם און מאַך אַ סוף!"
„— אוי־ווײ! — האָט דאָס דעם פוקס ביים האַרץ פאַרנומען, —

אוי־ווײ...
נאָר זאָג מיר, אפשר וואָלטסטו גאָר, מײַן ליבער,
דערווײַלע איבערכאַפּן דאָ אַ הײפּל הײ?
מיר האָבן דאָ אַ סטויג אַריבער און אַריבער!...
און איך בין שטענדיק גרײט
מיט פרײד
אַ גוטן פרײַנד צו דינען״...
נאָר ניט פון הײ האָט אונדזער וואָלף געטראַכט,
ער האָט אַ פלײשיקס גאָר געהאַט אין זינען!
נאָר פון די אָפּגעלײגטע הינער
האָט דאָ דער פוקס אַ שווײַג געמאַכט...
און אונדזער וואָלף דער גרױער
אַן אויפגענומענער מיט גרוים באַדויער,
מיט מיטגעפיל און גוטע רייד,
איז זיך אַוועקגעגאַנגען הונגעריקערהייט.

# אַ געזעגעניש

„— נו, זיי געזונט, קוקאַווקעלע, מיין שיינע, —
האָט זיך דער וואָלף געזעגנט מיט זיין שכנה, —
אומזיסט האָב איך געגאַרט,
אומזיסט האָב איך געוואַרט
אַ ביסל רו אין וואַלד ביי אייך דאָ צו געפינען...
אַז דאָ, ס'איז פּראָסט אַ שאַנד,
וועט מען דאָס לעבן דיר אַפילו ניט פאַרגינען!
לאָז איך זיך איצט אַוועק אין גאָר אַ ווייטן לאַנד,
וואו אַלע לעבן ברידערלעך צוזאַמען,
ניטאָ דאָרטן קיין קנאה-שנאה, קיין פאַרדראָס,
די בייזע הינט אַפילו עסן דאָרטן גראָז
און זיינען שטיל ווי לאַמען!"
„— זאָל זיין מיט מזל, גיי געזונטערהייט, —
האָט די קוקאַווקע אים מיט אַ גוט-וואָרט באַגלייט, —
נאָר איידער דו פאַרנעמסט זיך אין די ווייטע וועגן,
וועל איך ביי דיר נאָך עפּעס פרעגן:
צי נעמסטו דיינע מידות און די ציינער דיינע מיט,
צי ניט?
ווייל אויב דו לאָזסט זיי דאָ ניט איבער,
וועסטו אויך דאָרטן ניט פאַרבלייבן לאַנג, מיין ליבער."

# שותפים

פאַרמאָגנדיק פיל געלט, און האַנדלענדיק אינאײנעם,
געגומען האָבן שותפים אין אַ טאָג אַ שײנעם
צעטײלן זיך מיט זײער אײגנס און געשעפט.
און װי געװײנלעך שותפים, װען עס טרעפט
אַז אײנער װיל דעם צװײטן איבערקליגן,
האָט מען בײ דער צעטײלונג זיך געגומען קריגן;
ערשט מיטאַמאָל — פון דרויסן אַ געשרײ —
אַ שרפה! ס׳ברענט דאָס הויז, אַז אָך און װײ!
„כאַפּט שנעל אַרױס דאָס געלט, די װעקסלען און פּאַפּירן! —
— האָט אײנער אָנגעהויבן שרײען דאָרט, —
דעם חשבון װעט מען שפּעטער שוין דערפירן"...
„מײן הונדערטער אַהער! איך ריר זיך ניט פון אָרט!"
האָט שוין אַ צװײטער דאָרט געדונערט.
„און מיר אַהער דערלײגט צװײ הונדערט,
װעט שוין דער גאַנצער חשבון ריכטיק זײן"...
„װאָס הײסט! פאַרװאָס? איך שטים ניט אײן!"...
דאָ האָבן זיך די שרײער
אינגאַנצן גאָר פאַרגעסן אויף דעם פײער,
און האָבן אַזױ לאַנג געאַמפּערט זיך, געקריגט,
ביז ס׳האָט זײ אַלעמען דער רויך דערשטיקט...
און אומגעקומען זײנען זײ אין פלאַמען
מיט זײער האָב און גוטס צוזאַמען.

---

אַזױ־אַ קומט מען אָפטמאָל אום, און נאָר דערפאַר,
װײל אָנשטאָט זיך אײניקן צו זען באַזיגן
די אַלגעמײנע צרה און געפאַר,
הױבט מען זיך אָן פאַר אײגענע געשעפטלעך קריגן.

# ד'ער ליגנער

פון ווייטע לענדער קומענדיק
צוריק,
האָט אַ געוויסער נאַבלמאַן, — אַ סברא
אַ גאָר גרויסער שררה, —
שפּאַצירנדיק צוזאַמען מיט זיין פריינט אין פעלד,
זיך שטאַרק צערעדט פון זיינע רייזעס אויף דער וועלט, —
וואו ער איז אויסגעוועזן, וואו ער איז אויסגעפאָרן, —
און אָנדערציילט דערביי גוזמאות אָן אַ שיעור...
„— אַזוינס וועל איך שוין גאָר ניט טרעפן, דוכט זיך מיר!
אָט נעם, למשל, אונדזער געגנט:
היינט שיינט די זון, און מאָרגן רעגנט...
אַ היץ, אַ קעלט... און דאָרט איז, זאָג איך דיר,
אָן אמתער גן-עדן!
ס'איז גאָר אַ פרייד אַפילו וועגן דעם צו ריידן!
ניט פעלצן און ניט ליכט, — דאָרט ווייסט מען ניט דערפון,
אַז שטענדיק שיינט די זון!
מען ווייסט כמעט ניט וואָס איז נאַכט און שאָטן,
און פרילינג זעסטו נאָר אַ גאַנצן יאָר!
און ניט מען פלאַנצט דאָרט, ניט מען זייט דאָרט גאָר,
נאָר וואָלסטו זען ווי אַלץ איז דאָרט געראָטן!
איך האָב דאָרט אין אַ שטאָט אָן אוגערקע געזען,
מיין גאָט! זי איז... נו, ווי אַ באַרג די גרויס געווען!"
„— וואָס וואונדערסטו זיך, — האָט דער פריינט אים צוגעגעבן —
חידושים טרעפט מען אומעטום אין לעבן,
ניט אַלע אָבער לייגן אויף זיי אַכט...
אָט האָבן מיר דאָ אויך פאַר זיך אַ גרויסן וואונדער, —
אַזאַ צו זען האָט זיך דיר זיכער ניט געמאַכט, —
ווייל ס'איז אַזוינס גאָר עפּעס-וואָס באַזונדער!
דו זעסט אויף אונדזער וועג איבערן טייך די בריק?
דאָך, דוכט זיך, גאָר אָן איינפאַכע פון ערשטן בליק,
נאָר ס'איז אין איר אַ מאָדנע אייגנשאַפט באַהאַלטן:
זי קען אויף זיך קיין ליגנער גאָר ניט האַלטן!
אַ פינף-זעקס טריט — און ער פאַלט-דורך פון איר אין טייך...
און ניט קיין ליגנער קען אויף איר מיט פערד זיך יאָגן!"
„— ווי טיף איז דאָ ביי אייך?"
„— גאַנץ טיף... נאָר וואָס זאָל איך, מיין פריינט, דיר זאָגן,

אַ וועלט מיט וואונדער! יאָ, דיין אוגערקע, אין פלוג,
איז וואונדערלעך גענוג —
ניט אָפּצופרעגן...
האָסט, דוכט זיך מיר, געזאָגט, אַז ווי אַ באַרג די גרויס!"
„— אַ באַרג, ניט ווי אַ באַרג — נאָר זיכער ווי אַ הויז!"
„— עס גלויבט זיך קוים... נאָר אויך איז וואונדערלעך דורכאויס
די בריק אַנטקעגן,
אויף וועלכער, ווי דו זעסט, מיר גייען באַלד אַרויף —
זי הויבט אויף זיך קיין גוזמאניק ניט אויף!
נאָך היי־יאָר האָבן זיך דורך איר דערטרונקען,
גראָד פרילינג־צייט,
אַ שניידער און צוויי צייטונגס־לייט...
(די שטאָט האָט דאָן מיט דעם געקלונגען!)
נאָר אויך דיין אוגערקעלע ווי אַ הויז
די גרויס
איז וואונדערלעך און וויכטיק,
אויב ס'איז נאָר ריכטיק."
„— ס'איז גאָר ניט אַזוי וואונדערלעך! מען דאַרף פאַרשטיין
און ריכטיק ווימן — ווי אַזוי אַ זאַך צו שאַצן!
ניט מיין, אַז אומעטום איז ווי ביי אונדז — פּאַלאַצן!
די הייזער זיינען דאָרטן אַזוי קליין,
אַז קוים פאַר צווייען — ניט צו זיצן, ניט צו שטיין."
„— זאָל זיין אַזוי... אָבער אין תוך גענומען
איז וואונדערלעך דאָך פאָרט
אַן אוגערקע וואָס גיט פאַר צווייען אָרט!
נאָר אונדזער בריקל דאָ, צו וועלכן, אָט, מיר קומען —
אַ ליגנער וואַגט גאָרניט אויף איר אַרויפצוגיין.
אַ פיר־פינף טריט, און טראַך! אין וואַסער ווי אַ שטיין!
דיין אוגערקע איז טאַקע גרויס, מען קען ניט זאָגן..."
„— וואַרט אויס! — האָט דער ליגנער דאָ איבערגעשלאָגן, —
איך מיין, אַז איידער דורכצוגיין די בריק,
איז לאָמיר בעסער זיך פאַרנעמען אויף צוריק."

# דער פוקס און דער אייזל

— „פון וואנען וואנדרעווסטו דאס, דו קלוגער מוח?“
האט טרעפנדיק דעם אייזל אויפן וועג
דער פוקס ביי אים געטאן א פרעג.
— „אט ערשט פון לייב... נאר וואו איז טאקע דאס אוועק
זיין פריערדיקער כוח!
אמאל, ווען ער פלעגט טאן א ברום,
פלעגט פשוט ציטערן דער גאנצער וואלד ארום!
און איך פלעג אויך אין שרעק פון אים זיך נעמען יאגן
וואוהין די אויגן טראגן...
און איצט איז ער שוין אלט און קראנק, און אפגעשוואכט, —
איינגאנצן נאר אן מאכט;
ער וואלגערט זיך נאר ווי א קלאץ אין הייל פארשלאגן...
און ווייסטו גלויבן מיר, מיין פריינד?
מען האט פאר אים דאך היינט
דעם גאנצן פחד שוין אין וואלד פארלארן!
און ווער עס טרעפט אים איצט, באצאלט אים פאר דער שרעק
און פאר די צרות פון די פריערדיקע טעג, —
ווי, ווער, עס קען נאר — מיטן צאן, צי מיטן הארן...“
— „און דו“, געפרעגט האט נייגעריק דער פוקס, „איך גלויב,
אז דו האסט ניט געוואגט א ריר צו טאן דעם לייב!“
— „פארוואס דען ניט?“ — איז שוין דער אייזל בייז געווארן —
„איך אויך האב אים א בריק געטאן דארט, גאנץ געווים!
און זאל ער טאקע וויסן ווער דער אייזל איז.“

---

אזוי איז שוין מיט חמורים: ווען דו ביסט געהויבן,
דאן וואגן זיי פאר דיר דעם קאפ ניט אויפצוהויבן;
און קומסטו נאר אראפ, חלילה, פון דיין גרויס —
דערוואַרט פון זיי דעם ערשטן שטויס.

# די דורכגייער און די הינט

צוויי פריינט האָבן פאַרנאַכט אין גאַס זיך געשפּאַצירט,
און האָבן אַ געשפּרעך אַן ערנסטן געפירט;
האָט פון אַ הויף אַנטקעגן
אַ הינטל מיטאַמאָל אַ ביל געטאָן אויף זיי!
און באַלד שוין נאָך אַ פּאָר, און נאָך, און אין אַ רגע
האָבן דאָרט הינט און הינטלעך אַלערליי
אַרומגערינגלט ביידע פריינט פון אַלע זייטן...
ס'האָט איינער שוין געוועזן אַ נעם געטאָן אַ שטיין,
האָט אים אַ צווייטער אָפּגעשטעלט: — „ניין, ניין,
דו וועסט די הינט ניט אָפּהאַלטן פון בילן, —
וועסט נאָר די חברה אויפרייצן נאָך מער דערמיט...
דו קענסט דעם הינטישן כאַראַקטער ניט;
מיר דאַרפן זיך אויף זיי ניט אומקוקן אַפילו,
און גיין פאָראויס.‟
אוןווירקלעך, אָפּגעגאַנגען אַ טריט הונדערט בלויז,
זיינען די כלבים ביסלעכווייז געוואָרן שטילער,
און באַלד האָט מען קיין פּיפּס שוין ניט געהערט פון זיי.

---

אַזוי־אַ זיינען זיי,
די ניט־פאַרגינער!
זיי וועלן שטענדיק אויפהויבן אַ בילעריי
אויף אַלץ און אַלעמען וואָס קומט זיי נאָר פאַרביי...
נאָר האָב זיי ניט אין זינען,
און גיי זיך ווייטער אין דיין וועג,
וועלן זיי נאָר אַ ביל טאָן און אַוועק.

# אין אַ צרה

צום פויער אויפֿן הויף
איז ווינטער־צייט אַ גנב אין דער נאַכט אַרויף;
ער איז אין שפּייכלער גלייך אַריינגעקומען,
אַרומגעשאַרט דאָרט אַלע ווענט,
און האָט אַוועקגענומען
אַלצדינג וואָס ער האָט נאָר געקענט, —
אומשטיינס געזאָגט — אַ גנבֿס יושר!...
און אונדזער פּויער, שלאָפֿן גייענדיק אַן עושר,
איז אויפֿגעשטאַנען, נעבעך, אויסגעליידיקט, ריין —
אַן אבֿיון, כאַטש איבער די הייזער גיין...
אַז גאָר ניט טרעפֿן זאָל עס קיינעם!
וואָס טוט מען, ווינד און ווײ! צו וועמען ווענדט מען זיך,
צו וועמען קערט מען זיך?
האָט ער צונויפֿגערופֿן זיינע פֿריינט און שכנים,
צו העלפֿן אין דער צרה אים מיט וואָס מען קען.
איז ווי געוויינלעך, האָט מיט אים דאָרט יעדער איינער
אַרומגערעדט דעם אומגליק וואָס אים איז געשען,
און גוטע עצות אים דערביי געגעבן:
„— פֿאַרשטייסטו מיך, מחותן־לעבן, —
האָט אים אַ שכן דאָרט געגעבן צו פֿאַרשטיין, —
האָסט מיט דיין גבֿירישאַפֿט פֿאַר גרויס און קליין
זיך ניט געדאַרפֿט באַרימען...”
„— און אויף להבֿא, ווידער האָב אין זינען, —
האָט זיך אַ צווייטער אָפּגערופֿן פֿון דער זייט, —
צו זען דעם שפּייכלער שטעלן לעבן הויז ניט ווייט!...”

„— ניט דאָס איז נאָך די צרה!
דער שפּייכלער מאַכט נאָך אויך ניט אויס, —
איז נאָך איינער אַרויסגעקומען מיט אַ סברא, —
מען דאַרף אַ הונט אַ רעכטן האָבן לעבן הויז!
מיין צויג האָט זיך געצייגלט גראָד... און, כ'לעבן,
עס פאַלט מיר טאַקע איין,
כ'זאָל בעסער דיר שוין איינעם פון די הינטלעך געבן,
אַנשטאָט צו שלעפּן זיי אין טייך אַריין...“
הכלל — אים אָנגעעצהט האָט דאָרט יעדער איינער,
נאָר העלפן האָט אים ניט געהאָלפן קיינער.

---

אַזוי, משמעות, איז מיט פריינט שוין אומעטום:
מען וועט קיין עצות דיר ניט קאַרגן, גלייך און קרום...
נאָר קומט צו העלפן, איז מען טויב און שטום.

# די קראָ און דער פוקס

שוין וויפל מאָל האָט מען דאָס מיט דער וועלט געקנעלט,
אַז חניפה איז אַ שעדלעכער געמיינער ענין,
וואָס נאָר אַליין דער חונף קען פון דעם געווינען, —
ווייל, ווילנדיק, צי ניט, באַצאָלט מען אים שוין דאָרט
פאַר יעדן שמייכלענדיקן וואָרט...
דאָך העלפט דאָס אַלץ ניט — און דער חניפהניק וועט פאָרט
אין הארצן אַלע מאָל אַ ווינקעלע געפינען.

---

דער קראָ האָט גאָט אַ שטיקל קעז באַשערט;
האָט זי גאַנץ פיין זיך אויף אַ בוים פאַרקליבן,
און זיך צום אָנבייסן שוין גאָר געוועזן געקליבן, —
נאָר זי האָט זיך פאַרקלערט,
און איז דאָרט זיצן מיט דעם קעז אין מויל געבליבן.
דערווייל איז דאָרט אין פעלד,
ווי ס׳וואָלט צום אומגליק גראָד געטראָפן,
אַ פוקס ניט ווייט פאַרבייגעלאָפן;
דער ריח פון דעם קעז האָט באַלד אים אָפּגעשטעלט,
און ס׳האָט דער קעז אים גוואַלדיק צוגעצויגן!
איז צוקומענדיק אויף די טיפּקעלעך צום בוים,
און ניט אַראָפּנעמענדיק פון דער קראָ די אויגן,
האָט דאָרט דער פוקס, דעם אָטעם ציענדיק קוים-קוים,
מיט גרוים מתיקות אָנגעהויבן:
„ווי שיין דו ביסט, מיין טייערינקע, אוי, ווי שיין!
ווי פול דו ביסט מיט חן,
ס׳איז פשוט ניט צו גלויבן!
וואָס פאַרא פעדערלעך, וואָס פאַרא קעפּעלע,
אַ העלדזעלע, אַ שנעבעלע—

ס'איז אַזאַ שיינקייט גאָרניט צו באַנעמען!
און זיכער קען מען זיין געווים,
אַז אויך אַ שטימע האָסטו צוקער־זים...
זינג, זינג, מיין חיותל, דו דאַרפסט זיך גאָרניט שעמען!
און אויב צו אַזאַ שיינקייט, ליבינקע, ביסטו
אין זינגען אויך אַ מייסטערין דערצו,
וועסטו ביי פויגלען דאָך דעם ערשטן פּלאַץ פאַרנעמען!"
דער קראַ האָט זיך דער קאָפּ פאַרדרייט,
און ס'האָט דער אָטעם איר פאַרכאַפּט פון פיקסלם רייד...
„קראַ־קראַ"!" — האָט זי אַרויסגעקראַקעט הויך און ברייט, —
דערביי איז איר דער קעז פון מויל אַרויסגעפאַלן
צום פוקס פון אונטן — און פאַרפאַלן.

# דער וואָלף און דאָס לעמל

בײַם שטאַרקן ווּעט דער שוואַכער שטענדיק שולדיק בלײַבן...
געשיכטע ווײַזט דאָס אונדז מיט בײַשפּילן אַ סך,
געשיכטע אָבער איז ניט אונדזער פֿאַך,
איז וועלן מיר דאָס אין אַ פֿאַבל אײַך באַשרײַבן.

אַ לעמעלע איז אין אַ הייסן טאָג אַמאָל
געקומען אָנטרינקען זיך צו דעם שטראָם אין טאָל;
האָט, ווי עס פּאַסט, אַן אומגליק זיך מיט אים געטראָפֿן:
אַ הונגעריקער וואָלף איז דאָרט אַרומגעלאָפֿן...
דערזעענדיק דאָס לעמעלע, האָט ער זיך באַלד
אַ לאָז געטאָן צו אים פֿון וואַלד!
נאָר וועלנדיק די זאַך דורכאויס געזעצלעך מאַכן,
האָט זיך דער וואָלף אויף אים צעשריען גאָר אַ גרויל:
— „ווי וואַגסטו גאָר מיט דײַן ניט־רייִנעם מויל
באַשמוצן מײַן געטראַנק דאָ? פֿאַר אַזוינע זאַכן
און פֿאַר אַ חוצפּה פֿאַר אַזאַ — נעם איך אַראָפּ
דעם קאָפּ!"
— „אויב איר, ר' וואָלף, וועט מיר דערלויבן,
קען איך אײַך דאָ פֿאַרזיכערן, מײַן האַר,
אַז איר באַדאַרפֿט פֿון דעם ניט האָבן קיין שום צער:
איך טרינק פֿון שטראָם, — ניט לעבן אײַך, פֿון אויבן, —
נאָר גאָר פֿון אײַך אַראָפּ־צו מיט אַ הונדערט טריט,
במילא שוין באַשמוץ איך אײַער וואַסער ניט."
— „בין איך שוין גאָר אַ ליגנער אויך בײַ דיר געוואָרן? —
איז דאָ דער וואָלף אַרײַן אין ווילדן צאָרן, —
אַ העזה — גאָר אַ גוואַלד!
האָסט אויך באַליידיקט מיך, געדענק איך, פֿאַראַיאָרן"...
— „איך בין אינגאַנצן נאָך קיין יאָר ניט אַלט".
— „נו, איז דײַן ברודער דאָס געווען אוודאי."

— „איך האָב קיין ברודער ניט"...
— „איז דאָס געווען אַ קרוב דיינער, צי אַ גליד,
צי איינער פון דיין סטאַדע, —
ווייל אַלע איר, אייערע פּאַסטעכער און הינט,
זייט מיר די ערגסטע שונאים,
און ווען איר קענט נאָר, וואָלט איר רשעות נאָר געטאָן מיר,
וועסט דו שוין דאָ פּאַר אַלץ באַצאָלן מיר אַצינד"...
— „גאָר איך? מיט וואָס בין איך דען שולדיק?"
— „גענוג, — איז שוין דער וואָלף געוואָרן אומגעדולדיק, —
איך האָב דען, מיינסטו, צייט
צו גריבלען זיך אין דיינע מעשים אַזוי ווייט?
די טענות דיינע האָבן מיר דערעסן,
ביסט שולדיק דאָ מיט דעם שוין — וואָס מיר ווילט זיך עסן".
דאָס אָפּגעזאָגט — און באַלד
אוועקגעשלעפּט דאָס שעפּסעלע אין וואַלד.

# כיבוד

„ביים-צו, איך בעט דיך, ליבער שכן, נעם ביים-איבער!"
„אַ דאַנק, איך בין שוין זאַט אַריבער און אַריבער."
„נו, נאָך אַ שטיקעלע, ס'אַ דאגה דיר,
אַזוינע פיש איז פאַרן קייסער דאָך צו שטעלן!"
„איך האָב שוין אויפגעגעסן דאָך אַ שטיקלעך פיר..."
„וואָס פאַר אַ חשבון פירסטו דאָ מיט מיר!
באַדאַרפסט נאָר וועלן —
איז עס געזונטערהייט איינגאַנצן אויף די פיש...
דו גיב אַ קוק ווי פעט, מחיהדיק און פריש,
און זע די פיש-יויך, ווי בורשטין ווי געלער!
טו מיר צוליב און נעם שוין נאָך אַ שטיקל, נו!
נעם העכט, נעם קאַרפּ און רויג אַ שטיקעלע דערצו...
כאַטש נאָך אַ ברעקל נעם, און זאָל דיר וואויל באַקומען."
אַזוי האָט איינער דאָס זיין שכן אויפגענומען,
און ניט געלאָזן אים אויף אַ מינוט צורו.
פון גאַסט האָט שוין דער שוויים געגומען גיסן,
דאָך טוט ער זיך אַ כוח אָן,
צוליב צו טאָן,
און ליידיקט אוים די טעלער ביזן לעצטן ביסן.
„אַזוי האָב איך דיך ליב! אַזוי ביסטו אַ פריינד!"
האָט שוין דער מכנים אורח אויפגעשיינט,
„נאָר די וואָס קווענקלען זיך און נעמען זיך נאָר איבער
האָב איך באמת פיינט!
נו, נעם שוין נאָך אַ שטיקעלע, מיין ליבער..."
און דאָ נעבעך דער גאַסט ביים טיש,
ווי שטאַרק ער האָט ניט ליב געהאַט אַ שטיקל פיש,
האָט פון אַזאַ מין צרה, פשוט שוין אָן אָטעם,
געכאַפּט צוזאַמען זיינע בגדים,
און אַ מטושטשער אַהיים אַנטלאָפן שנעל;
און טרעט ניט איבער מער דעם שכנס שוועל.

# אַ שמועס

„— געהערט די גוטע נייעס וואָס האָט געטראָפן? —
איז אַ צערודערטע פון פרייד
אַ מייזל צו איר חברטע אַריינגעלאָפן, —
די קאַץ, זאָגט מען, האָט זיך דאָך פאָרט ניט אויסגעדרייט
און אין די נעגל צו דעם לייב אַריינגעפאַלן!
וואָס זאָגסטו אויף דעם גליק וואָס איז אונדז צוגעפאַלן?"
„— דו גלויב נאָר ניט
און פריי זיך ניט! —
האָט איר די צווייטע מוסרן גענומען —
ווייל אויב ביי זיי זאָל טאַקע צו די נעגל קומען,
קען איך דאָ אויפן פלאַץ
מיין הייליק וואָרט דיר געבן,
אַז ניט אַרוים וועט גאָר דער לייב דאָרט מיטן לעבן, —
ניטאָ קיין חיה שטאַרקער פון אַ קאַץ!"

# דער מילנער

דאָס וואַסער האָט דעם מילנערס דאַמבע דורכגענומען;
אַ קנאַפּע צרה וואָלט דערפֿון אַרויסגעקומען,
ווען ער וואָלט דאָרט תּיכּף צוגעלייגט אַ האַנט, —
נאָר וואָס, נאָר ווען? דעם מילנער אַרט דאָס ווי די וואַנט!
דערווייל דאָס וואַסער רינט שוין דאָרט ווי פֿון אַ צאַפּן...
— „היי, שלאָף ניט, מילנער! צייט צום שכל זיך צו כאַפּן!"
דער מילנער אָבער האַלט אין זאָגן נאָכאַנאַנד:
— „ס'איז אָן סכּנה, ס'איז ניטאָ זיך וואָס צו שרעקן, —
מיין מיל באַדאַרף דאָך ניט קיין גאַנצע ימען דאָ,
וועט וואַסער פֿאַר איר שטענדיק קלעקן..."
ער שלאָפֿט זיך, — און פֿון טאָג צו טאָג, פֿון שעה צו שעה,
דאָס וואַסער רייסט זיך דורך דערווייל אַלץ מער און מערער;
און אָט אַזוי — גענומען האָט ניט פֿיל
ביז גאָר אינגאַנצן האָט זיך אָפּגעשטעלט די מיל.
ערשט דאָ האָט שוין דער מילנער אָנגעהויבן קלערן,
ווי היט מען איין דאָס וואַסער, און וואָס הויבט מען אָן
צו טאָן!
און ביי דער דאַמבע שטייענדיק דאָרט שטאַרק פֿאַרנומען,
באַקוקנדיק די צרה וואָס איז אים געשען,
האָט ער דערווייל דערזען,
ווי זיינע הינער זיינען צוגעקומען
זיך אָנטרינקען צום טייך.
„איר ווילדע ברואים, נאַרישע! — האָט ער גלייך
מיט גוואַלדן זיך צו זיי גענומען, —
איר זעט דען ניט, איר קענט דען ניט פֿאַרשטיין,
אַז וואַסער פֿעלט מיר אויס דאָ פֿאַר דער מיל אַליין, —
זייט איר געקומען נאָך צו לויפֿן
דאָס לעצטע ביסל אויסצוזויפֿן?"
און מיט אַ שייטל האָלץ האָט ער זיי דאָרט
אוועקגעלייגט גלייך אויפֿן אָרט.
און, מיינט איר, וואָס האָט ער מיט דעם געוואונען?
אָן הינער און אָן וואַסער איז ער אַהיים געקומען.

# צוויי הינט

דער הונט דער הויפישער, בארבאָס,
וואָס האָט געטריי געדינט דעם באַלעבאָס
און האָט געהיניעט שטענדיק לעבן טויער,
האָט איינמאָל אין אַ פענצטער פון דעם רייכן מויער,
אויף אַ געשטריקטן קישעלע פון זייד,
דערזען זיין פריינד, דעם פודל־הונט דעם קליינעם,
מיט וועמען ער האָט פריער מיט אַ צייט
זיך אויפגעהאַלטן אויפן זעלבן הויף אינאיינעם.
בארבאָס האָט מיט זיין חבר זיך אַזוי דערפרייט,
אַז ער האָט אָנגעהויבן רייסן זיך און בילן,
און אומשפרינגען, און דרייען מיטן עק פאַר פרייד,
און פול מיט פריינדלעכע געפילן,
האָט ער אַליין שוין ניט געוואוסט גאָר וואָס צו טאָן!
„— ווי גייט דאָס דיר, מיין טייערער, פון זינט ווען אַן
מען האָט דיך אין פּאַלאַץ אַריינגענומען?
געדענקסט ווי אָפט עס איז אונדז אויסגעקומען,
פאַרהונגערט און פאַרשמאַכט,
אַ גאַנצע נאַכט
ביים פּלויט צו ליגן?
און איצט וואָס טוסטו, און ווי גייט עס דיר, מיין פריינד?"
„— איך קען זיך אויף מיין לעבן ניט באַקלאָגן היינט, —
געענטפערט האָט דער פודל גאַנץ צופרידן, —
איך לעב אין וואוילטאָג און אין פאַרגעניגן;
כ'בין שטאַרק באַליבט ביים באַלעבאָס, איך טרינק און עס
פון זילבערנעם געפעס,
איך לויף אַרום און שטיף, און שפיל זיך,
און רו זיך אוים וואו מיר ווילט זיך...
און דיר, מיין פריינד, ווי לעבט זיך דאָס?"
„— ווי מיר? — געענטפערט האָט בארבאָס,
אַרונטערלאָזנדיק דעם וויידל און די נאָז
אין שטילן טרויער,
איך מאַטער זיך ווי פריער אויף דער וועלט!
איך לייד פון הונגער און פון קעלט...
איך שלאָף נאָך אַלץ אין דרויסן לעבן טויער;

אונ היטנדיק דאָס הויז,
פּאַסירט ניט איינמאָל, אַז דער רעגן נעצט מיך אוים,
אונ נעמט מיך דורך אינגאַנצן ביז די ביינער!
אונ גיב איך ווען אַ ביל
אַזוי זיך, אָן אַ ציל,
באַקום איך קלעפּ אונ שטיינער...
נאָר מאַך מיר קלאָר, איך בעט דיך, זאָג מיר בלויז,
דורך וואָס ביסטו צו אַזאַ גדולה דאָס געקומען?
ביסט, דוכט זיך, גאָר ניט אַזוי שטאַרק אונ גרוים,
אונ איך — איך מאַטער זיך, איך צי זיך פּשוט אוים,
אונ קום נישט צו קיין תקומה!...
מיט וואָס נעמסטו דאָס אַזוי אוים ביים באַלעבאָס?"
„— וואָס הייסט, מיט וואָס? —
געענטפערט האָט דער פּודל שטאַרק פאַרדריסלעך —
איך גיי דאָך פאַר אים אום אויף הינטערפיסלעך!"

---

אונ ווײ, ווי אָפט מען איז דאָס טאַקע נושא חן,
דערפאַר נאָר וואָס מען קען אויף הינטערפיסלעך גיין.

# געפלעקטע שעפסן

דער לייב ניט ליב געקראָגן האָט געפלעקטע שאָף;
ער וואָלט געקענט דאָרט מאַכן לייכט פון זיי אַ סוף,
נאָר ס'וואָלט דאָך זיין ניט יושרדיק... און סוף כל סוף —
אַ מלך איז מען ניט כדי דאָס פאָלק צו דריקן,
מען דאַרף דאָך משפטן גערעכט!
און דאָ איז שלעכט...
קוים ווייזט זיך אַ געפלעקטע שעפס פאַר זיינע בליקן,
פאַרלירט ער נאָר אינגאַנצן דאָס געדולד:
ווי ווערט מען פון זיי פטור —
און פאַר דער וועלט פון זיך אָראָפּנעמען די שולד?
איז אויף אַן עצה וועגן דעם גערופן האָט ער
דעם פוקס און בער, און זיך פאַרטרויט פאַר זיי,
אַז אים איז שווער געפלעקטע שעפסן צו פאַרליידן!
און קוים דערזעט ער נאָר אַ שעפס אַזאַ פון וויטן,
איז טוען אים דערנאָך די אויגן אַזוי וויי,
אַז ער האָט מורא גאָר אינגאַנצן בלינד צו ווערן...
און קורץ — ער וויל פון זיי אַן עצה הערן.
„— אַלשטאַרקסטער לייב! — האָט אָפּגערופן זיך דער בער, —
וואָס דאַרף מען דאָ נאָך רעדן מער?
באַפעל נאָר — און מען וועט, אָן קיין שום גליקן,
די שעפסן די פאַרהאַסטע גלייך דערשטיקן!
און קיינער וועט זיך סיי ווי סיי
צום האַרצן דאָס ניט נעמען..."
דער פוקס, באַמערקנדיק ווי ס'האָט דערביי
דער לייב אין אומצופרידנקייט פאַרקנייטשט די ברעמען,
האָט זיך געווענדט צו אים אין גאָר אַן אַנדער מוט:
„— אָ, גרויסער מלך! דו ביסט דאָך אַזוי גוט!
וועסטו די שאָף די אָרעמע ניט וועלן פּלאָגן,
און וועסט בחינם ניט פאַרגיסן זייער בלוט!
דערלויב איך זיך דיר אַנדערש־וואָס צו זאָגן:
דאַרפסט זען און אויסזוכן פאַר זיי אַ שיינעם פעלד,
אַז דאָרט זאָל זיין גענוג צום עסן און צום טרינקען,
און אויך פאַר יונגוואַרג פלאַץ גענוג אַרומצושפּרינגען;

נו, און אזוי ווי דאָ אין אונדזער וועלט
אַ דוחק איז אויף פּאַסטעכער געניטע,
וואָלסטו באַשטימט, אַז וועלף זאָלן די שעפּסן היטן...
איך ווייס ניט... נאָר איך מיין,
פון זיך אַליין
וועט דאָרט פון זיי שוין גאָרניט ווערן...
דערווײַלע אָבער זאָל מען זיי ניט שטערן
פאַרברענגען גוט די צייט,
און וועט מיט זיי וואָס טרעפן, בלײַבסטו אין דער זייט!"...
דער מלך האָט דעם פוקסלס עצה אויסגעקליבן;
און ס'האָט זיך אויסגעלאָזט אַזוי צום סוף,
אַז ניט נאָר וואָס געפּלעקטע שאָף
נאָר שעפּסן סתם איז ווייניק דאָרט געבליבן!
און וואָס האָט מען גערעדט דאָרט אומעטום
אין וואַלד אַרום?
דער לייב איז טאַקע גאָר ניט שלעכט, אַפנים —
און שולדיק זײַנען אַלץ די וועלף נאָר, די גזלנים.

# די אַסיפה

ווי ערלעך אַ ממשלהס פירונג זאָל ניט זיין,
איז אָבער ביטער, ווען זי פאַלט אין שלעכטע הענט אריין;
צו אָנפירער, וואָס ווילן גאָר אין תוך ניט וויסן
פון יושר און געוויסן,
און ווילן בלייבן כלומרשט אָנשטענדיק און פיין.

---

צו ווערן אויף די שעפּסן אַ משגיח,
האָט ביי דעם לייב דער וואָלף געבעטן זיך צומאָל;
דערצו האָט נאָך דער פוקס, וואָס איז פון אַלע מאָל
געווען דעם וואָלפס אַ שתדלן און שליח,
אַריינגעוואָרפן פאַר אים דאָרט,
ווי מן־הצד, אויך ביי דער לייבנטע אַ וואָרט...
היות דער וואָלף האָט אָבער פאָרט אַ שלעכטן נאָמען,
און ס'זאָל ניט אויסזען, אַז דער לייב איז נושא פנים,
האָט מען באַשטימט — מען זאָל אויף אַן אסיפה באַלד
צונויפרופן די איינוואוינער פון פעלד און וואַלד,
אַז יעדער זאָל דאָרט זאָגן וועגן וואָלף זיין מיינונג;
און ווער עס האָט אויף אים אַן עוולה, קליין צי גרויס,
צי סתם אַן עובדה ניט קיין שיינע,
זאָל טאַקע גלייך מיט לשון דאָרט אַרויס!
הכלל — ס'איז די אַסיפה פאַרגעקומען,
די שטימען, יעדנס לויט זיין מצב, אויפגענומען —
נאָר קעגן וואָלף האָט מען קיין פּיפּס דאָרט ניט געהערט,
און ער איז ריין ווי גאָלד אַרויסגעקומען!
האָט מען ניט לאַנג געקלערט,
און אויפגעשטעלט דעם וואָלף אַ שומר אויף דער סטאַדע...
נו, און די שעפּסן וואָס האָבן געזאָגט אויף דעם?
זיי זיינען דאָך אויף דער אַסיפה אויך געווען!
איז טאַקע ניין... די שעפּסן האָט מען גראָד פאַרזען,
פאַרגעסן גאָר צו דער אַסיפה זיי צו לאַדן...
כאָטש זייער וואָרט וואָלט אויך גאַנץ נויטיק דאָרט געווען.

# אַ שלאַנג

די שלאַנג געבעטן האָט
ביי גאָט —
ער זאָל די שטימע פון אַ נאַכטיגאַל איר געבן:
וואָס טויג מיר, ווי איז מיר, מיין לעבן!
אַז וואו איך קום, איך שטעק נאָר בלויז
דעם קאָפּ אַרויס,
צעלויפט מען זיך פון מיר אין אַלע זייטן —
דאָס הייסט די שוואַכערע...
און פון די שטאַרקערע —
איז קוים נאָר וואָס איך טראָג זיך אָפּ אַליין באַצייטנס...
איך קען שוין אַזאַ לעבן ביטער, שווער
אויף ווייטער ניט פאַרטראָגן מער!
נאָר ווען איך וואָלט זיך ווי אַ נאַכטיגאַל צעזונגען,
וואָלט אויך מיט מיר דער וואַלד געקלונגען,
כ'וואָלט אויך באַרימט געוואָרן באַלד ביי לאַנד און לייט,
און מיט דער צייט
וואָלט איך נאָך אַכטונג אויך ביי אַלעמען געוואונען..."
און גאָט האָט צוגעהערט די תפילה פון דער שלאַנג:
ער האָט איר נאָכגעגעבן איר פאַרלאַנג
און האָט פון איר אַוועקגענומען
די העסלעכע און בייזע שיפּעריי...
האָט באַלד די שלאַנג דאָרט אויף אַ בוים דערביי
זיך שנעל אַרויפגעצויגן,
און זיך צעזונגען ווי דער שענסטער נאַכטיגאַל!
און פויגעלעך פון איבעראַל
געווען שוין זיינען זיך צו איר צונויפגעפלויגן...
אַ כאַפּ געטאָן נאָר אויף דער זינגערין אַ בליק —
און ווי אַ רעגן, מיטאַמאָל, פון בוים צוריק...

„— וואָס איז ? — האָט שוין דער שלאַנג פאַרדראָסן ...
איז אייך מיין שטים דערווידער ? זינג איך דען ניט שיין ?"
„— פאַרקערט, האָט איר געענטפערט פון דער זייט אַ דראָזל,
דו זינגסט באמת וואונדערלעך, און ווי איך מיין,
ניט ערגער פון דעם נאַכטיגאַל אליין !
דיין שטימע איז אַ צאַרטע און אַ ריינע —
נאָר ס'האָט אין אונדז דאָס האַרץ גענומען צאַפּלען, ווען
מיר האָבן נאָר דיין צינגעלע דערזען ...
ס'איז אונדז אַ שרעק צו זיין מיט דיר אינאיינעם !
מוז איך דיר זאָגן, — ניט צו טאָן דיר באַנג,
און אויך ניט צו פאַרשעמען דיך פאַר לייטן, —
מיר ווילן גריילעך הערן דיין געזאַנג,
נאָר פון דער וייטן ..."

# דער בלוילער

דער בלויער ים-פויגל דער קליינער
האָט זיך באַרימט, אַז ער וועט אָנצינדן דעם ים.
פאַרשטייט מען דאָך שוין מן הסתם,
ווי שנעל די נייעס האָט זיך צעטראָגן צווישן שכנים,
און איז באַוואוסט געוואָרן אומעטום...
די פיש אין וואַסער האָט אַ פּחד אָנגענומען!
און חיות, פויגלען זיינען זיך פון ווייט אַרום
אין דעם באַשטימטן טאָג צום ברעג צונויפגעקומען,
צו זען ווי היים און מיט אַ וועלכן פלאַם
וועט פלאַקערן דער ים.
מען זאָגט נאָך (אָבער דאָס איז שוין רכילות וויסטע
און פשוט בייזע רייד...),
אַז די וואָס יאָגן זיך נאָך מאָלצייטלעך אומזיסטע,
געקומען זיינען פון די ערשטע, פאַרטיק-גרייט,
מיט לעפל פון דער פעטער פיש-יויך צו געניסן...
אַ קלייניקייט! אַזוינע פיש, באַדאַרפט איר וויסן,
האָט קיין שום ליפעראַנט נאָך ניט דערוויזן
אויף זיינע סעודהלעך פאַר די מלוכה-לייט!...
הכלל — מען שטייט, מען וואַרט, מען קוקט די גאַנצע צייט,
מען שושקעט זיך אין קופּקעלעך באַזונדער,
און איידער וואָס — שוין חידושט מען זיך אויף דעם וואונדער.
נאָר וועט ניט וועט טוט ווער אַ מורמל פון דער זייט:
— „אָט זידט ער שוין! אָט-אָט, וועט זיך אַ פלאַם פאַרנעמען"...
נאָר וואָס און ווען? דער ים הויבט גאָר ניט אָן צו ברענען!
ער זידט אַפילו ניט צומאָל...
אַ ים אַזוי ווי אַלעמאָל.
און וואָס זיך אויסגעלאָזן האָט פון בלוילערס פּלענער,
און פון זיין אָנשטעל אַזוי גרויס?
דער בלוילער איז, גאָר פראָסט, פאַרשוואונדן...
ער האָט זיך נאָר באַרימט און אָנגעטומלט בלויז,
דעם ים אָבער האָט ער ניט אָנגעצונדן.

---

אַזוינע פויגלען טרעפן מיר אין יעדן פאַך,
זיי רימען זיך צוערשט און טומלענען אַ סך:
וואָרט-וואָרט, מיר וועלן נאָך ערשט ווייזן וואָס מיר קענען.
און אונדזער אויפטו וועט נאָך מרעיש עולם זיין!
נאָר, דאַנקען גאָט, — די וועלט גייט אַלץ נאָך אָן גאַנץ פיין,
און אויך דער ים האַלט נאָך דערווייַלע ניט ביים ברענען.

# דערציאונג

דער לייב, דער קיסר פון די וועלדער,
איז מיט אַ זון געבענטשט געוואָרן אויף דער עלטער.
און ווייסט איר דאָך געוויס,
ווי די נאַטור פאַרשיידן איז:
ביי אונדז אַ יאָריק קינד, אפילו ביי אַ מלך,
איז אומבאַהאָלפן, קליין און שוואַך געווייגלעך,
אַ לייב אָבער אַ יאָריקער
איז שוין קיין קינד ניט מער.
האָט נאָך צום יאָר דער טאַטע־לייב גענומען קלערן
וואו נעמט מען פאַר דעם זון אַ לערער?
אומוויסנקייט איז סתם אַ שאַנד,
בפרט נאָך אין אַ מלכס שטאַנד!
און ווידער — וועלכער פאָטער וויל דען,
מען זאָל פאַר זיין בנאָק אים זידלען...!
איז וואָס זאָל זיין,
צו וועמען ווענדט מען זיך, און וועמען דינגט מען
צי וועמען צווינגט מען?
דעם פוקס? דער פוקס האָט שכל, וואָלט ער זיין גאַנץ פיין;
נאָר ער האָט אָבער ליב צו זאָגן ליגן,
און פאַר אַ מלך פּאַסט דאָס ניט.
נאָר אפשר גאָר צום קרעט אים שיקן?
מען לויבט אים גוואַלטיק — ער איז פלייסיק, אָפגעהיט,
האָט ליב אין אַלץ אַן אָרדענונג צו מאַכן,
און פאַרזיכטיק אַזוי — אַז ניט קיין טראָט פאַראויס,
כל־זמן ער טאַפּט דעם וועג ניט אויס!
הכלל — ער איז אַ גרויסער העלד אויף קליינע זאַכן!
די צרה אָבער — וואָס זיין ראיה איז אַ שוואַכע,
ער זעט נאָר פון דער נאָענט בלויז...
דעריבער
איז נאָר זיין איינשטעל גוט פאַר אים אַליין.
אָבער אַ לייבס מלוכה, ווי מען דאַרף פאַרשטיין,
איז ניט דעם קרעטס אַ גריבל...
איז אפשר גאָר צום טיגער גיין?
דער טיגער טאַקע איז אַ גרויסער קריגער,
און ער איז שטאַרק, געוואַגט, און פול מיט מוט, —
איז אָבער פאָרט ניט גוט:

אַ טיגער ווייס ניט קיין פּאָליטיקע אַ האָר ניט!
און קיין ציווילע רעכט פאַרשטייט ער גאָרניט
אַז ווי נאָר עפּעס — איז געשלעג אַריין!
איז קען ער דען אַ מלכּס יורש מדריך זיין?
קורץ — קיינער פון די שכנים,
און אויך דער העלפאַנט, שטאַרק געאַכט ביי יעדן איינעם,
איז פאַר דעם לייב געווען ניט פּאַסיק און ניט קלוג
גענוג —
ער זאָל זיך פאַר אַ לערער צו זיין יורש טויגן.
נאָר מיטאַמאָל איז, צו זיין גרויסער פרייד,
דער מלך פון די פויגל,
זיין גוטער פריינד דער אָדלער, אומגעריכטערהייט
צו הילף אים דאָרט געקומען,
און האָט זיך אָנגענומען
דער לערער און דערציער פון דעם פּרינץ צו זיין,
אַ מלך פאַר אַ לערער — וואָס קען שוין בעסער זיין?
האָט מען דעם יונגן לייב גאַנץ פיין
צום אָדלער אויסגעריכט — שטודירן,
זיך לערנען דאָרט ביי אים רעגירן,
כּדי צו קענען אַ מלוכה שפּעטער פירן.
אַזוי אַריבער איז אַ יאָר און נאָך אַ יאָר, —
און וועגן לייב דעם יונגן הערט מען שבחים נאָר!
אַז ער איז זייער קלוג און פלייסיק,
און פעאיק גאָר אַ גוואַלד!
פאַרשטייט זיך — וועגן אים די אַלע נייעסן
צעפויקט האָבן די פייגל איבערן גאַנצן וואַלד...
ביז איינמאָל אין אַ טאָג אַ שיינעם
האָט זיך דער אַלטער לייב באַטראַכט,
און האָט דעם זון צוריק אַהיים געבראַכט,
ניט פרעגנדיק ביי קיינעם
און האָט אַרויסגעפירט
פאַר אַלע הויפלייט און די שכנים
זיין זון, מיט וועלכן ער האָט שטענדיק געשטאָלצירט:
— „מיין זון, מיין יורש און מיין פרייד פון לעבן!
איך ווער דאָך, ווי דער שטייגער איז, שוין אַלט,
און ווער קען וויסן וואָס מיט מיר קען טרעפן באַלד?

האָב איך באַשטימט די הערשאַפט דיר איבערצוגעבן
אויף לאַנגע יאָרן — אין אַ גוטער שעה!
וואָלט איך געוואָלט, אַז דו זאָלסט אונדז דערציילן דאָ
אַ ביסל פון דיין קענטעניש און פון די זאַכן
מיט וועלכע דו וועסט דיין מדינה גליקלעך מאַכן.״
— „מיין האַר, — געענטפערט האָט דער יונגער לייב, —
מיין פאָטער, טייערער און ליבער,
איך גלויב,
אַז ניט אומזיסט איז מיר די צייט אַריבער!
כ׳האָב פיל געלערנט, און איך קען דורכאויס
דיר אויסרעכענען אַלע פויגל קליין און גרויס,
און זייערע פאַרשיידענע קאָלירן;
אויך וויים איך וועלכע אייער און וויפל אין צאָל
אַ פויגל — דער צי יענער — לייגט צומאָל...
איך וויים וואו יעדער פויגל האַלט זיך אויף צום בעסטן,
און ווען, מיין האַר, דו וועסט באַוויליקן דאָס לאַנד
זאָל איבערגיין צו מיר אין האַנט,
וועל איך די חיות לערנען ווי צו פלעכטן נעסטן״.
און אַלע זיינען דאָרט
געבליבן ווי געפּלעפטע אויפן אָרט!
דער פאָטער-לייב האָט דאָרט נאָר אָן אַ וואָרט
זיין אַלטן שטאָלצן קאָפּ געבויגן....
און אים איז קלאָר געוואָרן, שוין צו שפּעט,
ווי שלעכט עס איז זיין זון דערצויגן,
וואָס פאַר אַ פוסטע רייד ער האָט גערעדט...
ווייל פאַר אַ קיסר קודם-כל איז וויכטיק
זיין אייגן פאָלק צו קענען ריכטיק,
און זיך צו מיען נאָכאַנאַנד
צום וואוילזיין פון זיין פאָלק און לאַנד.

# וועלף און שעפסן

די שעפּסלעך פון פעלד
איז שוין פּשוט דאָס לעבן אויף דער וועלט
ניט איינגעגאַנגען...
די חוצפּה פון די וועלף איז אַזוי ווייט דערגאַנגען,
אַז די רעגירונג פון די חיות האָט לסוף
געמוזט שוין עפּעס אויפטאָן פאַר די שאָף.
און צוליב דעם האָט מען אין וואַלד אין טיפן
צונויפגערופן אַן אַסיפה.
אויף דער אַסיפה, אמת, האָבן וועלף געהאַט
דעם גרעסטן צד,
און זיינען אין אַ היפּשער מערהייט דאָרט געווען...
נאָר ניט אויף אַלע וועלף דאָך גייט אַ שלעכטער שם!
אָט האָבן מיר שוין אויך פיל מאָל געזען, —
און האָבן טאַקע ניט פאַרגעסן
די ביישפּילן וואָס האָבן דאָ פּאַסירט, —
אַז וועלף זיינען פאַרביי די סטאַדעס דורכגעגאַנגען,
און האָבן, זאַטערהייט, קיין שעפּסל ניט באַרירט!
וואָלט טאַקע דאָך געווען אַן עוולה צו פאַרלאַנגען,
אַז וועלף זאָלן אויף דער אַסיפה דאָרט
ניט האָבן גאָר קיין וואָרט!
געוויס, מען דאַרף די שאָף דורכאויס ניט שטיקן —
מען טאָר דאָך אָבער אויך די וועלף ניט אונטערדריקן!
הכלל — מען האָט זיך לאַנג געיישובט, לאַנג געטראַכט,
השערות כלערליי אַריינגעבראַכט,
ביז ענדלעך האָט מען אַ געזעץ דאָרט אָנגענומען,
און תיכּף דעם געזעץ אין וואַלד באַקאַנט געמאַכט:
„ווי נאָר אַ וואָלף וועט אין אַ סטאַדע קומען,
און וועט זיך דאָרטן מיט אַ שעפּס ניט שיין
באַגיין,

דאָס הייסט — ער וועט איר ווערדע און איר רעכט פאַרלעצן,
איז גאָר ניט אַכטנדיק זיין יחוס און זיין שטאַנד,
האָט דאַן די שעפּס אין האַנט
די פולע מאַכט פון די געזעצן,
דעם וואָלף צו כאַפּן פאַרן קאַרק, און אים מיט גוואַלד
אַוועקשלעפן צום משפט גלייך אין וואַלד.״
צו דעם געזעץ איז דאָ קיין וואָרט ניט צוגעגעבן
פון אָנהויב ביזן סוף...
נו — זאָגט מען, אַז די וועלף באַקומען יאָ אַ שטראָף, —
דאָך זעען מיר נאָך עד היום אין לעבן,
אַז ווער עס זאָל דער שולדיקער ניט זיין,
אַלץ שלעפן וועלף די שעפּסעלעך טאָג־אויס טאָג־איין
אין טיפן וואַלד אַריין.

# דער שוואַן, דער העכט און דער קרעפּס

ווען בײַ חברים אײניקײט פעלט אוים,
וועט שוין קײן גוטס פון זײער אויפטו ניט אַרויס,
נאָר ווערן וועט פון גאַנצן עסק
אַן אָפּקומעניש און חוזק.

---

דער שוואַן, דער קרעפּס צוזאַמען מיטן העכט פון טײַך
גענומען האָבן זיך צוזאַמען אַלע גלײַך
אַ וואָגן משא פירן.
זיך אײַנגעשפּאַנט דאָרט ריכטיק אַלע זאַלבעדריט,
מען שלעפּט, מען ציט —
דאָך קענען זײ דעם וואָגן דאָרט פון אָרט ניט רירן!
די משא וואָלט פאַר זײ גאָר אויך ניט שווער געווען,
נאָר וואָס, נאָר ווען!
דער שוואַן רײַסט דווקא זיך צום הימל פליען,
דער קרעפּס נעמט אויף צוריק זיך ציען,
און גאָר צום וואַסער שלעפּט דער העכט...
ווער שולדיק איז פון זײ, און ווער גערעכט —
דאָס קענען מיר ניט זאָגן, —
נאָר עד היום שטײט דאָרטן נאָך דער וואָגן.

# דער פוקס און דער קרעט

„—וואו לויפסטו דאָס, מיין טייערינקער, אַן אַ שמיץ!"
האָט אויפן פעלד דער קרעט געטראָפן
דעם פוקס, וואָס איז דאָרט אים אַנטקעגן אַנגעלאָפן.
„—וואָס ווייסטו—אָפּגעענטפערט האָט דער פוקס מיט היץ—
וואָס פאַר אַן אומגליק ס'איז אויף מיר געקומען!
און אַלץ איבער רכילות, איבער בייזע רייד!...
אַ בלבול אומפּאַרדינטערהייט,
אַז איך האָב שוחד גאָר גענומען!
כּאַבאַר, אומשטיינס געזאָגט,—
און מען האָט גלייך פון שטעלע מיך פּאַריאָגט.
דו ווייסט דאָך, כ'בין געווען אַן אויפזעער אויף הינער
געהאָרעוועט, געשמאַכט,
ניט עסן און ניט טרינקען, טאָג ווי נאַכט...
האָט מען פון כּעס און פון שנאה
דעם בלבול אויף מיר אויסגעטראַכט!
מען וואָלט דאָך אויף דער וועלט קיין צדיק ניט געפונען,
ווען מען וואָלט אַלעמענס רכילות אָנגענומען:
ווער קען דאָס ריין פון יענעמס מויל אַרויס?
איך! שוחד! בין איך גאָר משוגע שוין דורכאויס!
דו זאָג מיר טאַקע,—ווייל אויף ווער ווי אויף וועמען,
אויף דיר, מיין פריינט, פאַרלאָז איך זיך געוויס,—
זאָג, אדרבה, דאַרפסט זיך גאָר ניט שעמען,
האָסטו געזען מיך ווען עס איז,
אַז איך זאָל לאַפּקע נעמען?"
„—ניין, ניין,—געענטפערט האָט דער קרעט,
ווי אַלעמאָל אַ ביסעלע פאַרשלאָפן,—
כ'האָב, אמתדיק גערעדט,
דיך קיינמאָל ביי אַזאַ מין עוולה ניט געטראָפן..."

איך האָב אָבער ניט איינמאָל דיך אויף מיין באַזוך
געטראָפן מיט דיין פּיסקעלע אין פוך."

---

אַזוי־אַ האַלט זיך איינער אין באַקלאָגן,
אַז פאַר זיין אַרבעט קריגט ער גאָר קיין פּרוטה ניט,
אַז ער איז מאַט און מיד
פון האָרעווען און יענעמס יאָך צו טראָגן.
און דוכט זיך, ער איז אָנשטענדיק פאַר גאָט און לייט!
דערווייל, פּאַמעלינקע, האָט ער זיך אין דער זייט
אַ צוויי־דריי פיינע הייזער,
די טעכטער חתונה געמאַכט מיט היפּש נדן...
געוויס — ניטאָ אויף אים קיין אָפענע באַווייזן,
דאָך וועט אונדז גאָט פאַר אונדזער חשד ניט שמייסן,
אַז אויך ביי אים איז אויפן פּיסקל פוך פאַראַן.

# פ אָ ז ע

## די פליג און דער אָקס

אַ פליג, אַרומפליענדיק אויפן פעלד,
האָט אויף אַ האָרן ביי דעם אָקס זיך צוגעשטעלט
אַ ווײַלע אויסגלייכן אַ פיסל
און אָפּרוען אַ ביסל.
„— אויב דיר, ר' אָקס, איז שווער צו האַלטן מיך
אויף זיך,
באַדאַרפסטו זיך פאַר מיר ניט שעמען!
דו זאָג מיר נאָר, וועל איך אויף גיך
צוריק זיך אין מײַן וועג פאַרנעמען"...
„וואו ביסטו, פליג?" — האָט איר דער אָקס געטאָן אַ פרעג,
גוטמוטיק צושאָקלענדיק מיטן עק.

---

איך וויל אויך זאָגן, ניט מיט קיינעם זיך צו קריגן,
אַז אָט אַזוי־אַ ווערט מען אַ בעל־גאווה ביי די פליגן.

## דער אָדלער און די פייל

געצילט פון אַ געניטן יעגערס האַנט,
געטראָפן האָט אַ פייל פון בויגן
דעם אָדלער, וועלכער איז אין זונענלאַנד,
אַ פרייער, שטאָלץ אַרומגעפלויגן.
אויף טויט פאַרוואונדעט, האָט ער, פאַלנדיק, דערזען,
און ס׳איז אים קלאָר געוואָרן,
אַז מיט אַ פעדער זיינער, וואָס ער האָט פאַרלאָרן,
באַפליגלט איז די פייל געוועזן...
און מיט זיין לעצטן בליק צו די באַשטראַלטע הויכן,
האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ ביטערן געשריי:
„ווען ניט מיין פעדער, ווי איז מיר און ווי,
וואָלט דאָך די פייל מיך ניט געקענט דערגרייכן!...

## דער מוראדיקער לייב

א פוקס וואָס האָט צום ערשטן מאָל דעם לייב דערזען,
האָט זיך פאַר אים אַזוי דערשראָקן,
אַז ער איז, איידער וואָס און ווען,
פון מוראדיקן לייב אין פחד קוים אַנטלאָפן!
ווען ער האָט נאָכאַמאָל דעם לייב געטראָפן,
איז אים דער לייב שוין אַזוי שרעקלעך ניט געווען...
דעם דריטן מאָל — איז ער דער ערשטער צוגעקומען
און האָט זיך אין אַ שמועס מיטן לייב פאַרנומען...

---

א מעשהלע, וואָס גילט צו יעדער צייט:
מיר האָבן גוואַלדיקן רעספּעקט פאַר גרויסע לייט,
כל זמן זיי זיינען פון אונדז ווייט.

## דער פוקס און די מאַסקע

אַ פוקס דערזעענדיק אַ מאַסקע אויפן וועג
איז פּלוצלינג שטיין געבליבן, ווי אין שרעק;
ער האָט קיין מאַסקע קיינמאָל פריער ניט געטראָפן,
און האָט געמיינט — אַ טויטער קאָפּ ליגט אויף דער ערד.
נאָר באַלד האָט ער, אַ נייגעריקער, זיך פאַרקלערט —
צו וועמען האָט דער קאָפּ געהערט?
„דער מוח פּוסט, דער מויל איז אָפן",
האָט טראַכטנדיק דער פוקס געטאָן אַ זאָג:
„לויט די סימנים
איז דאָס, הפּנים,
דער קאָפּ פון אַן אָראַטאָר־דעמאַגאָג".

# זשאַן לאַפאָנטען

## דער האָז

אַ האָז האָט אויף זיין ביטער לעבן זיך פאַרטראַכט:
צו וואָס האָט מיך דער מזל אויף דער וועלט געבראַכט?
אַז שטענדיק בין איך נאָר אין פּחדים — טאָג ווי נאַכט...
איך שרעק זיך דאָך פאַר יעדער זאַך, פאַר יעדן ווינטל,
פאַר יעדן רויש פון בלאַט וואָס פאַלט אַראָפּ, —
און הויבט אָן בילן ערגעץ וואו אַ הינטל,
פאַרליר איך דאָך אינגאַנצן גאָר מיין קאָפּ!...
אַז נאָר איך ציטער,
און האָב ניט אויך קיין רו אַפילו ווען איך שלאָף...
ווי שווער עס זאָל ניט זיין מיין סוף,
איז אַלץ ניט אַזוי ביטער
ווי לעבן אָט אַזוי, אין שרעק טאָג־אויס, טאָג־איין...
אַזוי האָט ער באַשלאָסן,
און טאַקע באַלד צום וואַסער זיך געלאָזן,
אַריינצוואַרפן זיך אין טייך אַריין.
נאָר ווען ער איז אין זיינע פינצטערע געדאַנקען
גאַנץ נאָענט שוין צום וואַסער צוגעגאַנגען,
האָט ער דערזען ווי זשאַבעס אויפן ברעג דערביי, —
ווי נאָר זיי האָבן אים באַמערקט פון ווייטן, —
אַ לאָז געטאָן זיך האָבן מיט אַ קוואַקעריי
אין טייך אַריין פון אַלע זייטן...
„אַזוי?" — איז דאָ דער האָז געבליבן שטיין ביים ברעג —
עס קאָן נאָך, הייסט עס, געבן
אַז אויך פון מיר צעלויפט מען זיך אין שרעק!
נו, אויב אַזוי, איז שוין כדאַי צו לעבן".

# גאָטהאָלד אפרים לעסינג

## די מאַלפּע

אַ מאַלפּע אַ גאַנץ קליינע,
אַ גרויסע בריה אָבער אין איר פאַך, —
אין נאָכצומאַכן יעדער זאַך,
און נאָכצוקרימען יעדן איינעם, —
האָט פאַר דעם פוקס אין פעלד
גענומען זיך באַרימען:
„—ניטאָ גאָר אַזאַ חיה אויף דער וועלט
וואָס איך זאָל זי ניט קענען איבערקרימען!"
„— יע-יע, — געענטפערט האָט דער פוקס אויף גיך, —
ס'איז אָבער אויך דאָך אויף דער וועלט ניט צו געפינען
אַזאַ מין חיה, וועמען ליגן זאָל אין זינען
צו נעמען איבערקרימען דיך!"

# אַלט־סלאַווישער מאָטיוו

איז אַ נעפּל אויפֿן בלויען ים געפֿאַלן,
און אַ בייזער אומעט אויפֿן הייסן האַרץ;
ניט פֿאַרשווינדן וועט פֿון ים דער נעפּל,
און פֿון האַרץ וועט שוין דער אומעט ניט אַרויס.

ניט אַ שטערן שיינט דאָס אויפֿן ברייטן פֿעלד,
אויפֿן ברייטן פֿעלד אַ פֿייער ברענט,
און ביים פֿייער איז אַ טעפּעך אויסגעשפּרייט, —
אויפֿן טעפּעך ליגט אַ יונג אַ העלדישער.
מיט אַ טיכל דריקט ער צו זיין וואונד די טויטלעכע,
און האַלט־איין דאָס הייסע בלוט דאָס ברויזיקע.
לעבן אים דערביי — זיין גוטער פֿערד,
קלאַפּט מיט אַ קאָפּיטע, שלאָגט די פּייכטע ערד —
גלייך ווי זאָגן וואָלט ער צו דעם יונג געוואָלט:

„שטיי נאָר אויף, שטיי־אויף, מיין בראַווער העלד!
זאַטל, זאָטל אָן מיך, דיין געטרייען פֿערד,
ערלעך און געטריי וועל איך נאָך דינען דיר:
איך וועל ברענגען דיך צוריק אַהיים
צו דיין טאַטע־מאַמען צו די ליבלעכע,
צו דיין ווייב דער יונגער מיט די קינדערלעך"...

האָט דער יונגער העלד דאָ שווער אַ זיפֿץ געטאָן,
און זיין שטאַרקע ברוסט האָט זיך אַ הויב געטאָן,
האָט זיין האַנט די ווייסע זיך אַראָפּגערוקט,
און דאָס בלוט דאָס יונגע האָט אַ שטראָם געטאָן,
און צום פֿערד האָט ער זיך שטיל געווענדט:

„אוי, מיין פערד, מיין פערד, מיין גוטער פערד,
מיין געטרייער חבר שטענדיקער,
און אין דינסט צום קיסר מיין אַרויסהעלפער,
לאָז זיך איצט אַליין אַהיים צוריק,
גיב אַ גרוס מיינע טאַטע־מאַמע אָפּ
און די מיידלעך און די אייגענע;
און מיין יונגן ווייבל זאָלסטו אָנזאָגן,
אַז איך האָב גענומען שוין אַן אַנדער ווייב
און באַקומען אין נדן דאָס ברייטע פעלד;
אַז די שאַרפע שווערד האָט אונדז צונויפגעפירט,
און די פלינקע פייל אונדז שלאָפן איינגעלייגט״.

# אַלעקסאַנדער פּושקין

## עלעגיע

שפּאַציר איך ווען אין רויש פון גאַסן,
צי כ׳קום אין טעמפּל ווען אַריין,
צי מיט חברים יונגע שפּאַס איך —
איין רעיון שטענדיק פאַלט מיר איין.

איך זאָג: פאַרשווינדן וועלן יאָרן,
און אַלע מיר וואָס זיינען דאָ,
מיר וועלן זיין אין תהום פאַרלאָרן —
און נאָענט איז שוין איינעמס שעה.

און קוק איך אָן דעם דעמב פון ווייטן —
דערפיל איך, אַז דער ריז פון טאָל
וועט איבערלעבן מיינע צייטן,
ווי מיינע עלטערנס אַמאָל.

און צערטל איך אַ קינד אַ ליבן —
שוין טראַכט איך: זיי געזונט, מיין קינד,
איך לאָז פאַר דיר מיין פּלאַץ דאָ איבער —
דו קומסט ערשט אָן, און איך — פאַרשווינד.

און אין די שעהן, וואָס צערינען
אין טאָג אין יעדן וואָס פאַרגייט,
וואָלט איך בלויז וועלן אויסגעפינען
די קומענדיקע שעה פון טויט.

און וואו נאָך איז מיין סוף באַהאַלטן? —
אין שלאַכט, אין ים, צי אין געצעלט?
צי אויפנעמען מיין גוף דעם קאַלטן
וועט גאָר דאָס שכנותדיקע פעלד?...

געוויס, דעם קאַלטן גוף צו ליגן
איז גאָר קיין אונטערשייד ניט וואו...
דאָך וואָלט זיך אַלץ מיר וועלן קריגן
אַרום דער היים מיין לעצטע רו.

און שפּילן זאָל ביים קבר מיינעם
דאָס יונגע לעבן ליכטיק, פריי;
און די נאַטור אין שיינקייט שיינען
זאָל אייביק, אייביק אויף דאָס ניי.

# אַלעקסיי קאָלצאָוו

## כמאַרעס

כמאַרעס גרויזאַמע,
כמאַרעס שרעקלעכע,
ברייט צעציען זיך,
און צעשפּרייטן זיך.

קרעפּטן פינצטערע
ברויזן, פּלאַקערן;
וועלטן שטורעמען,
וועלטן ברעכן זיך...

און די מענטשנס בלוט
גיסט זיך טייכנווייז,
גיסט זיך טייכנווייז,
אָן אַן אויפהער גאַר...

קערפּערס מעכטיקע,
ווימער קרעפטיקע,
און פאַרשניטענע,
יונג געפאַלענע.

ניט אַ הויך געוויין
פון פאַריתומטע
טראָגט זיך איבער פעלד,
איבער טויטן פעלד!

ניט אַ וואָלקן שוואַרץ
דעקט דעם הימל צו —
קראָען מחנותווייז
שוואַרצע טראָגן זיך...

מיט אַ ווילד געשריי,
קראַקען, רופן זיי:
ס׳איז אַ מאַלצייט גרייט
גאָר אַ גוואַלדיקער!...

אויף די העלדן, וויי,
די געפאַלענע
וואַרטן מוטערס נאָך,
ווייב און קינדערלעך...

אוי, ווי שווער עס איז
אוי ווי ביטער איז
פון דער שיינער וועלט
יונג אַוועקצוגיין!...

נאָר ניט בעסער איז
די פאַרבליבענע,
די פאַראומערטע
און פאַריתומטע.

שווער צו טרייסטן זיך,
צו פאַרגעסן זיך,
און אַ לעבן לאַנג
שטענדיק טרויערן.

אוי, ניט בעסער איז
די פאַרבליבענע
די פאַראומערטע
און פאַרפינצטערטע.

נאָר די העלע זון
שיינט ווי אַלע מאָל,
שיינט ווי אַלע מאָל —
אָן אַן אונטערשייד.

ברענגט פֿאַר אַלעמען
שיין און וואַרעמקייט,
גנעדיק שמייכלט זי
יעדע גרעזעלע.

ס'איז אַזוי פֿיל גליק
אויף דער וועלט פֿאַראַן —
און אַזוי פֿיל פֿרייד
דאָ פֿאַר אַלעמען.

קוקט, עס שפּילן זיך
קליינע קינדערלעך,
קליינע קינדערלעך
גאָר אומשולדיקע.

זעט, עס זיצן דאָרט
מוטערס גליקלעכע —
זעט, ווי שיין עס איז,
און ווי ליב עס איז.

און אין גרינעם וואַלד,
ווי די פֿויגעלעך,
טוליען סודען זיך
פּאָרלעך יונגיקע.

אויף די פעלדער קוקט,
אויף די בליענדע! —
וויפל שפע פרייד,
וויפל ליכטיקייט!

איז דען ווייניק אָרט
אויף דער גרויסער וועלט, —
שיינט דען ניט די זון
גלייך פאַר אַלעמען?

איז דאָס לעבן דען
צופיל לאַנג פאַר אונדז, —
ווען דער טויט צו אונדז, —
דען פאַרשפּעטיקן?...

כמאַרעס גרויזאַמע,
כמאַרעס בלוטיקע,
ברייט צעציען זיך
און צעשפּרייטן זיך.

קרעפּטן פינצטערע
ברויזן, פלאַקערן,
וועלטן שטורעמען,
וועלטן ברעכן זיך.

# ניקאָליי נעקראַסאָוו

## דלות

פֿאַר זיין ווייבל נאָך דער חופּה
האָט דער מאַן געצייגט זיין הויז:
זעסט — אַ שטעלכל, גאָר אַ גוטע...
נאָר אַ בהמהלע פֿעלט אוים.

ניט קיין קישן, ניט קיין בעטל,
אָבער גלאַט זיינען די ברעטער!
און אין שטעלכל דאָ דערביי —
אַנשטאָט קעלבער, קעצלעך דריי.

אויבסט אין גאָרטן אויך דאָ היי־יאָר:
ציבעלע און כריין אַ קעפּל;
קופּער אויך — אַן אַלטער דרייער
און אַן אָפּגעריבן קנעפּל.

# די מאַמע

אין גרויסן פּחד פון דעם קריג,
ביי יעדן מענטש וואָס פאַלט אין פעלד —
כ'באַדויער ניט זיין פרוי, זיין פריינד,
כ'באַדויער ניט אַליין דעם העלד.

איך ווייס, ס'וועט טרייסטן זיך די פרוי,
דער בעסטער פריינד וועט לאַנג ניט בענקען —
נאָר איין נשמה אויף דער וועלט
וועט ביז דעם קבר אים געדענקען.

אין אונדזער וואַכעדיקער וועלט,
אין לעבן, קויטיקן און שווערן —
האָב איך איין איינציק מאָל באַמערקט
נאָר הייליקע און ריינע טרערן:

דאָס איז אַ מוטערס שטילע טרער.
פאַרגעסן איז איר זייער שווער
איר ליבן קינד וואָס פאַלט אין קריג.
דער בוים ניט אויפהויבן וועט מער
זיין אָפּגעהאַקטן צווייג צוריק...

# פיאָדאָר סאָלאָגוב

## טויט

אַ טויט! כ׳בין דיינער. כ׳זע אַלץ שטענדיק
בלויז דיך אַליין. איך האַס די בלענדונג,
איך האַס דעם כישוף פון דער ערד.
פרעמד זיינען מיר דעם מענטשנס פריידן.
די שטרייטן, הענדלערישע ליידן,
און שטויב דער טומל איז מיר שווער.
דיין שוועסטערס אומגערעכטע הערשאַפט, —
דאָס קליינלעך לעבן פול מיט קנעכטשאַפט, —
האָב איך פאַרשטויסן לאַנג מיט שפּאָט!
ניט איך, אַ סודות אַנגעהויכטער
פון שיינקייט דיינער ניט דערגרייכטער,
ניט איך וועל פאַלן צו איר טראָט!
ניט איך וועל גיין צום רייכן מאַלצייט,
וואָס מאַכט מיר מיט זיין פּלאַם פון שטאָלצקייט
די דרימלדיקע אויגן שווער...
די אויגן, וואָס אויף זיי געפאַלן,
פיל דורכזיכטיקער פון קריסטאַלן,
איז שוין דיין קאַלטע, קאַלטע טרער.

## ווען דאָס לעבן

ווען דאָס לעבן ווערט שווער, אומדערטרעגלעך פֿאַר מיר,
אין דער וויסטעניש גיי איך צו טראַכטן פֿון דיר!
וועגן דיר צו דערציילן דעם נאַכטיקן ווינט,
און דעם אָפּקלאַנג פֿון וואַלד, וואָס לויפֿט־אָן און פֿאַרשווינדט.

איך וואָלט שיקן נאָך דיר, נאָר איך וויים ניט דיין אָרט;
דיך גערופֿן וואָלט איך, נאָר איך וויים ניט דאָס וואָרט;
כ׳וואָלט געגאַנגען צו דיר, נאָר איך וויים ניט דעם וועג,
און ווען כ׳וויים — וואָלט דאָך אויך מיך גענומען אַ שרעק...

און אָט דאָ איז דערווייל אַזוי איינזאַם מיין טראָט,
איך פֿאַרגעס גאָר די וועלט, און איך וואַרט אויף דעם סוד...
ס׳וועט דער טויט זיך אַ שטומער צעקושן מיט מיר,
און מיט שטילקייט באַוועבט מיך דערפֿירן צו דיר.

## דער נדר

ווען איך בין אויפן ים געשוואומען,
און באַלד געזונקען האָט מיין שיף —
האָב איך צום טייוול געטאָן תפילה:
העלף, ראַטעווע מיך פון דער טיף!

דערלאָז ניט אַז מיין פינצטער לעבן
זאָל אומקומען אין האַלבן וועג...
איך שווער — נאָר דיר בלויז אָפּצוגעבן
דעם רעשט פון מיינע שוואַרצע טעג.

און מיר געהאָלפן האָט דער טייוול,
ער האָט פאַרנומען מיין געבעט:
אַ וואָרף געטאָן מיר באַלד צוויי רודערס,
אַ גרויען זעגל און אַ ברעט.

און כ'האָב צוריק אויף דער יבשה,
צוריק צום לעבנס בייזער מאַכט
מיין אָפּגעשטויסענע נשמה
און מיין פאַרזינדיקט לייב געבראַכט.

און איך היט-אָפּ, מיין פאָטער טייוול,
דעם נדר פון דער שווערער צייט,
ווען איך בין אויפן ים געשוואומען
און דו האָסט מיך פון תהום באַפרייט.

דיך, פאָטער טייוול, וועל איך לויבן —
צו שאַנד די אומגערעכטע טעג!
איך וועל דאָס רשעות נאָר דערהויבן,
און גיין מיט לעסטערונג מיין וועג.

# האָב מיך ליב

האָב מיך ליב מיט דער פרייד פון פרימאָגנדיקער זון,
צעשפרייטנדיק ליכטיקע שמייכלען אַרום;
לעב־אויף מיט דיין ליבשאַפט, באַלויכט מיט דיין שיין,
און שטיל לעש זיך אויס אין דעם אָוונט אַריין.

האָב מיך ליב אין דער שטילער און לויטערער פּראַכט
פון געהיימער לבנה, וואָס שמייכלט פאַרטראַכט!
מיט סוד און מיט ציטער באַצויבער מיין וועג,
און שווים שטילערהייט אין דער בלויקייט אַוועק.

האָב מיך ליב מיט דעם אימפּעט פון באַרגיקן שטראָם,
באַניייט יעדער רגע אין טיפקייט פון תהום...
מיט ליכטיקן אויפברויז דערפריש און דערפריי,
און פאַרשפּיל מיט גערויש דעם פאַרבאַרגענעם וויי.

## די אַמפּאָרע

אין אַן אַמפּאָרע העל באַמאָלן
טראָגט שטיל דעם ווײַן אַ שקלאַף פאַרטראַכט;
דער וועג איז טונקל אין די טאָלן,
און אויפן הימל איז שוין נאַכט.

און אין דער טונקלקייט אַנטקעגן
דרינגט אָנגעשטרענגט זײַן בליק אַרײַן,
אַז אויפן ברוסט אים פון די ברעגן
זאָל ניט פאַרגיסן זיך דער ווײַן.

אַזוי־אָ טראָג איך, פול רעיונות
מײַן כּוס מיט לײַדן ביזן ברעג!
דער בייזער סם פון די זכרונות
קוים דרימלט דאָרטן אויפן דעק.

איך טראָג דורך זײַטיק־שטילע וועגן
דעם בייזן כּוס, אַז אומבאַוואוסט
זאָל עמעצער וואָס קומט אַנטקעגן,
אים ניט פאַרגיסן אויף מײַן ברוסט.

# אַ הונט אין דער נאַכט

הויך פון אויבן די לבנה
שיינט און שיינט!
אויפן הויף זיך אויסגעמאַטערט
האָב איך היינט.

פוסט און שטיל אין גאַס, די הייזער
בלינד און שטום, —
אַלץ אַזוי ווי אויסגעשטאָרבן
איז אַרום!

און די חברטעם — קיין איינע
גיט אַ ביל!
עפּעס שרעקט מיך, שרעקט און וועקט מיך
אין דער שטיל.

און פון אויבן די לבנה
קלאָר און קאַלט...
ניין, איך קען ניט... זיך צעוואַיען
וועל איך באַלד.

שאַ! איך הער דאָרט פון דער ווייטן,
דוכט זיך — טריט
שמעק איך אָן די ערד — ווער גייט דאָס?
קיינער ניט.

קיינער קומט ניט... ניט קיין שונא,
ניט קיין פריינד, —
נאָר אָן אויפהער די לבנה
שיינט און שיינט...

און איך ציטער... כ׳קען שוין מער ניט
זיין אַליין!
ריים איך אויף די נאַכט די שטומע
מיט געוויין.

# קאָנסטאַנטין באַלמאָנט

## דער שוואַן

שלאָפט דאָס טייכעלע, דאָס וואַסער רירט זיך ניט,
דאָרט נאָר, וואו די הויכע גראָזן דרימלען איין,
הערט זיך עמעצנס אַ ליד אַ טרויעריקס,
ווי דער לעצטער זיפץ פון פיין.

זינגען זינגט עס דאָרט אַ שוואַן אַ שטאַרבנדער,
מיט זיין עבר טענהט ער זיך אויס...
און דעם אָוונט, אויפן הימל ברענענדיק,
פלאַקערט-אויף און לעשט זיך אויס.

אוי, אויף וואָס באַקלאָגט ער זיך דאָס אַזוי טרויעריק,
אַז דאָס הארץ גייט אויס פון זיין געזאַנג?
נאָר אַזוי ווי ער וואָלט וועלן אומקערן
אַלץ וואָס איז פאַרשוואונדן לאַנג.

און דעם צער פון אַלץ וואָס איז פאַרגאַנגען שוין
האָט ער אין זיין ליד צונויפגעשפינט,
ווי מחילה בעטן ביי זיין ליבן טייכעלע
וואָלט דער ווייסער שוואַן אַצינד.

און ווען שטערן האָבן הויך געצונדן זיך
און דער נעפּל אין דער וויט האָט גרוי געבויט זיין שלאָס,
האָט דער שוואַן געזונגען טרויעריקער, שטילער אַלץ —
און געסודעט האָט זיך שטיל דאָס גראָז!

נאָר געזונגען האָט ער שוין אַ שטאַרבנדער,
און זיין ליד איז טרויעריק אַזוי געווען,
ווייל ער האָט אין שעה פון טויט, דעם אַל-פאַרגעבנדן,
גאָר צום ערשטן מאָל דעם אמת ערשט דערזען.

# אַנאַ אַכמאַטאָוואַ

## נאָך די פרעסט

נאָך די פרעסט און ווינטער לעבן פייער
איז דאָ אַזוי ליב צו זיצן מיר;
נאָר כ'האָב ניט געקאָנט מיין הארץ פארהיטן —
צוגעגנבעט האָט מען עס ביי מיר.

אַזוי פרעכטיק איז דער ניי־יאָר־יום־טוב,
אַלע רויזן־שטענגלעך זיינען פייכט;
נאָר איך הער שוין ניט, ווי ס'פלאַטערן אין הארצן
זומער גרילן אַזוי לייכט.

אַך! דעם גנב איז ניט שווער צו טרעפן,
איך האָב גלייך דערקענט אים נאָך זיין בליק.
נאָר איך שרעק זיך, אַז ער וועט אין גיכן
אומקערן אַליין זיין רויב צוריק.

# הלוואַי

הלוואי וואָלט איך נאָך זינגען לידלעך דאָרפיש־ווילד,
און דו — אויף דיין האַרמאָניק וואָלסט מיר הייזעריק געשפּילט

און געאַרעמט גייענדיק צום האָבער־פעלד אַראָפּ
פאַרלאָרן וואָלט איך דאָרט אַ סטעזשקע פון דעם שטייפן צאָפּ.

הלוואי וואָלט איך מיט ליבשאַפט איינגעוויגט דיין קינד,
און דו וואָלסט מיר אַ האַלבן רובל פאַרן טאָג פאַרדינט.

און אויפן בית עולם גיין אין די הזכרה־טעג,
און קוקן אויף גאָטס ווייסע, שטילע בלימעלעך ביים וועג.

# יעווגעני יעווטושענקאָ

## באַבי־יאַר

אויף באַבי־יאַר איז קיין מצבות ניט פֿאַראַן.
דאָס פֿלאַץ אַליין, אַ באַרג־אַראָפּ, איז ווי מצבהדיק...
עס נעמט מיך אָן אַן אימה... איך בין היינט אַלט
אַזויפֿיל יאָרן, ווי דאָס יידישע פֿאָלק אַליין.

מיר דוכט זיך איצט — איך בין אַ ייד:
אָט שפּאַן איך אום אין אַלט־מצרים,
און אָט געקרייציקט, קום איך אויפֿן צלם אום.
און האָב נאָר אויך ביז היינט די צייכנס פֿון די נעגל.

מיר דוכט זיך, דרייפֿוס — דאָס בין איך!
דער פּראָסטער עולם איז מיין מסור און מיין ריכטער,
איך בין אַהינטער קראַטעס,
אַריינגעכאַפּט אין רינג,
פֿאַריאָגט,
פֿאַרשפּייט,
און ליגנעריש באַרעדט, —
און ווייבלעך אין פֿיינע שפּיצן, מיט געלעכטער
פֿאַרמעסטן מיט די שירעמס זיך אין פּנים מיר.

מיר דוכט — איך בין דער ביאַליסטאָקער יינגל,
עס פֿליסט זיין בלוט, צערינט זיך איבערן גאַנצן הויז!
עס בושעווען די אָנפֿירער, די שענקער און שיכורים,
וואָס פֿון זיי שפּירט זיך ציבעלע און בראָנפֿן.
איך — פֿאַרשליידערט מיט אַ שטיוול, מאַכטלאָז,
בעט רחמים זיך ביי די פּאָגראָמשטשיקעס,
אין זייער הירזשערייי:
„שלאָג יידן — ראַטעווע רוסלאַנד!"

מיין רוסיש פֿאָלק! איך ווייס,
אַז אַלע פֿעלקער זיינען גלייך ביי דיר!
נאָר אָפּטמאָל האָבן די, וואָס האָבן הענט ניט־ריינע
געבראָזגעט מיט דיין ריינסטן נאָמען!
ווי נידערטרעכטיק איז, וואָס יידן־האַסער
גערופֿן האָבן זיך הרחבהדיק —
„פֿאַרבאַנד פֿון רוסיש פֿאָלק!"

מיר דוכט זיך — איך בין אַנאַ פֿראַנק,
אַ דורכזיכטיקע ווי אַ צווייגעלע אין פֿרילינג...
און כ׳בין פֿאַרליבט,
איך דאַרף קיין ווערטער ניט;
איך דאַרף —
מיר זאָלן איינע אין די אַנדערע אַריינקוקן.
ווי ווייניק קען מען זען, באַנעמען!
מיר טאָרן ניט קיין בלעטער,
מיר טאָרן ניט קיין הימל,
מיר מעגן זיך אַרומנעמען אין טונקעלן צימער.
מען גייט אַהער?
ניט שרעק זיך, ס׳איז דאָס גערויש פֿון פֿרילינג זעלבסט,
דער פֿרילינג גייט אַהער.
קום־צו צו מיר,
גיב שנעל מיר דיינע ליפּן.
מען ברעכט די טיר?
ניין, ניין — דאָס קראַכט דער אייז נאָר אויפֿן טייך.

אין באבי־יאר רוישן ווילדע גראזן,
די בזימער קוקן גרויזאם —
ריכטעריש!
אלץ שרייט דא שווייגנדיקערהייט,
איך נעם אראפ דעם הוט, און פיל
אז לאנגזאם־לאנגזאם ווער איך גרוי.
און איך אליין — דורכאויס א שטימלאזיק געשריי
איבער די טויזנטס טויזנטער באגראבענע...
איך בין יעדעם קינד דערשאסן דא...

איך — בין יעדער זקן וואס איז דא געוועזן דערשאסן,
עס וועט קיין זאך אין מיר דאס נים פארגעסן!
דער „אינטערנאציאנאל" זאל אפהילכן,
ווען ס'וועט אויף אייביק פון דער ערד פארשווינדן
דער לעצטער יידן־האסער.

איך האב קיין יידיש בלוט אין זיך קיין טראפן,
נאר מיט מיין האס און איינגעהארטעוועטן צארן
בין איך פאר אלע יידן־האסער ווי א ייד!
און דערפאר —
בין איך אן עכטער רוס.

# די שטאָט אין פרימאָרגן

אַלץ ווי פריער,
אַלץ ווי פריער דאָ אין שטאָט:
קראָמען,
פאַבריקן,
שניידערייען,
פעט־געוואָרענע טויבן, אויפגעבלאָזענע,
טומלדיקע ייִנגלעך אויף רעדלעך,
און דער מאָסקווער באַזונדער־ברייטער לשון,
און הענדלערינס פון הויז צו הויז,
דאָס שטענדיקע געוויש,
און בראַזגעריי,
פון קעסטלעך דראָטענע מיט קעפיר, —
אַלץ ווי פריער;
אַלץ, ווי פריער דאָ אין שטאָט, —
און דאָך
איז עפּעס ניי,
סיי אין שטילקייט און סיי אין רייד,
און עפּעס גרויסע ענדערונגען
אין שטאָט דאָ קומען־פאָר.
גאַנץ פרי
צום וואָקזאַל זיך וועלנדיק דערקלייבן,
קריך איך אין טראַמוויי אַריין
מיט אַ ניט־דערקייטן ביסן,
און עפּעס ניי און אַנטשיידן דערזע איך
אין סטודענט אונטער אָנגעשטרענגטע ברילן:
פאַרבער,
דאָקטוירים,
און שלאָסערס איינגעשמירטע

ווי פריער פאָלגן־נאָך די ארבעט
אויף זייער פּלאַץ,
נאָר, האַלטנדיק זיך פאַר די שווארצע
פּלאַסטיק־הענטלעך,
גאָר אויף אַן אנדער אופן,
שמועסן ווי נאָענטע.
אין דעם ווי מען אַמפּערט זיך עקשנותדיק
איבער דער צייטונג,
אין דעם ווי צוגעדריקט זיך מיטן שטערן
האָט אַ שילערין צום גלאָז,
באַגרייף איך,
אַז עפּעס־וואָס איז שוין דורכאויס פאַרענדיקט,
עפּעס־וואָס נײַ און גרויס דערשיינט.
איך באַמערק —
מענטשן זיינען געוואָרן אָפנהערציקער,
מענטשן זיינען געוואָרן הארטער, שטרענגער,
צו נידערטרעכטיקייט און פאַלשקייט.
געוואָרן זיינען מענטשן איראָנישער
און זיכערער,
מער גוט
און מער אויפמערקזאַם ווי פריער.
איך שטים ניט איין מיט די וואָס רופן דאָס —
„אַ מילדער טאָג פון ווינטער”.
ס'איז פאַרט דאָך פרילינג —
זאָל זיין אַ זייער שווערער.
און ניט אומזיסט פאַלט איצטער אַ בהלה
אויף די וואָס זיינען געוואוינט צו חניפה
און פּחדנות.

די שטאָט געדענקט די „שוואַרצע קראָען״ *)
געדענקט די אונטערזוכונגען,
פאַרשונגען,
און די אַרעסטן.
פאָלגט־נאָך נאָר איצטער די געשפּרעכן:
מען רעדט גאָר פריילינגדיק!
עס יאָגט דער ווינט,
און אין בלעטער יונגע אויפרוישנדיק,
דאָס מיסט, וואָס האַלט זיך אָפּ, איבער טראָטואַרן.
די שטאָט פילט אַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט
פאַר דער צוקונפט.
ניט אומזיסט געדענקט די שטאָט איר עבר.
די שטאָט דאָ — צווייפלט ניט אין זיך.
זי וועט ניט דערלאָזן — שאָטנס טונקעלע
אויפשטיין זאָלן תחית־המתים פון דאָס ניי.
אין איר וועט זיין אומשטערבלעך
דער גוט־געדענקטער זיבנצטער,
און קיינמאָל וועט ניט זיין אין איר
דער זיבן־און־דרייסיקסטער.

*) „שוואַרצע קראָען״ — מיינט די שוואַרצע אויטאָמאָבילן פון דער געהיים־פּאָליציי, אין וועלכע מען פלעגט פירן אַרעסטירטע.

## מען זאָגט מיר — כ'בין שלעכט

מען זאָגט מיר, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ:
„וואָלטסט באַדאַרפט נאָך ווערן בעסער...
ביסט גאָר עפּעס אַ שלעכטער".
כ'בין גוט געווען,
ניט לאַנג האָט דאָס געדויערט.
דאָס לעבן האָט געבראָכן מיך
געגעבן אין די ציין.
איך האָב געלעבט ווי אַ נאַריש הינטל.
אָנגעשלאָגן —
פלעג איך פון דאָס ניי די באַק דאָרט אונטערשטעלן.
דעם ווײַדל פון גוטמוטיקייט
האָב איך, כּדי צו ווערן שלעכט,
אַליין מיט איינמאָל אָפּגעהאַקט!
איך וועל אייך באַלד דערציילן וועגן שלעכטסקייט.
ווען פּאַר אַן עולם מורמלט מען:
„לאָזט־אָפּ! איר זייט אַ יונגער, בעסער שרייבט —
און אין געשלעג צו קריכן איילט זיך ניט דערווייל".
נאָר איך, צום טייוול, לאָז ניט אָפּ:
זיין שלעכט צו פאַלשקייט — איז גוטסקייט!
איך בין אַ קאָמוניסט לויט מיין וועזן.
באַפעלט מיר קאָמוניזם — זיין שלעכט
און נאָך מער שלעכט
צו דעם וואָס שטייט נאָר אים אין וועג,
און פון די עצות ווער איך ניט צעטומלט.
און ס'איז ניטאָ אין מיר די פריערדיקע מורא,
און — ס'איז אינטערעסאַנט צו לעבן
ווען דו ביסט אַ שלעכטער.

# ווילִיאַם שעקספּיר

## סאָנעט

ניט לענגער קלאָג נאָך מיר, נאָך מיינע טעג,
ווי ביז ס'וועט אָנזאָגן דער גלאָקן-קלאַנג,
אַז איך בין פון דער בייזער וועלט אַוועק,
מיט ווערעם ערגערע צו בלייבן לאַנג...
און ווען דו לייענען דער פערז — ניט טראַכט
פון דעם וואָס שרייבט אים: כ'האָב דיך ליב אַזוי
אַז כ'וויל ניט בלייבן גאָר אין דיין געדאַכט
אויב טראַכטן וועגן מיר וועט טאָן דיר וויי...
און ווען דו, זאָג איך, לייענען דאָס ליד,
ווען איך וועל אויסגעמישט שוין זיין מיט ערד,
דערמאָן אפילו גאָר מיין נאָמען ניט —
זאָל דיין געפיל מיט מיר צוזאַמען זיין צעשטערט.
ווייל צוליב מיר וועט נאָך די וועלט דיין פיין
בייז אויסלאַכן, ווען איך וועל שוין ניט זיין.

# ראָבערט פראָסט

## דאָס שפּריצל שניי

דאָס שפּריצל שניי,
וואָס אַ קליין פייגעלע האָט מיט אַ ריר
פון אַ פאַרשנייטן בוים אַראָפּגעשאַרט אויף מיר,
האָט מיין געמיט דערהויבן און אויפגעלעבט דער טאָג פאַר מיר:
מיר איז געוואָרן ליב
דער טאָג, וואָס איז געווען מיר איבעריק און טריב...

## פייער און אייז

מען זאָגט — די וועלט וועט קומען צו אַן ענד דורך פייער,
און אַנדערע גאָר זאָגן, אַז דורך אייז...
פון מיינע ליידנשאַפטן האָב איך אַ באַווייז,
אַז איך דאַרף זיין מיט די, וואָס האַלטן מער פון פייער...
נאָר אויב עס וואָלט געווען באַשערט,
אַז צוויי מאָל חרוב ווערן זאָל די ערד,
קען איך אין זיך געפינען אויך אייז גענוג און שנאה
צו זאָגן, אַז אויך דורך אייז און קעלט
קען אומקומען די וועלט.

# עדווין מאַרקהאַם

## דער מאַן מיט דעם רידל

געבויגן אונטער לאַסט פון די יאָרהונדערטער
קוקט ער אַראָפּ, אַן אָנגעלענטער אויף זיין רידל;
די ליידיקייט פון דורות אויף זיין פּנים,
און אויף זיין רוקן איז די משא פון דער וועלט.
ווער האָט דעם שוואונג און יאוש אָפּגעטויט אין אים,
געמאַכט אים פאַר אַ זאַך וואָס זאָרגט ניט און וואָס האָפט ניט,

פאַרנאַרישט און באַטויבט — אַ ברודער צו דעם אָקס?
ווער האָט דעם מויל דעם שטאַרקן אים צונויפגעפּרעסט?
און וועמענס האַנט האָט אויסגעקרימט זיין ברעם?
און וועמענס אָטעם האָט דאָס ליכט פון מאַרך אַרויסגעבלאָזן?

איז ער דאָס דער, וואָס גאָט האָט אים באַשאַפן
און אים די הערשאַפט איבער ים און לאַנד געגעבן,
די שטערן נאָכצופאָרשן און אין הימל קראַפט צו זוכן,
די ליידן פון אומענדלעכקייט צו פילן?
איז ער דער טרוים פון דעם וואָס האָט געפורעמט זונען
און זייער וועג באַשטימט אין דער אוראַלטער טיפקייט?
אין אַלע היילן ביז דעם לעצטן תהום פון גיהנום
איז ניט פאַראַן קיין שווידערלעכערע געשטאַלט —
מיט מערער בענקעניש נאָך אַ נשמה
מיט מערער אויסדרוק פון סכנה פאַר דעם וועלט.

# טשאַרלס קינגסלי

## אויף אַלץ אַ צייט

וועז יונג איז די וועלט, מיין זון,
און גרין איז יעדער בוים,
וועז יעדע גאַנדז איז דיר אַ שוואַן,
און יעדע פרוי — אַ טרוים,
דאַן לאָז זיך אין דער וועלט אַוועק,
פאַרנעם זיך ערגעץ ווייט,
ווייל יוגנט מוז דאָך גיין איר וועג
און יעדער האָט זיין צייט.

וועז אַלט ווערט דיר די וועלט, מיין זון,
און ברוין איז יעדער בוים,
וועז אַלץ זעט אויס שוין אָפּגעוועלקט, —
דאָס רעדל דרייט זיך קוים,
גיי שטיל אַהיים, און קריג דיין אָרט
מיט אַנדערע באַטריבטע...
גיב גאָט — אַ פּנים טרעפן דאָרט,
וואָס דו האָסט ווען געליבט.

# אַלפרעד טעניסאָן

## דאָס בלימעלע

דו בלימעלע, דו קליין,
אַרויסגעשפּראָצט פון וואַנט,
אין שפּאַלט פון שטיין!
איך האַלט דיך אין דער האַנט,
איך קוק אויף דיר,
אויף דיינע וואָרצלען, און
אויף אַלץ אין דיר...
נאָר ווען איך וואָלט פאַרשטיין,
וואָס ביסטו בלימעלע,
דו קליין,
וואָלט איך פאַרשטאַנען
אויך דעם סוד
פון מענטש און גאָט...

# היינריך היינע



האָסט דו פּיל — ווערט דיר דער מזל
אויך אויף ווייטער נאָך מער געבן,
האָסט דו ווייניק — וועט דאָס ביסל
צונעמען ביי דיר דאָס לעבן.

האָסט דו גאָרניט, לומפּ, איז בעסער
אַז דו זאָלסט זיך שוין באַגראָבן:
ווייל אויף קריגן רעכט צום לעבן
מוז מען דאָך כאָטש עפּעס האָבן.

# פיער בעראַנזשע

## אַ שכורס צוואה

אין דעם שענק וואו איך פלעג טרינקען.
מיך באַערדיקן זאָלט איר;
לעבן פולער פאַס מיט בראַנפן
גראָבט דעם קבר אויס פאַר מיר.

ליגן זאָל איך אויסגעצויגן
אַנגעשפּאַרט די פיס אָן וואַנט,
און אַ בעכער ווײַן אַ גרויסן
געבן זאָלט איר מיר אין האַנט.

קלינגען זאָלן ניט קיין גלעקער
ווען איך וועל באַערדיקט זײַן,
נאָר מיט בעכערס זאָלט איר קלינגען
און פאַרגיסן מיך מיט ווײַן.

קריצט ניט אויס אויף מײַן מצבה,
צי כ׳בין אַלט געווען, צי יונג.
בלויז שרײַבט אָן מיט גרויסע ווערטער:
„ער האָט ליב געהאַט דעם טרונק״.

# האַפּיז

*   *
*

דו, אַ בוך פון חכמה נעמסטו, —
און דעם בעכער נעמט האָפּיז;
דו ביסט פול דורכאַוים מיט מעלות
און חסרונות האָט האָפּיז.

דו אין שווערער קנעכטשאַפט לעבסטו
פיל-געדולדיק ווי אַ שעפס, —
ווי אַ לייב וואָס איז געפאַנגען
זיינע קייטן רייסט האָפּיז.

דו — די צוהערער נאָר שפּייזסטו
מיט דיין מוסרדיקן וואָרט, —
אומזיניקע צו דעם אומזין
רופט אין גרויסער פרייד האָפּיז.

שווערדן טויטנדיקע שמידסטו
פאַר ניט-גלויביקע אַ שטראָף, —
זיינע פערזן ווי פון גינגאָלד
ריין און קלאָר שמידט אויס האָפּיז.

ציסט זיך צו דעם קלאָרן הימל
ווי אַ שווערער שוואַרצער רויך, —
פרייד און פרישקייט פון אַ באַרג-שטראָם
אין די טאָלן טראָגט האַפּיז.

נאָך איין זאַך וועל איך דיר זאָגן,
אייביקער דו אָרעמאַן!
ביטערניש פאַר יעדן ברענגסטו —
אָבער זיסקייט גיט האַפּיז.

אַז אַלץ פון אייביק אַזוי מוז זיין —
וואָס קאָן איך העלפן?
באַשערט איז מיר צו ליבן וויין, —
וואָס קאָן איך העלפן?

דעם פויגל — דער הימל, די וויסטעניש — דעם לייב,
דער שענק — האַפּיזן.
פון אויבן איז באַשטימט אַזוי זאָל זיין,
וואָס קאָן איך העלפן?